# בראשית

„דער זיג“ איז מאיר ריספּלערס בראשית

די געשעענישן קוואלן ארויס פון יידישן שטעטל און גיסן זיך אריין אין שטורמישן שטראָם פון אונדזער יאָרהונדערט.

די צווייטע אויסגאבע פון „דער זיג“ מערקט אָפּ דעם יובל פונעם בן־שבעים.

משה לאקס שרייבט אין עסיי „דאָס שטעטל אין דער יידישער ליטעראַטור“:

— „א גרויס אָרט פארנעמט די שילדערונג פונעם שטעטל אין מאיר ריספּלערס צוויי ביכער „דער זיג“ און „שטראלן אין שטורעם“. ריספּלערס שטעטל־שילדערונגען האָבן א סך אויטאָביאָגראפיש מאטעריאל און זיי זענען א וויכטיקער צושטייער צו די אנדערע שטעטל־שילדערונגען, וואָס מיר פארמאָגן אין דער יידישער ליטעראטור“.

וויאזוי וועט אונדזער יידיש שטעטל איבערלעבן די קלעפּ פון די רוצחישע הענט, מיט וועלכע די צייט האָט אונדז געבענטשט?

איז דער הויפּטפּארשוין, משהלע, בארופן אָפּצוראַטעווען דאָס געמוטשעטע לעבן פון קליינעם שטעטל?

וועלן נישט די קאטאסטראָפישע כוואליעס פארפלייצן דאָס שטעטל מיט הכל־בכל, מיט קינד און קייט?

משהלע, — א חדר־יינגל, דערנאָך א ישיבה־בחורל, וואקסט אויף אין דער למדנישער אטמאָספער פון קלויז, וואָס שארפט זיין מוחל און וועקט אין אים גריבלערישע שאלות און טענות — שאלות און טענות, וואָס וואקסן אריבער די ד׳ אמות פון קלויז...

א בהלה ברעכט אויס... די גלאָקן קלינגען, מע פויקט צונויף די איינוויי־נער: ס'איז מלחמה...

— „אז פאַרברענט און פאַרשרפעט זאָלן ווערן די דאָזיקע, וועלכע נעמען צו די מענער פון זייערע ווייבער און די טאַטעס פון זייערע קינדער!" — האָט זיך צעשריגן א יידענע...

משהלעס טאַטע ווערט אינטערנירט אין א לאַגער פאַר אויסלענדער. די מאַמע בלייבט צוריק מיט פינף קינדער.

א שווערע צייט הויבט זיך אָן, פול מיט ניסיונות.

חלוקי־דעותן שלאָגן זיך אין מוחל פון משהלען: פון איין זייט זעט ער סאָלי־דאַרישע באַהעפטונג און פאַרברידערונג, פון דער אַנדערער זייט פילט ער אויף דער אייגענער הויט דאָס בושעווען פון קאַניבאַלישער שנאה און אויפגעהעצטן ראַסיזם.

וויאַזוי קאָן מען זיך ראַטעווען?

איבער די וואָלקנס, הויך איבערן שטעטל, באַווייזט זיך דראָענדיק דער דייטשער „צעפעלין" און אין די איינגעהויקערטע שטיבלעך האָט זיך אריינגע־כאַפּט דער טיפוס און אַנדערע חולאתן און נויטן.

מלחמה, סאָלדאַטן שלעפּן זיך, מאַרשירן מיט געזאַנג, וואָס ווערט אויך פאַר־הילכן דעם זכר פון זייער פאַרשווונדענעם געביין.

ווי א גיפטיקע שפּיל שפּרייט אויס די מלחמה איר געוועב איבעראַל און דערשטיקט יעדן פרייען אָטעם...

— אָבער ס'קאָכט אין די טיפענישן. ס'באַווייזן זיך סימנים פון אויפברויז. שמועונען, משהלעס נאָענטן פריינט איז געלונגען, זיך אַרויסצורייסן פון די זשאַנ־דאַרמישע לאַפּעס. נאָר משהלע איז געכאַפּט געוואָרן אין דער לענטקע.

מאַמעס געוואַלדעוועז, בונטעווען זיך, מע פאַרזעצט דאָס ביסל אָרעמקייט פאַר אויסלייז־געלט, דאָס קינד זאָל באַפרייט ווערן.

ווילהעלמס רויבערישע אַרמייען האָבן פאַרכאַפּט דריי פערטל פונעם לאַנד, מען איז פאַר זיי אַנטלאָפן אין דער וועלט אריין אין די דערפער און אין די שטע־טלעך פון צפון־לאַנד, עס האָבן זיך צעטיילט און פאַרלוירן קינדער פון עלטערן, מענער פון פרויען.

עס יאָגן זיך די קאַטאַסטראָפעס, עס מערן זיך די חורבות... נאָר דער שטו־רעם פון פייער קאָן נישט דערשטיקן די כוחות פון פרייהייט, וואָס לעכצן נאָך שלום...

פאַרשיידן זענען די וועגן פון לעבן, נאָר צומאָל, ווען די זון פאַר־גייט און די לבנה קריכט ארויס פון איר באַהעלטעניש, אַנטפּלעקן זיך סודות...

עס ווערט ליכטיק אין דער נשמה, משהלע באַקענט זיך מיט דער שוואַר־צהנעווודיקער מערי אויף דעם וועג, וואָס פירט ארויס פון שטעטל... פריער אָדער שפּעטער טרעפט זיך אַ מעשה, אַז מען צעשיידט זיך פּונקט אויף דעם זעלבן וועג, ווי מען האָט זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט.

*

*      *

א שטראַל פון האָפענונג
דער צאַריזם צעפאַלט זיך.
דער אָנהויב פונעם סוף.
א נייע וועלט ווערט געבוירן.

משהלע לאָזט זיך ארויס אין דער גראָמער וועלט אריין — אין אַ שטאָט, נישט ווייט פון זיין שטעטל...

די שטאָט איז איבערפולט מיט סאָלדאַטן און פליכטלינגע. עס קאָכט און עס זידט.

משהלע ווערט אריינגעצויגן אין דער אַטמאָספער פון זוכן און טראַכטן. נאָך און אויסבליק, נאָך און אויסוועג...

מען מיידט די ליכטיקע שיין, מען גראָבט אונטערערדיש און מען טרעט מיט די פיס אויף אַלע גזרות.

פון די טיפענישן, ממעמקים, שאַלט ארויס דער רוף:

— סאָלדאַטן, אַרבעטער, פויערים, קעמפט פאַר שלום און קעגן מלחמה, פאַר דער גליקלעכער צוקונפט פון דער גאַנצער מענטשהייט ! ...

עס פאַלן קרבנות. דער צאָרן וואַקסט שטאַרקער פונעם צער. מען רופט צונויף פאַרזאַמלונגען. מען באַשליסט שטרייקן.

„דער פארמעסט איז צווישן ליכט און פינצטערניש, צווישן פרייהייט און קנעכטשאפט.“

— „מיר ווילן שלום און ברויט! מיר ווילן ערד!“

*
* *

משהלע ראנגלט זיך מיט הונגער און נויט. בלאָנקעט ארום אָן ארבעט, אָן א דאך איבערן קאָפּ. עס שפּירן אים נאָך שווארצע שפּינען, זיינע פריינט האָט מען ארעסטירט.

משהלע איז צוריק אינדעהיים, אין קליינעם שטעטל.

אין שטעטל הערשט דער אלטער סדר.

ווער ס'ע ארבעט, ארבעט שווער.

ווער סע שפּעקולירט, פארברענגט די צייט אין קאפע־הייזל, מאכט א קערטל, מע טרינקט א שפּריץ, מע פארבייסט מיט געבראָטענע לעבערלעך, מיט אייעלעך...

משהלע געפינט זיך נישט קיין אָרט. זיינע פריינט זענען אנטלאָפן, אָדער פארשפּארט. ער פילט זיך א פרעמדער צווישן אייגענע, כאפּט ער זיך אריין צום פויער טעאַדאָר, אָדער צום סטאָליער אנטשל. ביי זיי פילט ער זיך היימישער.

*
* *

די רעאקציע פון דער גאנצער וועלט שטיצט מיט אלע מיטלען די ווילדע ווייסגווארדיישע בעסטיעס, וואָס ברענען, פּלינדערן, רויבן, שטעכן און שעכטן.

די קעמפערישע כוחות פון די באעוולטע און אונטערדריקטע פארטייטיקן די אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

אין רומעניע האָט זיך די לאגע אויפן פּאָליטישן און עקאנאָמישן געביט שטארק געביטן נאָך דער מלחמה. ס'האָבן זיך געיאווועט קלענערע און גרעסערע אונטערנעמונגען, געשעפטן און בענק.

רייזענדערס יאָגן זיך אויף די באַנען.
מעקלערס דרייען זיך איבער די גאַסן.
מע האַנדלט און וואַנדלט. סע האָט אָנגעהויבן צו פּידלען אין שטעטל.
נאָר די אָרעמקייט בלייבט ביים אַלטן דלות.
מע בעט אויף באָרג אין אַן אָרעמער קלייט א האַלבן הערינג, 100 גראַם צוקער, א האַלבע קילאָ קוילן... דער באַקאַלייניק איז אָרעמער פון די קונים.
ס׳איז א מאַראַטאָן־געלויף נאָך א שטיקל פּרנסה.

*
* *

נאָך פיר יאָר זיצן פאַרשפּאַרט אין אינטערנירטן לאַגער, איז משהלעס פּאָטער אהיים געקומען. די קינדער זענען אַרויסגעוואַקסן פון די אַלטע מנהגים.
מע זוכט נייע וועגן, צווישן אָבות און בנים שאַפט זיך א טיפער תהום, ווי צווישן פרומע און אַפּיקורסים.

*
* *

אין דעם מצב פון קאָרופּציע, גנבה און גזלה וואַקסט אויס דער טעראָר פון דער רעגירונג, וואָס דערשטיקט, ווי ווייט זי קאָן נאָר, יעדן שפּור פון פּראָטעסט מיט אַרעסטן און פּייניקונגען.
אָבער דער סדר העולם האָט אָנגעהויבן זיך צו וואַקלען.
— „די צייט איז געוואָרן צייטיק״.
די צוגרייטונגען צום גענעראַל־שטרייק רודערן אויף דאָס גאַנצע לאַנד.
דער וועג פון קאַמף איז דער איינציקער וועג, ווען סע לויפט דער שטורעם מיט אָנגעלאָדענער צוקונפט...

*
* *

דער המשך פון ערשטן באַנד „דער זיג״, איז דער צווייטער באַנד פון מאיר ריספּלער „שטראַלן אין שטורעם״, וואָס אַנטוויקלט ברייטער די פּאַנאָראַמע פון די

געשעעניש, באַרייכערט די פערסאָנאַזשן און פאַרטיפט די אַטמאָספער און דעם פייזאַזש פון דער צייט צווישן ביידע וועלט־מלחמות.

מאיר ריספלער איז דער אייציקער פון אונדזערע יידישע שרייבער, וואָס האָט אַרומגענומען אַזאַ גרויסן צייט־אָפּשניט פון יידישן לעבן אין רומעניע.

„שטראַלן אין שטורעם" פאַרהאַלטן זיך ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה.

דער שטורעם איז אויסגעבראָכן. אַ קאַטאַסטראָפע פאַרכאַפּט די וועלט.

אַ וועק־רוף צום מענטשלעכן באַוווסטזיין איז דאָס בוך „מיט אָפענע אויגן".

אַן אויסגעשריי פון אַפּאָקאַליפּטישן מאַרטיריום פון די פוילישע יידן אין די צייטן פון אומקום און גבורה.

*
* *

אויך „בראשית" האָט אַן עבר.

נאָכן אויגוסט 1944 איז מאיר ריספלער אַ פלאַמיקער בויער און פאַרש־פרייטער פון יידישער ליטעראַטור און רומעניע.

אין דעם דערהויבענעם בנין פון הונדערט יאָר יידישע ליטעראַטור אין רומעניע איז מאיר ריספלער אַ מאַנער, אַן אָנזאָגער פון המשך צו העכערע שטאַפּלען און אויפשטייג.

איזאַ שאַפּירא

# קאפּיטל I

צווישן בארג און טאָל, נישט ווייט פון וועלדער, אין דער מיט פון שפּעדיקע פעלדער — האָט זיך אויסגעשפּרייט דאָס שטעטל פּ.

פון מזרח-זייט האָט זיך געשלענגלט א שטראָז, וואָס האָט זיך געצויגן העט ווייט אין וואלד אריין און איז דאָרט פארשוווּנדן געוואָרן צווישן די שטאָלצע ביימער, וואָס האָבן געמאכט חנדלען דער זון, שאָקלענדיק זיך אהין און אהער, דאנקענדיק איר פארן גרויסן חסד, וואָס זי האָט געטאָן פאר זיי, שיקנדיק אירע שטראלן, וואָס האָבן זיי אויפגעלעבט פון זייער צייטווייליקן, ווינטערדיקן שלאָף. פונעם טיפן וואלד האָט זיך געהערט, ווען און ווען, א קראָ. דאָרט איז אומגעפאלן א בוים אונטער די קלעפּ פון די העק, וואָס די פּויערים האָבן אים דערלאנגט. דאָס ווידער-קול, וואָס האָט אָפּגעהילכט צווישן די ביימער, האָט אָנגעזאָגט דעם אומקום זייערן, וואָס וועט נישט לאנג פארשפּעטיקן.

פון יענער זייט וואלד, האָט זיך געצויגן דער שליאך איבער דערפער, וועלדלעך, וואסערלעך, ביז גאָר ווייט, ביז צו די בערג און וועלדער, ווו מענטשן פלעגן זוכן נייע וועגן.

פון מערב-זייט, בארג אראָפּ, איז געשטאנען דאָס באָד. פון דאָרט ביז נאָענט צום סערעט זענען געווען אָנגעוואָרפן שטיבלעך, באראקעס, ווו די אומגעהייערע מאסן צינצארעס, פלעגן פארשפּרייטן אלערליי קרענק, איבערהויפּט פיבער. די איינוווינער פון דער געגנט, האָבן נישט נאָר איינמאָל געפילט דעם טעם פון די בייזע וואסערן, וואָס האָבן פארפלייצט זייער אָרעם באלעבאטישקייט.

אינעם שטעטל, האָט אויך געוווינט אן עדה יידן: באַלמעלאָכעס, באַלעגאָלעס, העקערס, שוסטערס, שניידערס, קיזשנערס, רימערס, זייגער־מאכערס, וואסערפירערס, סטאָליערס, קלעזמער, שוחטים, סוחרים, סוח־רימלער, באנקירן, ארענדאטאָרס. ס׳זענען אויך געווען שולן, א רבי און א רב, גבאים, שמשים, א הקדש, א באָד און א בית-עולם.

אין רבינס הויף איז געשטאנען א שיינער בנין מיט א סך חדרים, א טייל פון דער געביידע אין פאָרם פון א „ח“. אין קלויז, וואָס איז גע־ווען אויסגעמאָלן און באצירט מיט פארשיידענע „מזלות און חיות“ אויף א פרימיטיוון אופן, האָט געוווינט א „יושב“, וואָס איז געקומען פון רוסלאנד. קיינער האָט נישט געוווסט, וואָס ס׳האָט אים געבראכט אהער, ער זאָל אָפּזיצן זיינע לעצטע פּאָר יאָר איינער אליין, צווישן די פיר ווענט אין דער קלויז, און קוקן אין די קליינינקע אותיות, געפינענדיק אין זיי אן אָנהאלט אין לעבן.

משהלע — א יונג בחורל, וואָס איז געזעסן אין קלויז און געלערנט מיט גרויס התלהבות דעם שיעור גמרא, וועלכן ער האָט געדארפט קענען אויסנווייניק, ביז זיין פאָטער, וועלכער איז געווען אין דינסט ביים רבין, וועט צוריק קומען פונעם שליחות איבערן לאנד, וועגן „מעמדות“ — פלעגט זייער אָפט זיך ווענדן צו אליעזר באַלטערן, אזוי האָט מען גערופן דעם „יושב“, א ייד מיט א ווייס-גרויער באָרד, וואָס זיין פנים האָט זיך צעשטראַלט, דעמלט, ווען ער האָט געטראָפן א פסוק, א רעיון, א געדאנק, וואָס האָט אים פארשאפט א נחת-רוח און אים אוועקגעפירט אין די הויכע ספערן.

דאָס יינגל גייט צו מיט דרך-ארץ צום גרייז און זאָגט:

— ר׳אליעזר, האָט קיין פאריבל נישט, ס׳איז מיר דאָ עפעס קשה. און ווייזט אים אין דער אויפגעעפנטער גמרא, די שורה וו ס׳הייבט זיך אָן די סוגיא.

— אנו, לאָמיר זען, רופט זיך אָן דער אלטער. ער אראנזשירט זיך דעם דאשעק פון קארטאָן אויף וועלכן ס׳זענען דערשינען בלויע, געדרוקטע אותיות: „ראפינעריע און צוקער-פאבריק, ראָמאן“. דאָס דאָזיקע טאָוועלע, וואָס האָט געמאכט א מחיצה צווישן זיין ברייטן שטערן און קאפעליוטש, האָט געהאט די אויפגאבע צו פארשטעלן די הייסע זונען-שטראלן, וואָס האָבן דערקוטשעט זיינע געמוטשעטע אויגן. דער אלטיטשקער מאכט זיך צורעכט די ברילן און הויבט אָן אריינקוקן אין דער גמראָ. משהלע באַמערקט, אז דעם אלטן קומט אָן זייער שווער צו זען די אותיות, וואָס

האָבן א פּנים געהאט ביי אים, ווי איין טונקלער אויסגאָס. דער זקן האָט זיך אָבער נישט געלאָזט, און ענדלעך משהלע ארויסגעהאָלפן פון זיין גמרא-פּלאָנטער.

משהלע איז געווען זייער צופרידן און האָט זיך ווייטער געזעצט לערנען. בשעתן לערנען איז אים ארויפגעקומען אויפן רעיון: היתכן? וויאזוי קאָן אזא מענטש ווי ר'אליעזר, — וואָס האָט אזויפיל דורכגעמאכט אין זיין לעבן און אזויפיל געליטן: שלאָפן אויף א הוילער באנק, אומגיין א סך מאָל מיט 38 גראד היץ, מיט א שוואכער ראיה, אָן א שטיקל פרייד אין לעבן, — האָבן אזויפיל בטחון?

פאר משהלען שטייט נאָך לעבעדיק דאָס בילד, ווען מען האָט געבראכט אין קלויז אריין דעם אלטן, אן אויסגעמאטערטן, מיט א צעבראָכענעם פּוס. ער דערמאָנט זיך, ווי דער אלטיטשקער פלעגט גיין מערערע מאָל צום שטאָט-עושר „פּיליפ". פּיליפ האָט אים אָבער אָפּגעזאָגט און אים נישט געגעבן דעם „תיקון". אים אָפּגעלייגט אויף אן אנדערטמאָל. ר'אליעזר פלעגט זאָגן, אז ביי אים וועט ער נישט פּועלן, ער וועט נישט פּטור ווערן פון אים, דער כלב, וועט סוף-כל-סוף געבן דעם יי"ש. ער וועט גיין צו אים אין א מארק-טאָג, דעמלט וועט דער כל-בוניק, מורא האָבנדיק, אז די שפּע זאָל זיך נישט אָפּטון פון אים, וועט סוף-כל-סוף, דערלאנגען די פלאש מיט בראָנפן. עס שטייט נאָך פאר משהלען לעבעדיק דאָס בילד: א מארק פול מיט פּויערים, מיט פערד און וועגעלעך, מיט אָקסן, מיט בעטלער, מיט קאליקעס, וואָס בעטן מיט יאָמערלעכע קולות, מען זאָל זיך אויף זיי מרחם זיין און זיי שענקען א נדבה, ארויסווייזנדיק זייערע אָפּגעהאקטע אברים, וואָס זענען אמאָל געווען הענט, פיס. צווישן דעם הו-הא, צווישן דעם טאראראם, גייט דער זקן צו דעם פּאסקודניאק, וואָס האָט אים אזויפיל מאָל אָפּגעלייגט, נאָכן „תיקון", דעמלט איז אדורך א וואָגן פון איין זייט און א צווייטער פון דער אנדערער זייט און צווישן זיי ר' אליעזר. ער איז אנידערגעפאלן און אויף זיינע פיס איז ארויף א וואָגן אָנגעלאָדן מיט זעק תבואה...

משהלע קוקט מיט ליבשאפט און מיט רחמנות אויף דעם זקן, מיט דעם קארטאָנענעם דאשעק, צווישן דעם אלטן סאמעטענעם קאפּעליוטש און זיין פארקנייטשטן שטערן, אויף וועלכן ס'שטייט אויפגעשריבן „ראפינעריע און צוקער-פאבריק ראָמאן".

ראָמאן, דאָס איז די שטאָט, וו דער אלטער האָט באקומען א מתנה א פּאָר קוליעס פונעם דאָרטיקן יידישן שפּיטאָל.

ס'פליט משהלען אדורך פאר די אויגן זיין ערשטע רייזע, וואָס ער האָט געמאכט צוזאמען מיטן אלטן, פאַרנדיק מיט אים אויף א דראָשקע קיין ראָמאן אין שפיטאָל אריין. עס דערשיינען די רחבותדיקע פעלדער פוןביידע זייטן שליאך, און ער אָטעמט איין די לופט פול מיט בשמים, כמעט פארשיכורט צו ווערן. ס'האָט זיך אים געגלוסט צו דרימלען, ער האָט זיך אָבער אָפּגעהאלטן מיט אלע כוחות, ווייל ער האָט געוואָלט אלץ זען. מחמת ער איז געווען ווי צוגעקאָוועט צו דער קלויז, וווהין ער איז געקומען טאָג איין טאָג אויס, דאווגען און דער עיקר לערנען. דער קוטשער, א ייד א דארער, וואָס פלעגט זיך קלאָגן אויף די קריזשעס, האָט געהאלטן אין איין שעלטן די פריצים, וויפל מאָל ער איז דורכגעפאָרן א שיינעם גאָרטן, וואָס האָט ארומגערינגלט א פריציש הויז. — וואָסזשע מיינט איר, פלעגט ער זאָגן, אז דאָס אלץ איז געוואקסן אויף זייער מיסט? דאָס איז די פויערימס בלוט און שוויס, א רוח אין אלע פריצים און אין זייערע טאַטעס טאַטן אריין! מיר זענען נישט ווייט פון ראָמאן, האָט דער קוטשער מודיע געווען, מיר וועלן זיך אָבער אָפּשטעלן ביי ניקאָלייעס קרעטשמע, אָנפּאָיען די פערד און אליין וועל איך אויך נעמען א כוסע און איר ועט, מן-הסתם, מנחה דאווענען... אנדערש וועט מען אייך חלילה נישט אריינעמען אין שפיטאָל אריין... האָט ער געזאָגט מיט א איראָניש שמייכעלע.

ר' אליעזר, האָט אויף גאנצן וועג כמעט געשוויגן, צי מחמת די גרויסע ווייטיקן, צי מחמת ער איז געווען פארטיפט אין געדאנקען און אפשר איז ער אויך געווען אזוי פארשיכורט ווי משהלע פון דעם גרויסן „בשוף-מאכער" וואָס הייסט פרילינג. ער האָט פון צייט צו צייט אויסגע-רופן זיין געוויינלעכן אויסגעשריי: אבי געלעבט! אבי געלעבט!, וואָס ער פלעגט אויסרופן מיט אזויפיל שמחה און באגייסטערונג, בשעת ער איז געווען פארטיפט אין זיין למוד.

באָטש משהלע איז געווען פול מיט פחד, איידער ער איז צום ער-שטן מאָל ארויסגעפאָרן פון זיין שטעטל: — ער האָט מורא געהאט פאר די פויערים, מען האָט אים אזוי איינגערעדט, אז מען דארף מורא האָבן פאר זיי, מחמת זיי זענען נישט קיין יידן, — מיט דעם אלעמען איז ער געפאָרן מיט זיין טייערן ר' אליעזר. דערזעענדיק פון דער ווייטנס עטלע-כע פויערים, וואָס זענען געגאנגען אויף די סטעזשקעס צווישן דעם שטראָז און פעלד, האָט אים אָנגעהויבן צו קלאפּן דאָס הארץ, מורא געהאט, אז אָט שטעלן זיי אָפּ די דראָשקע און ציפּן אוים צום ערשטן

דעם אלטנס באָרד. און דערנאָך... מי יודע וואָס ס'קאָן געשען? דאָס יונגל האָט זיין שוואך גופל צוגעטוליעט צום אלטן און געזאָגט:

— ר' אליעזר, כ'האָב אזוי מורא פאר זיי! — דער אלטער, מיט זיין גוטמוטיקן שמייכל און מיט זיין ליבלעך און פארזאָרגט פנים, האָט זיך אויסגעדרייט צום יונגל און געזאָגט:

— שרעק דיך נישט! נישט פאר די דאָזיקע דארפסטו מורא האָבן. איך האָב אין מיין לעבן א סך מאָל באגעגנט פויערים, זיי זענען אמייסטן אָרעמע, דערשלאָגענע, אָבער לייטישע מענטשן. זיי ליידן אויך. זיי זענען אומגליקלעכע.

משהלע איז א ביסל רויקער געוואָרן, די שרעק איז אָבער פון אים נישט אָפּגעטראָטן. די דראָשקע איז אלץ נענטער געקומען צום ראנד, ווו די פויערים שפּאנען. משהלע קוקט מיט אומגעדולד און מיט שרעק... ער וואָלט שוין געוואָלט דורכפאָרן די עטלעכע איילן, וואָס האָבן אים אויס-געוויזן ווי מיילן. אָט זענען זיי שוין טאקע איינס קעגן ס'אנדערע. די אויגן ווערן אים גרעסער און ער קוקט גלייך צו זיי. ער נעמט אראָפּ פון זיי די אויגן און ווענדט זיי צום קוטשער, צו ר' אליעזר און ווידער צו זיי און זעט, ווי אלע שווארצע קאפּעליושן באגריסן מיט גרויס דרך-ארץ ר' אליעזרן. ר' אליעזר ענטפערט זיי. העפלעך, צולייגנדיק די האנט צו זיין אלטן סאמעטענעם קאפּעליוש, אונטער וועלכן מ'האָט ארויסגעזען א טונקל-בלויע יארמעלקע.

משהלעס הארץ איז געקומען אויפן פּלאץ. די מורא האָט זיך אָפּ-געטון פון אים. אין זיין מוח האָבן זיך געבאָמבלט פארשיידענע מחשבות: וואָסזשע הייסט דאָס? די מעשיות, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט אין די זומער-אויפדערנאכטן אונטער דער שיין פון דער לבנה, די מעשיות וואָס זיין חבר האָט אים דערציילט, וואָס יידישע קינדער האָבן זיך אָנגעליטן, ווען זיי זענען אריינגעפאלן אין נישט יידישע הענט, זענען נישט אמת? אפשר זענען נאָר די עטלעכע פויערים לייטישע מענטשן, און די איבע-ריקע נישט? און א סך אזעלכע אנדערע פאסירונגען, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט זענען דורכגעפלויגן דורך זיין צעהיצט קעפּל און האָבן אים נישט געלאָזט רוען. ער דערזעט פונדערווייטנס נאָך עטלעכע גרופּעס פויערים, וואָס גייען זיך גאנץ בניחותא. דאָס הארץ הייבט אים ווידער אָן צו קלאַפּן אלץ גיכער, ער טוליעט זיך ווידער צו, צו דעם אלטיטשקן, דאָס מאָל נישט ארויסריידנדיק קיין וואָרט. ר' אליעזר האָט געגלעט דעם קינדס קעפּל און צומאָל אים געגעבן א קניפּ אין בעקל.

— וואָס איז מיט דיר משהלע? כ'פיל אז דו ביסט ווידער אומרויק.

— כ'זע דאָרטן, צווישן די ביימער, וואָס וואקסןביים ראנד פונעם וועג, פויערים מיט העק, קאָסעס און לאָפּעטעס אויף די אקסלען און כ'דערמאָן זיך אין די מעשיות וואָס כ'האָב מיך אָנגעהערט אין די בין־השמשותן. כ'בין פול מיט שרעק.

— שרעק דיך נישט, מאכט דער אלטיטשקער, ס'וועט גאָרנישט זיין, בארויק דיך!

דער קוטשער האָט געגעבן א שמיץ די פערדלעך, זיך צוגעזינגען א „דווינע" אויסגעמישט מיט עפּעס א חסידישן ניגון. די פערדלעך זענען געלאָפן, דאָס ווינטל האָט געגלעט משהלעס פּנימל און האָט צעבלאָזן דעם אלטנס באָרד. די פערדלעך האָבן אָנגעהויבן גיין לאנגזאמער, ווייל דער שטראָז, האָט זיך אלץ געהויבן העכער און העכער, דער וואָגן איז גע־גאנגען אלץ פּאמעלעכער און משהלעס הארץ אלץ גיכער. די פויערים זענען געקומען, וואָס א מאָל נענטער. ווען זיי האָבן באגעגנט דעם וואָגן, האָבן זיי, מיט דרך־ארץ באגריסט דעם זקן.

# קאפיטל II

אין שטעטל איז גראָ, שווערע וואָלקנס האָבן זיך אראָפּגעלאָזט. משהלעס פאָטער, גייט ארום פארקלערט, פארזאָרגט. זיין דאר פּנים, אויף וועלכן ס'האָבן זיך געזען בלויע אָדערן, ווערן ווי אָנגעבלאָזענער. ער שטייט לעבן דעם שיפלאָד פונעם קאמאָד און מאכט דאָרט אָרדענונג. פון צייט צו צייט הערט זיך א זיפץ, וואָס גייט ארויס פון די טיפענישן. ער ווענדט צו זיינע פינף קינדערלעך, — וואָס שטייען ארום אים, — זיינע צערטלעכע און רחמנותפולע בליקן — ווי אײנער רעדט, אויף וועמען לאָזן איך אייך איבער? משהלע, גייט צו נאָענט און טוט אים א פרעג:

— טאטע. פארוואָס ביסטו היינט אזוי טרויעריק?

דער פאָטער, גיט אים א גלעט איבערן בעקל, ענטפערנדיק:

— קינד מיינס, שווערע צייטן קומען אויף דער וועלט. ס'ברעכט אויס א מלחמה, איך גרייט מיך צו, איך דארף איבער א טאָג אָדער צוויי אוועק פון דאנען, מ'וועט מיך אינטערנירן אין א לאגער.

בשעת דער פאָטער האָט גערעדט מיט זיין זונדעלע, האָבן פּלוצעם די קירכן-גלאָקן אָנגעהויבן קלינגען: גלין, גלין, גלין, גלין, גלאָן! די שרעק האָט זיך פארשפרייט איבערן צימער, און אלע אָנוועזנדע זענען געבליבן אָן לשון. זייערע אויגן און פּנימער האָבן ארויסגעוויזן אזויפיל פּחד, ווי פאר א וועלט-אונטערגאנג.

ס'האָט לאנג נישט געדויערט, און די לאָקאָמאָטיוון האָבן אויך צו וויסן געטאָן וועגן דעם צאָרן, וואָס גיסט זיך אויס אויף דער וועלט.

נאָך א שעה צייט, האָט די מלוכה-פּויק אין די הענט פון אן אלטן סערזשאנט מיט א ווייסער באָרד, זיך געלאָזט הערן, מעלדנדיק דעם מל-

חמת-אויסברוך, און אין איין וועגס, אז די פרעמדע זאָלן זיך מעלדן צו דער זשאַנדאַרמעריע.

אין שטוב איז געוואָרן א הו-האַ! די מאַמע איז געווען אויסער זיך. זי האָט אָבער נישט פאַרלוירן איר גלייכגעוויכט. איר איז געווען קלאָר, אז פון איצט אָן און ווייטער וועט זי מוזן — א חוץ קאָכן, וואַשן, פּאַ-רעכטן, באַקן, שערן די קינדערלעך, נייען און פאַרשיידענע אַנדערע הויז-אַרבעטן, — אויך זאָרגן וועגן פּרנסה. די אויגן אירע זענען געווען פול מיט טרערן, די מינעס פון איר פּנים האָבן ווי געזאָגט: קינדערלעך מ'דאַרף זיך נישט אנטמוטיקן, כדי צו קענען איבערטראָגן די אַלע אָנשיקענישן.

— זייַ אַזוי גוט, רופט זיך אָן דער טאַטע צום עלטערן זון, מענדל, און דערלאַנג מיר דאָס רענצל, כ'זאָל דאָרט אַריינלייגן די וועש און די אַנדערע חפצים, וואָס כ'דאַרף מיטנעמען אין וועג אַריין.

מענדל ברענגט דאָס אַלטע רענצל און העלפט דעם פאָטער איינפּאַקן.

— מאַמע, פרעגט משהלע, וווהין שיקט מען דעם טאַטן?

— כ'זאָל אַזוי וויסן פון זייַ! ענטפערט די מוטער, צוגרייטנדיק עפּעס עסן פאַרן מאַן און פאַר די קינדער.

דעם אַנדערן טאָג, איידער דער טאַטע איז זיך געגאַנגען מעלדן צו דער זשאַנדאַרמעריע, האָט ער די קינדער אָנגעזאָגט, אז זיי זאָלן זיך אָפּהיטן און נישט לויפן זען דאָס מיליטער, וואָס וועט באַלד אָנהויבן מאַרשירן, מחמת ס'איז א גרויסע סכנה! די שונאים קאָנען אויסטראַכטן ווער ווייסט וואָס פאַר א בלבולים...

ער האָט אַרויסגענומען פונעם טייסטער 120 פראַנק און געזאָגט: דאָס איז מייַן פאַרמעגן. ט'האָסטו חנהלע 80 פראַנק. כ'האָב גערעדט מיטן רבין, ער האָט מיר צוגעזאָגט, אז ער וועט דיר העלפן.

— זייט געזונט קינדער — האָט דער פאָטער אָנגעהויבן זיך צו גע-זעגענען. פאָלגט די מאַמע! איך פאָר אַוועק, און גאָט ווייסט, ווען כ'וועל צוריק קומען! זייט לייטישע קינדער און לערנט. גאָט זאָל זיך מרחם זיין אויף אונדז און אויפן כלל ישראל... טרערן, האָבן זיך געגאָסן פון זיינע אויגן. ער האָט אַרומגעכאַפּט איטלעכס קינד באַזונדער, האָט זיי געטו-ליעט צו זיך און זיי געקושט. און האָט זיך געלאָזט צו דער טיר, געקושט די מזוזה, אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און געזאָגט:

— גאָטעניו, נאָר דו אַליין קאָנסט מיך, מיט מייַן בני-בית באַשיצן.

די שכנים פון אַרום זענען שוין לאַנג געשטאַנען אויף די גאַניקעס און געוואַרט זיך צו געזעגענען מיט די, וואָס פאָרן אַוועק, אהין, וווּ קיי-

נער ווייסט נישט ווו. די פּאַנפּאַטשקע, א יידענע, א פּשוטע, וואָס האָט געשמט אין שטעטל אלס גרויסע בריה, איז ארוים מיט א דרויענדיקער האנט, וואָס איז געווען פול מיט ליים, מחמת זי האָט נאָר וואָס געהאלטן אין שמירן דאָס שטיבל. איר שמאָל פּיסקל איז נאָך שמעלער געוואָרן. די ביר-אויגן זענען איר אויסגעוואקסן, דאָס פּנים איז געווען פול מיט שנאה. זי האָט זיך צעשריגן:

— אז פארברענט און פארשרפעט זאָלן ווערן די דאָזיקע וועלכע נעמען צו די מענער פון זייערע ווייבער און די טאטעס פון זייערע קינדער! א מיתה־משונה זאָל אויף זיי קומען! אזעלכע גזלנים!

ברוך פּאַנפּאַטש, דער באלעגאָלע, איז אראָפּ פונעם וואָגן, זיינע פּלייצעס זענען געווען פול מיט מעל, די שטיוול ווייס. ער איז צו צו זיין ווייב און איר איינגערוימט א סוד, אז יעדער האָט עס גטקענט הערן... אז בשעת ער האָט ביי אברהם בעקער אָפּגעלייגט די זעק מעל, איז דאָרט געווען ניקאָליי, דער סערזשאנט מיט די גרויסע פּלעטעס, און אים גע-זאָגט: אז פון היינט אָן און ווייטער, זאָל זיך קיינער נישט דערוועגן צו רעדן יידיש. די אלע, וואָס וועלן רעדן יידיש, וועלן פארעכנט ווערן פאר שפּיאָנען און מ'וועט זיי איינקלאָגן און משפּטן.

— א ווּיסטער און א פינצטערער חלום — האָט זיך די פּאַנפּאַטשקע צעלאָזט — אויף זייערע קעפּ, אויף זייערע הענט און פיס און אויף זייערע לייב און-לעבן! הער דו, וואָס מ'קאָן אויסטראכטן!

— מ'האָט שוין געקלעבט צעטלען, האָט ברוך פּאַנפּאַטש געזאָגט, אז ס'איז „סטארע דע אסעדיו", (באלאגערונג־צושטאנד); עפּעס א גאנצע מגילה איז דאָרט אָנגעשריבן. ווער קאָן דען לייענען, וואָס ס'שטייט דאָרט אָנגעשריבן! ס'איז שלעכט! ס'איז ביטער!

דער טאטע און פערענץ, וואָס זענען געווען עסטרייך-אונגארישע בירגער, האָבן זיך אויפגעזעצט אויפן וואָגן, באגלייט פון די בליקן פול מיט ליבשאפט און טרויער פון דיביידע משפּחות און פון די שכנים. דער קוטשער, מענדל, האָט געגעבן א ציי די לייצעס, אויפגעהויבן די בייטש, מיט איר אין דער לופטן געדרייט, און וויאָ! די פערד האָבן גע-רירט פונעם אָרט. דער שטויב איז וואָס אמאָל גרעסער געוואָרן און ס'איז אין אים פארשוווגדן דער וואָגן מיט די פארשוינען.

# קאפיטל III

— שטופּ זיך נישט אריין אין דער נשמה, און שטיי ווי א מענטש, דופּט זיך אָן נפתלי סטאָליערס יונגל, וואָס איז געשטאַנען אין איין ריי מיט משהלען פאר דער ק.פ.ר. קאָאָפּעראַטיוו.

— זעסט נישט, ווי מ׳שטופּט מיך פון הינטן? וואָס בין איך שול־דיק? ענטפערט אים משהלע, און פון זיין שטערן רינען ריקעס שווייס.

— ס׳איז שוין נישט אויסצוהאַלטן פון די עזות־פּנימער, פון די זשידאַנעס. אומעטום זענען זיי פול. גייט אייך ארויף אין שטעטל, און נעמט נישט צו דאָס שטיקל ברויט פון די רומענער! די וואנצן, די בלוט־צאפּערס דארף מען צעטרעטן, האָט א „טשערטשעטאַש"[1], וואָס איז גע־שטאַנען פון דער ווייטנס אויפן טראָטואַר, אויסגערופן מיט גיפט.

משהלע קוקט זיך ארום אויף לינקס, פון וואַנען ס׳איז געקומען דאָס קול. ער האָט דערזען דעם פּרימארס עלטערע זונדל, אָנגעטאָן אין א „טשערטשעטאַש"־מונדיר, ארומגעגארטלט מיט א רימען אויף וועלכן ס׳זענען געווען גראַווירט אויפן שפּראַנציק עפּעס מאָדנע ווערטער, וואָס ער האָט נישט געגוג פארשטאַנען.

אין אים האָט זיך אָנגעהויבן א געראַנגל: ס׳איז פאר אים אויפגע־קומען דאָס בילד, ווען ער איז געפאָרן אויף די ברייטע שליאַכן און שמאָ־לע וועגן וו ער האָט באגעגנט אזויפיל פּויערים און פּויערישע קינדער, וואָס האָבן אים נישט געטשעפּעט. פארקערט, זיי האָבן אזוי העפלעך און הכנעהדיק געגריסט. ער האָט זיך דערמאַנט, ווען ער איז אין א שבת

---

[1] סקויט.

נאָכמיטאָג געגאַנגען מיט זיינע חברים זיך שפּילן, אָדער לייענען, אַרום פונעם שטעטל, צו די שיפּעטעס, האָט זיי באַפאַלן אַ באַנדע קינדער און געזונגען אַ חוזק־לידל, וואָס פלעגט אַזש פאַרגליווערן זייערע חושים. באַלד האָט זיך געוואָרפן פאַר די אויגן דעם מילנערס אויסגעפּרעסן זונדל, מי־לעק, וואָס איז געווען דער ראש פון די אָנפאַלער. דאָ זעט ער דעם פּרי־מאַרס זונדל אָנגעטון מיט דעם מונדיר. ס'באַמבלט זיך אים אין קאָפּ: חנוודיקע פּויערימלעך, שיפּעטעס, טשערטשעטאַש. ער האָט זיך נישט גע־קאָנט קיין עצה געבן. און ס'איז ביי אים געבליבן, תיקו! ווי אַ סך זאַכן, וואָס ער האָט געלערנט אין דער גמרא און נישט פאַרשטאַנען.

חיים, דעם סטאָליערס, גיט אים ווידער אַ שטופּ.

— וואָס שטייסטו דאָ ווי פאַרגולמט! זעסט נישט, אַז ס'איז געקו־מען דיין ריי?

משהלע נעמט די צוויי שוואַרצע ברויט, וואָס בריען אים אָפּ די הענט, און גייט אַרום פונעם קלעם און אָטעמט אָפּ פריי. די מאַמע האָט זיך זייער דערפרייט זעענדיק משהלען צוריק מיט פולע הענט.

— זע נאָר, ווי דו ביסט אויסגעשמירט אויפן פּנים, וואָס איז געשען?

— ס'איז דאָרטן געווען אַ געדרענגעניש, כ'בין קוים אַרויס.

— דו געפעלסט מיר נאָרנישט. עפּעס קאָכט אין דיר, זאָג מיר, וואָס איז געשען?

— מירטשעא, דעם פּרימאַרס זונדל, אָנגעטאָן אין אַ מונדירל, האָט געהאַלטן אין איין וואָרטשען. ער האָט אונדז באַליידיקט, ער האָט אונדז אָנגערופן בלוט־צאַפּערס.

— דאָס עפּעלע פאַלט נישט ווייט פונעם ביימעלע. דער פאָטער זיינער, דער המן, האָט אים אָנגעשטאָפּט מיט שנאה, מיט גיפט. מיר זענען אויסגעשטאַנען אַ סך שווערערע נסיונות, זונעניו, וועלן מיר דאָס אויך איבערקומען.

ס'איז געווען אין אַ פאַרנאַכט. דער הימל לויטער, די לופט ריין, שטיל. משהלעס רעיונות פליען ווייט, ווייט, קומען צוריק און... גאָרנישט. „וואַנצן"... „בלוטצאַפּערס"... „ווּעמען זוכט איר דאָ?" אַלץ בלשון רבים. ער גייט אַריין אין שול לערנען זיין שיעור. עפּנט די גמרא: „שנים אוחזין בטלית". צוויי רייסן זיך איבער איין מלבוש. קריגן זיך. ער האָט זיך אָבער מיט קיינעם נישט געקריגט. ער איז געגאַנגען קויפן ברויט פאַר זיינע ברידערלעך. זיי האָבן ניט קיין רעכט צו עסן? פאַרוואָס?

ס'איז געקומען די צייט פון דאווענען מנחה. ער האָט זיך געשטעלט שמונה-עשרה. ער שאָקלט זיך, אָבער, אומזיסט, די געדאנקען טרעטן נישט אָפּ. פארוואָס? פארוואָס אזא בזיון? ס'פאלט אים איין, ער זאָל דאָס גיין זאָגן סרולן און שמעונען.

אין דרויסן, איז געווען קיל. ער גייט און קלערט. ער איז שוין כמעט פון יענער זייט שטעטל. ער האָט דאָס נישט באמערקט.

— „פיר דאָס פערד פּאָיען", האָט זיך געהערט א קול.

משהלע קוקט זיך אום. ער דערזעט דעם באלעגאָלע פייוויש, אָנגע-טון מיט א רעקל, וואָס איז אזש גרין פון אלטקייט, א לאטע אויף א לאטע, פון די הויזן באָמבלען זיך נאָך צווייטן. די פּלייצע איינגעבויגן, ווייזט אויס אונטער א משא פון שווערע צרות. דער וואָגן זיינער איז משהלען שוין פון לאנג באקאנט, זייט ער פלעגט פאָרן באגלייטן דעם טאטן צו דער באן. משהלע דערמאָנט זיך, ווען ער איז ארויסגעפאָרן אין שטעטל האָט ער געזען ווי פייווישס אויסגעדארט פערדל, הויט און ביין, פלעגט שלעפּן דעם הינקענדיקן וואָגן וואָס איז שטענדיק געגאנגען אויף א זייט. דער לעדערנער פּאָקליט איז געווען געלעכערט.

די כאטע, אין וועלכער ס'האָט געוווינט פייווישס משפחה, איז גע-ווען צוגעדעקט מיט אלטע שינדל, אונטער וועלכע מ'האָט געקענט זען ווי די שטערן שעמערירן.

שמעון, א בחורל פון א יאָר 13—14, א פלינקער, דער בעסטער לויפער פונעם שטעטל, א גוטער שווימער, א באל-שפּילער, און א שטי-פער, אָבער אן ערנסטער. דערזעענדיק משהלען, גייט ער צו געשווינד אויף די שפּיץ פינגער און פארדעקט משהלעם אויגן מיט זיינע הענט.

— טרעף! טרעף! האָט שמעון געזאָגט, מיט אן איבערגעמאכט קול, משהלע טאפּט אים די הענט, און זאָגט: לויט די ידים דארף דאָס זיין שמעון, דאָס קול אָבער, איז נישט זיינס. יעדנפאלס, לאָז מיך אָפּ. ס'גלוסט זיך מיר גאָרנישט איצט צו שפּילן. שמעון האָט אים אָפּגעלאָזט.

— וואָס איז געשען? פרעגט אים שמעון. אין דער שעה, באלד ארוים פון דער שטאָט, ס'איז גאָרנישט דיין שטייגער? משהלע דערציילט אים אין דער שטיל, וואָס ס'האָט מיט אים פאסירט. שמעונס שטיפע-רישע בלויע אויגן זענען פארכמורעט געוואָרן. ער האָט א ווילע נאָכגע-קלערט. זיינע אויגן האָבן אָנגעהויבן צו פינקלען.

— און דו האָסט אים גאָרנישט געענטפערט, דעם כלב? לאָז! מיר וועלן זיך שוין מיט אים אמאָל אָפּרעכענען, האָט שמעון געזאָגט.

— וואָס זאָל איך אים געווען ענטפערן? דו האָסט נישט געהערט, אז דער מאיאָר קוזשבע, מאכט חוזק פון יידן, ער שטופּט זיי אריין אין א וואגאָן און האלט זיי דאָרט פארמאכט, וויפל זיין הארץ גלוסט. ער באליידיקט זיי און שטעלט אלטע און קראנקע צו די שווערסטע ארבעטן... ביידע זענען געבליבן שטיין און געשוויגן א ווײַלע.

פּלוצעם, האָט מען געהערט א קנאלערײַ פון ביקסן. משהלע און שמעון האָבן אָנגעהויבן לויפן צום אָרט פון וואנען ס'האָט זיך געהערט דאָס שיסערײַ. אין מיטן שטראָז איז געשטאַנען דער אלטער נאָטאר מיט זײַנע ווײַסע ארויפגעדרייטע וואָנסעס, און געשאָסן... ער האָט געשאָסן מיט דער ביקס אין דער לופטן, ער האָט געוואָלט טרעפן דעם „צעפּעלין", וואָס האָט זיך געשיפט אויפן הימל און האָט אויסגעזען ווי א שטערן וואָס וויל בשום אופן נישט אראָפּפאלן.

דער צעפּעלין איז אדורך בשלום, ס'האָט אים גאָרנישט געשאדט. דער עולם האָט זיך צוביסלעך בארויקט.

שווארצע וואָלקנס זענען אָנגעפאלן ווי די נישט גוטע, געטראָגן און געיאָגט פונעם ווינט. די גלעקלעך פון מענדל באלעגאָלעס וואָגן האָבן מודיע געווען, אז דער זייגער איז שוין ניין. ווייל דעמלט קומט אָן דער עקספּרעס-צוג. אויפן וואָגן זענען געזעסן דרײַ פּארשוינען, צווישן זיי פּע-רענצס זון. דער וואָגן האָט זיך אָפּגעשטעלט פאר משהלעס היים: משהלע האָט איבערגעלאָזט זײַן חבר און איז גיך אריין אין שטוב.

— א גוטן אָוונט, האָט ער אין איין אָטעם געזאָגט. איר ווייסט, מיר האָבן א גרוס פונעם טאטן. די מאמע, וואָס האָט צוגעשניטן א פּאָר הויזן פאר איר גרויסן זון מענדל, איז געבליבן שטיין מיט דער שער אין דער האנט. איר פּנים האָט געשטראלט. ס'איז דאָך אוועק אזויפיל צייט, און ס'איז נישט געקומען קיין לעבנס-צייכן פון אים.

— נו, זאָג שוין, האָט זיך די מאמע אָנגערופן. ווער האָט געבראכט דעם גרוס? נעם נישט ארויס די נשמה!

— שוצו, איז איצט געקומען צו פּאָרן. איך האָב געהערט פריער מיט עטלעכע טעג אז ער פּאָרט אהין, צו זיין טאטן. זיי זענען דאָך צו-זאמען אינטערנירט געוואָרן.

— פון יענעם אויסגעלאסענעם בחור ווילן מיר זיך גאָרנישט דער-וויסן, האָט די מאמע געענטפערט.

שוצו, איז געווען אן איין-אייגציקער ביי זיינע עלטערן. די מאמע און זיינע שוועסטער האָבן געהאָרעוועט שווער און אים נאָכגעגעבן אלע

זיינע באַגערן. ער איז געווען דווקא אַ שיינער יונג, נאָר די אויפירונג זיינע איז געווען אַ פאַרדאָרבענע. דאָס בעסטע און דאָס שענסטע פלעגט ער באַקומען.

משהלעס מאמע, האָט נישט איינמאָל געזאָגט צו איר שכנה, אנא, אַז זי גיט אים נאָך די שמד און ס'וועט פון אים קיין לייט נישט אַרויס, זי פלעגט טענהן, הלמאי זאָל ער זיך נישט אַראָפּנעמען אַ בילד פון זיין טאַטן, וואָס כאָטש ער האָט געהאַט אַ הילצערנעם פוס; פונדעסטוועגן פלעגט ער יאָרן דורכאַנאַנד גיין באַרג אַראָפּ און באַרג אַרויף צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט. די פּערענצקע פלעגט שאָקלען מיטן קאָפּ און זאָגן: — „ער וועט זיך אויסבעסערן ווען ער וועט עלטער ווערן; וואָס זאָל איך טון? איר האָב אים נישט איינמאָל געזאָגט ער זאָל זיך וואָס ווייניקער חברן מיט דעם מילנערס יונגען וואָס גייען אום פוסט און פּאַס און לעבן אַ משוגענעם טאָג. ער דאַרף זיך נישט גלייכן צו זיי; זיי זענען רייכע קינדער און ער שוצו, איז אַ קינד פון אָרעמע, ערלעכע אַרבעטער. וואָס מיינט איר האָט ער מיר געענטפערט? — "וואָס טויג מיר אַ טאַטן אַן ערלעכן, וואָס אַרבעט טאָג איין טאָג אויס און איז שטוב הערשט דער דלות? בעסער וועל איך גיין אויך די מילנערישע וועגן, און האָבן אַלץ וואָס מיין האַרץ באַגערט. דו וועסט מיר פרעגן, פון וואַנען איך וועל נעמען געלט? דע-רויף וועל איך דיר ענטפערן; „אַז כ'וועל נישט אויסמיידן קיין שום וועג, מעג ער זיין שענדלעך, לויט אייער קבצנישער אויפאַסונג, און איך וועל דערגרייכן מיין ציל"... חנה, משהלעס מוטער, האָט געבראָכן די הענט, און מיט אַ פאַרביטערט קול געענטפערט:

— אַ פאַרדאָרבענע סביבה איז ערגער פון אַ קרענק. אין דערזעל-בער צייט טוט זי אַ טראַכט פון אירע קינדערלעך... וואָס וועט זיין פון זיי? ער איז נישטאָ, און ווען ער זאָל אפילו יאָ געווען זיין אינדערהיים, וואָס וואָלטן זיי געלערנט? חומש, גמרא, וכדומה... דאָס אַלץ, איז טאַקע שיין, אָבער אַ תכלית פאַר זייערטוועגן וועט דאָס נישט זיין. עס זענען איר געקומען אויף דער מחשבה יענע אַלע שיינע יידן, וועלכע זי האָט זיי נאָך געזען אינדערהיים, אין פוילן, ווען זיי פלעגן טאָג און נאַכט זיצן מיט דעם מאַן אירן, ווען ער פלעגט אהיימקומען אויף יום-טוב, און ווי זיי פלעגן אים קוקן אין מויל אַריין, ווען ער פלעגט אויסטייטשן גמרא, פוסקים און פאַרשידענע חסידישע געננג. זי פלעגט טאַקע אַליין אויך אַ גרויסע הנאה האָבן, ווען ער פלעגט זיך דרייען די לינקע פּאה, און בשעת מעשה פלעגן אים די אייגעלעך פינקלען און זיין פנים האָט געשיינט ווי ביי אַ צדיק. ער איז

בקי געווען אין אלע סודות התורה, ער האָט זיי געענטפערט אויף אלע קשיות. און זיי זענען אוועק העט גאנץ פרי, צופרידענע, גליקלעכע. ווו זאָל ער איצט זיין דער מאן אירער? ער האָט אינעם לעצטן בריוו געש־ריבן, אז זיי האָבן פארלאָזט דאָס פריערדיקע אָרט און זענען אוועק — ווהין, ווייסט ער נישט. תורה איז טאקע די בעסטע סחורה און זי היט אָפּ פון אלעם בייזן; איז זי דען אים בייגעשטאנען, ווען ער האָט געדארפט פארלאָזן ווייב און קינד און אוועק ווייט, ווייט, און שוין אזא לאנגע צייט, אזא לאנגע צייט? וואָס איז דאָס מלחמה? זי מוז קומען? מען קאָן זי נישט אויסמיידן? זי איז פון גאָט אָנגעשריבן? פאר אירע אויגן שטייט די שכנטע און וויינט און קלאָגט אויף איר זון, ישראל דער בעקער, וואָס איז געפאלן אויפן פראָנט. טייכן בי־טערע טרערן גיסן זיך פון אירע אויגן; די שנור אירע, פערל, שטייט פארשטיינערט, אויף די הענט האלט זי אן עופעלע וואָס זויגט, זויגט איר ארויס די נשמה; ביי דער פאָלע שטייט דאָס דרייאָריקע מיידעלע און וויינט קוקנדיק אויף דער באָבע, מיט דעם פוס טרעט די מוטער אויף דעם וויגל, שוין פון געוווינהייט. זי ווייסט נישט, אז זי האלט דאָס קינד אויף די הענט. פון איר ברוסט רייסט זיך ארויס א קול: — רבונו של עולם, וואָס וועט זיין פון די אָרעמע עופהלעך? איך קאָן שוין מער נישט אויסהאלטן! כ'פאל פון די פיס!, האָט פערל געזאָגט, און איז טאקע געפאלן. די שווינער האָט אָנגעהויבן געוואלדעווען. ס'זענען זיך צונויפגעלאָפן מענטשן. דער יאָמער און דאָס געוויין האָבן אלע דורכגע־נומען...

יעדן טאָג זענען דערשינען טעלדונגען וועגן די, וואָס זענען געפאלן אויפן שלאכטפעלד און וועגן די, וואָס מען ווייסט נישט ווו זייער געביין איז אהין געקומען.

— מאמע, מענדעלע איז געקומען פונעם הויף, דאָס פנים זיינס איז אויסטערליש.

— וואָס איז געשען, משהלע? — פרעגט די מאמע.

כ'וויים נישט, האָט געענטפערט משהלע, ער איז אזוי בלאס.

די מוטער, האָט אָן א גוטן טאָג פארלאָזט די שכנטע, די פערענצקע, און מיט גיכע טריט זיך געלאָזט אהיים.

— ווי איז דער מאמע! — האָט זי אויסגערופן — ווען זי האָט געזען דאָס קינד ליגן מיטן פנים ארויף. — אוי איז דער מאמען, וואָס דארף שיקן אין דער פריעסטער יוגנט די קינדער אויף ארבעט! א ווי־

טיק איז דער מאַמען, וואָס קאָן נישט האַלטן די קינדער לעבן זיך און באָווען זיי ווי ביי לייטן!

זי האָט געלייגט די האַנט אויף מענדעלעס קעפּל. — ס'ברענט! ברענען זאָלן די וואָס מוטשען יונגע קינדער! — זי האָט געכאַפּט דעם האַנטעך, גיך אָנגעשניטן עטלעכע רעפּטלעך קאַרטאָפל און זיי צוגע-לייגט צום קינדס גליענדיקן קעפּל.

די מוטער איז געווען פאַרצווייפלט אויף א מאָמענט. ס'קומט איר אויפן געדאַנק, זי זאָל רופן דעם דאָקטאָר. זי וואַרפט אויף זיך אַרויף דאָס שאַלעכל און איז שוין אין דרויסן. פּונקט דעמלט גייט אַרויס פון דער טיר דער דאָקטאָר, זי גייט צו אים נאָענט און — רופט אים. דער דאָקטאָר האָט באַלד אויסגעטאָן דעם מאַנטל און גענומען באַטראַכטן מענדעלען.

די מוטער איז געשטאַנען לעבן אים און געקוקט אויף זיין פּנים. באַמערקנדיק, אַז ער האָט געמאַכט א פאַרצווייפלטע מינע, האָט זי אָנגע-הויבן צו וויינען און צו בעטן, ער זאָל אַלץ טון און ראַטעווען דאָס קינד. דער דאָקטאָר, האָט געטון א כאַפּ דאָס לייַלעך, וואָס איז געלעגן אויפן בענקל, און באַפוילן, מ'זאָל עס דורכווייקן אין קאַלט וואַסער, און ער האָט איינגעוויקלט דאָס קינד דערמיט. די מוטער האָט נאָכגעקוקט דעם דאָק-טאָרס יעדע באַוועגונג און אין אירע אויגן האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט דאַנק-באַרקייט, פרייד און שרעק. דער דאָקטאָר האָט איר געגעבן א גרינגן קלאַפּ אויף דער פּלייצע — ס'וועט זיין גוט.

ס'איז נישט אַוועק קיין שעה און דער דאָקטאָר איז געקומען דער-לאַנגט א רעצעפּט. ער האָט אויפסניי באַטראַכט דאָס קינד און מיט א פריינטשאַפטלעכן שמייכל זיך אָפּגעזעגנט און איז אַוועק.

פייוול, דאָס פערטע קינד, א שטילער, שטענדיק פאַרטיפט אין זיך, איז אַראָפּ פונעם פּיעקאַליק, וווּ ער פלעגט זיך שפּילן מיט די קעצלעך, איז צוגעגאַנגען צום בעטל ווי זיין ברודער איז געלעגן. ער הערט ווי מענדעלע רעדט, פונעם שלאָף דאַכט זיך, ער קוקט זיך צו צום ברודער, עס פלאַמען זיינע באַקן, זיינע אויגן פינקלען, און וואָס ער רעדט קלעבט זיך נישט, ס'-איז נישט פאַרשטענדלעך. ער איז אַריינגעגאַנגען צו דער מאַמען, וואָס איז געשטאַנען אין קיך און געשיילט קאַרטאָפליעס און איר שטיל איינגערוימט, אַז מענדעלע רעדט עפּעס נישט צו דער זאַך. די מאַמע וואַרפט אַוועק דאָס מעסער און לויפט אַריין, ווישט זיך אָפּ די הענט אינעם פאַרטעך. לייגט אָן די הענט צום קינדס שטערן, ס'ברענט. זי כאַפּט שנעל א פריש לייַלעך פונעם קאַמאָדל, לייגט עס אַריין אין קאַלט וואַסער, דרייט עס אויס, די

איבריקע קינדער העלפן איר צו און װיקלט איבער אויפסנייַ מענדעלעס פלאמענדיקן קערפער. אלע אין איין אָטעם װארטן אויף א בעסערונג, אלע שווייגן, פולע מיט פחד און האָפענונג. זיי האָבן געוווּסט, מיט וואָס ס'-שמעקט. אין שטאָט האָט דער טיפוס געבושעוועט. דאָס שפיטאָל איז געווען פול מיט קראנקע, אייניקע שולן זענען רעקוויזיציאָנירט געוואָרן, ווייל ס'איז נישט געווען קיין פלאץ פאר אזויפיל קראנקע. אין שטעטל איז ארומגע-גאנגען דער מלאָך-המות און האָט אלץ פארקלענערט די צאָל פון די אויסגעהונגערטע איינוווינער.

נאָך עטלעכע טעג פון אומרו און שרעק, איז געקומען דער קריזיס-טאָג. אלע ווילן זיך דערנענטערן צו זייער געליבטן ברודער. די מאמע װאכט און טרייבט זיי אוועק, זיי זאָלן חלילה נישט איבערנעמען די קראנק-הייט. נאָר זי מיט דער עלטערער טאָכטער האָבן באדינט דעם קראנקן.

פון די טיפענישן פון דער געפּלאָגטער מוטער, האָט פון צייט צו צייט זיך געלאָזט הערן א שטילער וויי פון א צעבראָכענער נשמה. אן אנדערט מאָל וואָלט זי אויסגעבראָכן אין א געשריי, וואָס וואָלט געריסן הימלען, נאָר דאָס מאָל האָט זי דעם צער איבערגעטראָגן אין דער שטיל און זיך געשטיקט מיט טרערן.

מיט אָנגעשטרענגטע נערוון זענען די קינדער אויף די שפּיץ פינגער געשטאנען אין קיך. זיי האָבן געוואָלט זען... דעבעט נאָך דאָס ברודערל. די מאמע ברעכט זיך די הענט. אומעט און מרה-שחורה באהערשט דאָס שטיבל און זיי אלעמען.

מענדעלע האָט געגעבן א ניס. דער מאמעס פּנים האָט אָנגעהויבן צו שמייכלען. א שטילע פרייד האָט זי ארומגענומען און זי האָט אויס-געשריגן „צום געזונט! צום געזונט, זונעניו!“ אויף די פּנימלעך פון די איבריקע קינדער האָט זיך באוויזן דער גוטמוטיקער שמייכל און אלע אין איין קול האָבן מיטגעהאָלפן דער מוטער: „צום געזונט! צום געזונט, מענדעלע!“

# קאפיטל IV

דער שטילער פרימאָרגן איז פארטריבן געוואָרן פון די מיליטע־רישע אינסטרומענטן, מעשענע טרומייטערס און פויקן וואָס האָבן פאר־הילכט דאָס שטעטל.

קליינוואַרג, האָט זיך געיאָוועט און געשפּאַנט צום טאקט, גלייך מיט די אומענדלעכע רוסישע מחנות, וואָס האָבן זיך געצויגן אָן אָפּהאַלט. א ים ביקסן. די שווערדן האָבן געבלישטשעט, פערד, אויף זיי קאָזאַקן מיט שפּיזן. מיליטערישע קיכן נאָך זיי. געוואַלד, פון וואַנען קומען אַזויפיל מענטשן אָן א צאָל און אָן אַיין ערד, און וווהין גייען זיי!?

די מוזיקע מאַרשן פון די פאָרגייער ווערן אַלץ מער פאַרשווונדן. זייער אָרט פאַרנעמען די סאָלדאַטן־לידער. פון די טיפקייטן פון די הער־צער אָבער, פילט זיך דער גרויער טרויער, וואָס פילט אָן זייערע אויסגע־מוטשעטע יונגע געמיטן. פול מיט בענקשאַפט צו די ליבע, פון וואַנען זיי זענען אַוועק שוין טויזנטער מיילן. פון די מידע און טרויעריקע אויגן האָט זיך אויסגעוועבט א שוואַרצע דעק, וואָס האָט פאַרדעקט די זון און זיי אַלעמען מיט א שוואַרצער פאָן.

צווישן דעם יונגוואַרג האָט זיך געפונען אויך משהלע. כאָטש זיין טאַטע האָט אים אָנגעזאָגט, ער זאָל זיך נישט דערוועגן אַרויסווייזן זיין פּנים פאַרן מיליטער.

צום ערשטן איז ער פריילעך געווען און האָט זיך משמח געווען גלייך מיט אַלע קינדער וואָס האָבן מיטגעשפּאַנט. ער איז אויך געגאַנגען צום טאַקט פון דער מוזיק. די מחנות, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין איין ציען, די צאָל סאָלדאַטן ,וואָס זענען געגליכן געוואָרן ביי אים אין מוח

צו די שטערן אין הימל און צום זאמד פון די ימים, האָבן ביי אים ארויסגערופן פאַרשיידענע געפילן. צווישן דעם מיליטער וואָס האָט דורכמארשירט, האָט ער געזען איינעם א סאָלדאט, וואָס איז זייער ענלעך געווען צו לייבל בעקער, וואָס איז נישט לאנג געפאלן אויפן שלאכטפעלד. ער האָט שוין מער נישט געהערט די לידער. דאָס יאָמערן און די געוויינען פון לייבל בעקערס הויז האָבן זיי פארשטומט. וויפל וועט בלייבן פון דער גרויסער מענגע, וויפל טאטעס וועלן שוין מער נישט צוריק קומען צו זייערע קינדער? וויפל מאמעס וועלן פאלן, ווי לייבל בעקערס פרוי איז אנידער געפאלן מיטן זויגלינג אויף די הענט, בשעת ס'איז איר אָנגעקומען די פינצטערע בשורה, אז איר מאן איז אומגעקומען? ווער האָט גורם געווען די מלחמה? מ'זאָגט, אז עפעס אן עסטרייכישער פרינץ איז געשאָסן געוואָרן פון א סערב. פאר וואָס זשע קומען אהער רוסן, רומענער, דייטשן?

וואָס זוכט דאָ דער פראנצויזישער אָפיציר, וואָס שטייט איין ביי אונדז? מ'זאָגט אז אויך ענגלענדער שלאָגן זיך און אויך טערקן, בולגארן און ווער ווייסט נאָך ווער. וואָס פאר א שייכות האָבן זיי מיטן עסטרייכישן פרינץ? וואוהין גייט די דאָזיקע גרויע מאסע? צום אומקום?

— אנו, קום נאָר אהער, — האָט זיך געהערט א קול, — ווו ביסטו ערגעץ פארקראָכן? ביסט דאָך שוין ווייט פונעם שטעטל!

משהלע קוקט זיך ארום און דערזעט שמעונען. ער איז שוין טאקע ווייט אוועק, דאָס בית-הקברות זעט זיך קוים אָן.

— די מארשן פונעם מיליטער האָבן מיך פארכאפט, האָט געענטפערט משהלע, און דערנאָך מיינע געדאנקען, וואָס זענען פארפלויגן ווער ווייסט וואוהין. זאָג מיר שמעון וואָס זענען שולדיק אָט די מענטשן, וואָס גייען מיט אזעלכע מידע שריט און מיט אזוי פיל משא אויף די פלייצעס, מיט ביקסן, שווערדן, מיט אזוי פיל טרויער אין די אויגן, צום שלאכטפעלד זיך שלאָגן? פאר וועמען? פאר עפעס א פרינץ, וואָס איז אומגעקומען?

— העלף מיר בעסער צו, — האָט אים שמעון געזאָגט — שלעפן דאָס ווענעלע מיט פאָפשוימעל וואָס כ'האָב עס געמאָלן אין מיל. כ'האָב מיך דאָרט אָנגעהערט זאכן, וואָס די פויערטעס האָבן זיך אָנדערציילט, אז די האָר שטעלן זיך קאפויר.

ביידע חברים, מיט אויסגעלאָשענע פנימער, האָבן פאמעלעך געשלעפט דאָס ווענעלע, יעדער באזונדער האָט געטראכט וועגן דעם אָנשיקעניש וואָס הייסט מלחמה.

נאָך זיי, פונדערווייטנס, זענען געגאנגען: טיליק און דער טשער-טשעטאש מירטשעא.

משהלע און שמעון האָבן זיך אָנגעקוקט איינער דעם אנדערן און ווייטער געשלעפט און געטראכט... ביז זיי זענען אָנגעקומען און אָפּגעלייגט דאָס ביסל פּאָפּשוימעל.

— מאָרגן, צען א זייגער, טרעפן מיר זיך דאָ! — האָט שמעון געזאָגט באפעלעריש מיט א שמייכל אין זיינע גוטמוטיקע אויגן.

— גוט! האָט משהלע מסכים געווען.

# קאפיטל V

שפעט ביינאכט האָט מען געקלאפּט אין פּייוויש באלעגאָלעס טיר, אזוי שטארק, אז אלע האָבן זיך אויפגעכאפּט זייער דערשראָקענע. דאָס טראסקען איז געווען אָן אן אויפהער.

— ווער זאָל דאָס זיין? האָט צביה, מיט אויסגעגלאָצטע אויגן און אין גאנצן איין ציטער, זיך געווענדט צו איר אָפּגעהאָרעוועטן פאָטער. ער — א צעשויבערטער, אין א העמד צונויפגעשטיקעוועט פון פארשידענע פארבן און מוסטערן, א צעטומלטער, זוכנדיק עפּעס זיך אָנצוטאָן, כאפּט א שטיוול, און טוט אים אָן אויף דער האנט. די טיר איז אנידערגעפאלן. די שרעק מיט דער קעלט האָבן ארומגענומען די אָרעמע משפּחה. ס'זענען אריין דריי זשאנדארן. איינער האָט אָנגעכאפּט דעם באלעגאָלע און אים באפוילן, געשריגן ער זאָל זיך אָנטאָן און מיטגיין. שמעון איז געבליבן שטיין אויף די קני אין בעט. די פויסטן, די שנאה, וואָס האָט ארויסגעשפּריצט פון זיינע אויגן, האָבן אויפמערקזאם געמאכט א צווייטן זשאנדאר וועלכער איז שנעל צו, צו אים און געשריגן: „דו שמוציקער זשידאן, ווארף עפּעס ארויף אויף דיר און קום שנעל"! ער האָט מיט זיינע לאפּעס אָנגענומען דעם יונגלס הענט און זיי אזא דרוק געגיבן, אז די פינגער זענען געבליבן ווי פארשטארצט. אוים פויסטן! נאָר פון זיינע אויגן האָט געשטראָמט א ים פון צאָרן.

— גיכער! שנעלער! שפּיאָנען! האָט דער עלטסטער פון די זשאנדארן געשריגן און געשלעפּט דעם באלעגאָלע.

אין דרויסן, דערזעענדיק די איינגעהויקערטע דראָשקע און דאָס איינגעשרומפּענע פערדל, האָט ער באפוילן: תיכף איינשפּאנען! מיר האָבן נישט קיין צייט צו פארלירן!

ער האָט זיך צעלייגט אין דעם וואָגן. אויסציענדיק די פיס, איז איין פוס ארויס, ווייל די אלטע און שוואכע ברעטלעך האָבן נישט געקאָנט אויס-האלטן די „גבורה" פונעם זשאנדאר. דאָס ראָד האָט פארכאפט זיין שטיוול.

— שפאן אוים די פארשאָלטענע נבילה! באגלייט מיט א סטוסאק האָט דער דריטער זשאנדער מיט אויסגעשטורעטע ציין זיך געווענדט צום צעקאלימשעטן באלעגאָלע — נעם זי אָן ביים צוים, פיר זי צו צום רעקוויזיציע-אמט.

פייוויש האָט געפילט, אז א סוף האָט געגומען צו זיין בידנע פערדל און צו זיין אומגליקלעכער פרנסה. „אויף וועמען וועלן בלייבן די אוים-געהונגערטע יתומים?". ער האָט אָנגענומען דאָס פערד ביי דער גריווע, האָט עס געגלעט דעם האלדז, דאָס פערד האָט אויסגעדרייט דאָס פנים און אים אָנגעקוקט: גלייך ווי ס'וואָלט פארשטאנען די טרויעריקע לאגע, אין וועלכער זיי האָבן זיך ביידע געפונען. פייוויש האָט נישט לאנג גע-טראכט און איז ארויף אויפן פערד און וויאָ! וויאָ! וווהין? ווייסט ער אליין נישט. דאָס פערד האָט אָנגעהויבן לויפן פייל אויסן בויגן, גלייך ווי ס'האָט געפילט אין וואָס פאר א מוראדיקער סכנה זיי זענען.

דער עלטסטער פון די זשאנדארן, וואָס איז געלעגן אין וואָגן און געהאלטן אין איין אויקען, ווען דער צווייטער זשאנדאר האָט אים געביטן די אָניטשעס אויפן פוס, האָט מיט א ווילדן אויסגעשריי באפוילן דעם דריטן זשאנדאר: שיס!

דער דריטער זשאנדאר, האָט אויף גיך אָנגעלאָדן די ביקס און האָט אָנגעהויבן צילן...

— און דו, פארשאָלטענער ממזר? האָט זיך צעשריגן דער צווייטער זשאנדאר, — שפאן דיך אליין איין אין וואָגן און שלעפ צו דעם דאָמנו מאזשור[1] צום שפיטאָל! וואָס איז נישט ווייט.

שמעון, האָט נאָר געוואָרט אויף דעם באפעל, ער איז געשווינד צו-געלאָפן צום וואָגן. אויסגעריסן דעם דישל, און אים מיט אימפעט אראָפ-געלאָזט אויף די פינגער וואָס האָבן געצילט אויף זיין אומגליקלעכן פאָטער, אויף זיין אויסגעמוטשעט פערד.

די ביקס איז ארויסגעפאלן פונעם זשאנדארס הענט און שמעון האָט גענומען די פיס אויף די פלייצעס און איז געלאָפן, ווו די אויגן האָבן אים געטראָגן.

---

[1] הער פעלדוועבל

דעם אנדערן טאָג, צען אזייגער, ווען משהלע איז געקומען צו שמעונען, האָט אים איינער אָפּגעוואַרט.

— וועמען זוכסטו דאָ? — האָט אים געפרעגט דער פּאַרשוין מיט די גראָבע ליפּן און אָנגעלאָפּענע אויגן.

— איך בין געקומען גלאַט אַזוי, האָט אים משהלע געענטפערט און האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן.

— זיי האָבן גענומען אוועקגעשלעפּט דעם טאַטן און שמעונען, האָט ציפּע, א מיידעלע פון א יאָר דרייצן מיט א טיפן טרויער און שרעק אין די אויגן, געשעפּטשעט.

# קאפיטל VI

שווערע וואָלקנס, שווארצע, האָבן זיך געיאָגט. ס׳האָט, זיך געדאכט, אז אָט-אָט פאלן זיי אראָפּ, ס׳האָט נישט לאנג געדויערט און ס׳האָט אָנגעהויבן גיסן פון די דעכער. די גאסן זענען פארפּליוצט געוואָרן. מענדל משהלעס ברודער, איז ארויסגעקומען אונטערצושטעלן דאָס פּעסעלע וועגן רעגנוואסער. בערל פּאָנפּאטש, מיט א זאק אויפן קאָפּ און מיט א שטעקן אין דער האנט, האָט געטריבן די בהמות אין שטאל אריין. דער-זעענדיק מענדלען, האָט ער שטארק געקלאפּט מיטן שטעקן אין פּלויט. מענדל קוקט זיך ארום און דערזעט דעם פּאָנפּאטש, וועלכער מאכט אים א סימן ער זאָל אריבערקומען. מענדל קאטשעט זיך ארויף די הייזלעך און שפּרינגט אריבער דעם פּלויט.

— קום נאָר אריין אין שטוב אריין, זאָגט צו אים דער פּאָנפּאטש. מענדעלע פּאָלגט אים. — הער נאָר, רופט זיך אָן דער פּאָנפּאטש, הײַנט, ווען כ׳ביז געפאָרן מיטן וואָגן צו דער גארע[1], האָב איך געזען, ווי דעני-לע, דער רשע מרושע, טרייבט א ייִנגל צום קאָמאנדאמענט. כ׳וואָלט גע-קאָנט שווערן, אז דאָס איז געווען דײַן ברודער משה. כ׳האָב נעגעבן עטלע-כע שמיץ דעם פערד, ס׳זאָל זיך צוואיילן כדי כ׳זאָל מיך איבערצייגן צי ס׳-איז אמת. אומזיסט אָבער, ווען כ׳בין נענטער צוגעפאָרן, איז דאָס ייִנגל שוין געווען ארייננגעשטופּט. כ׳האָב נישט געקאָנט געפונען קיין פּלאץ. דאָס הארץ האָט מיר געזאָגט, אז דאָס איז נישט קיין ריינע זאך. וואָס האָב איך געקאָנט טון? כ׳בין צוגעפאָרן מיטן וואָגן צו דער מאגאזיע, געקוקט, אפשר

[1] גארע — באן-סטאציע

וועט עמעצער ארויסגיין פון דאָרט און וועל עפּעס געוואָר ווערן. כ'בין אזוי געשטאנען און געקוקט. כ'האָב זיך נישט נערעכנט דערמיט, וואָס דער וואגאָן מעג שטייט, און באלד וועט אָנציען משה קטן און וועט מאכן א גוואלד, אז מען שטעלט אים בדיל הדל, אז ער וועט דארפן באצאָלן, ווייס איך וויפל פאר פארזאָמען, ארויס צו נעמען די סחורה. און אזוי, ווי כ'שטיי און קלער, וואָס זאָל דאָ האָבן געשען? עפנט זיך די טיר פונעם קאָ-מאנדאמענט, און א יינגל, געטריבן פון א סאָלדאט, דערנענטערט זיך אלץ מער צו דער ליגיע מאָארטע[1] דאָס מאָל זע איך שוין גאנץ גוט, אז דאָס איז טאקע משהלע. דאָס הארץ האָט אָנגעהויבן קלאפּן שטארקער, כ'האָב שוין געוווסט, וואָס דאָס הייסט. מ'פירט אים אינעם באוווסטן וואגאָן, וווּ דער המן, דער מאיאָר קוזשבע, טרייבט אריין יידן און מאכט פון זיי חוזק. כ'האָב געוואַרט אויף דער שעה, כ'זאָל אהיים קומען. און דאָ רעגנט, ס'גיסט. רוף אריין די מאמע, זאָג איר זי זאָל באלד קומען!

א דערשלאָגענער, מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ, איז מענדל אהיים געלאָפן.

— ווו לויפסטו ארום מענדל אין אזא שלאקס-רעגן? — האָט אים די מאמע געפרעגט — דו קענסט זיך חלילה פארקילן! טאקע נאָר דאָס פעלט מיר אויס אצינדערט. ס'פאלט מיר ארוים דאָס הארץ, כ'ווייס נישט ווו משהלע איז אהין געקומען. ער איז אוועק זייט אזא לאנגער צייט און איז נאָך נישט געקומען!

מענדל פארענטפערט זיך, אז ווי ער איז פארטיק געוואָרן אוועק-צושטעלן דאָס פעסל אונטער דער רינווע, האָט ער געהערט ווי עמעצער קלאפּט, ער האָט זיך ארומגעקוקט און געזען ווי דער שכן האָט אים גע-מאכט א סימן ער זאָל געשווינד אריבערשפּרינגען. איך בין אריבערגעש-פּרונגען און אריינגעקומען אין שטוב אריין. ער האָט מיר געזאָגט כ'זאָל דיר אריינשיקן.

— וואָס איז געשען? האָט זיך די מוטער געבראָכן די הענט, דאָס הארץ האָט מיר געזאָגט, אז ס'וועט עפּעס טרעפן. זי האָט געכאפּט דאָס שאלעכל און געלאָפן צום שכן.

— וואָס איז געשען? האָט חנה, משהלעס מוטער, גלייך געפרעגט. ברוך פאָנפאטש, האָט פאָרז'כטיק דערציילט, וואָס ער האָט געזען.

---

[1] טויטע ליניע

חנה, האָט מיט גרויס אויפמערקזאמקייט זיך צוגעהערט צו יעדן וואָרט, וואָס דער שכן האָט ארויסגערעדט. בשעת זי האָט געהערט דאָס וואָרט „וואגאָן", האָט מען געזען, ווי דאָס פּנים אירס מיניעט זיך, דער צער האָט זי ארומגעכאפּט. באלד אָבער האָבן זיך, באוויזן אויף איר געזיכט, סמנים פון רויקייט און זי האָט אויף א קול מיט אנטש־לאָסנקייט געזאָגט: — זאָל זיין וואָס ס'וויל זיך, כ'גיי ראטעווען מיין קינד!

די פּאָנפּאטשקע, וואָס איז געזעסן אין אנדערן שטיבל און געשלאָגן פּוטער, דערהערנדיק חנהס באשלוס, האָט זי שנעל אויפגעבונדן דאָס פארטעך, זיך געווענדט צו חנהן: — ווארט צו א ווײַלע, דו ווייסט נישט נײַן אליין, מיר וועלן מיטנעמען די פערענצקע און מיר וועלן זיי מאכן דאָרט אזא שווארצן סוף, זיי זאָלן שוין פארזאָגן אויף קינדס־קינדער אזא פארברעכן מער נישט צו מאכן. האָסטו געהערט א ביסל! אזא חזירײַ! צו נעמען א קינד אן אומשולדיקס און עס ארייננווארפן ערגעץ אין א וואגאָן אריין! זאָלן זיי שוין פארשרפעט ווערן, גאָטעניו, געטרייער! זי ווארפט געשווינד אראָפּ די פּאָפּעצעס, טוט זיך אָן די שיך, די בלוזע, וויקלט זיך ארום מיטן שאַל, ווישט זיך אָפּ דאָס מײַלעכל, דאָס שמאָלע, כאפּט אָן חנהן ביי דער האנט, זאָגט א גוטן טאָג דעם מאן און שפּאנט מיט ענערגישע שריט ארויס.

דער רעגן האָט זיך אָפּגעשטעלט, דער הימל האָט זיך אָנגעהויבן אויסצולייטערן, שטיקער הימל זענען באפרייט געוואָרן פון די מוראדיקע כמארעס. דינע ווייסע וואָלקנדלעך האָבן זיך געשלאָגן מיט דער זון, ס'האָט זיי אָבער גאָרנישט געהאָלפן, די זונען־שטראלן האָבן זיי גובר געווען, דער הימל איז געוואָרן לויטער, ריין, אומשולדיק.

ברוך פּאָנפּאטש, לויפט איר נאָך א פּאָר טריט, דערמאנט זי, רוימט איר איין אין אויער: — „זאָלסט נאָר נישט צעלאָזן דעם פּיסק, פארגעס נישט אז ס'איז סטארע דע אסעדיו[1], מלחמה צייט. פארגעס נישט אז מיר האָבן קינדער, הערסט!

דאָס ווייב האָט אויף אים געגעבן א קוק, וואָס האָט באטייט, לאָז מיך צורו, גבור מיינער! כ'קאָן מיר שוין מיין שטעטל אליין באשטיין, אָן דיינע עצות. ברוך האָט געהויבן די אקסלען, ווי אײנער רעדט: „כ'וויים, ס'זענען ארויסגעוואָרפענע רייד". ער האָט זיך באלד אָפּגעטראָגן.

---

[1] באלאגערונגס־צושטאנד

דורכגייענדיק פאר דער פערענצקעס הויז, וועלכע איז געשטאנען ביים פענצטער, אראנזשירנדיק דאָרט די בלומען-טעפּ, גייט די פּאָנפּאטשקע צו איר צו און שושקעט איר אריין, אז זי זאָל באלד אראָפּקומען צו דער גארע.

שוצו, וואָס איז געשטאנען און אויסגעלייגט קאָרטן, זעענדיק די שכנטע, האָט ער, באלד גאָכדעם, וואָס זי איז אוועקגעגאנגען, זיך גע-ווענדט צו דער מוטער זיינער: — וואָס האָט זי געוואָלט די זשידאָווקע? וואָס פאר א סודות האָט זי מיט דיר?

די פערענצקע קוקט אים אָן, אין אירע בליקן האָט זיך אָפּגעשפּיגלט א גרויסער צער, און אים געענטפערט: — כ'בין זייער באומרויקט, כ'זע, אז מיט וויפל די צייט גייט אוועק, ווערסטו אלץ שלעכטער. וואָס האָסטו צו דער פארצרהטער פרוי? כ'וואָלט שוין געוואָלט זען צוריק דעם טאטן דיינעם. כ'האָב שוין נישט קיין כוח צו דיר. אפשר וועט ער אויף דיר האָבן א גוטע ווירקונג,

— כ'גיי, — האָט די פערענצקע געזאָגט — צו דער באן. נישט ווייט פון דער באן-סטאציע האָבן זיך די דריי שכנות באגעגנט. חנה מיט דער פּאָנפּאטשקע זענען געשטאנען א ווייַלע און גערעדט מיט וואסיליע קאָנסטאנטין, א באן-ארבעטער, וועלכער האָט זיי אויפמערקזאם אויסגע-הערט. זיי האָבן זיך פאר אים אויסגערעדט דאָס הארץ.

קאָנסטאנטין, האָט זיי דערמאָנט, אז ס'איז מלחמה-צייט, און ס'טאָרן נישט שטיין אויף איין פּלאץ מערערע מענטשן. ער האָט זיי צו-געזאָגט, אז ער וועט טון, וואָס ער וועט קאָנען. פריינטלעך באגריסט און אוועק.

ווען די פרויען זענען געקומען צום קאָמאנדאמענט, האָבן זיי זיך געוואָנדן צום זשאנדאר, וואָס איז געשטאנען אויף דער וואך: — אויב ער ווייסט נישט צי דאָ איז געווען א דרייצן-יעריק יינגל, וואָס איז געפירט געוואָרן פון איינעם מיט גראָבע ליפּן און מיט פארשוואָלענע אויגן?

דער זשאנדאר, האָט זיי געענטפערט, זיי זאָלן זיך באלד צוריק ציען. ס'איז פארבאָטן צו שטיין נאָענט צו דער קאנצעלאריע!

— אוועק פון דאנען!

נישט ווייט, איז געשטאנען קאָנו[1] קאָסטיקע, דער אדוואָקאט. ער דערנענטערט זיך און זעט, ווי די דריי פרויען דיסקוטירן, מ'זאָל ארויס-לאָזן זאָפאָרט דאָס יינגל, ער איז אומשולדיק.

די פּאָנפּאטשקע גיט זיך א לאָז צום אדוואָקאט און דערציילט אים וועגן דעם אומגליק, וואָס ס'האָט זיך געטראָפן מיטן יינגל.

---

[1] קאָנו — פריץ

דער אדוואָקאט, האָט איר געגעבן א ווינק, זי זאָל אים נאָכגיין אינעם צווייטן צימערל. זי גייט נאָך.

— הער אויס, — רופט זיך אָן דער אדוואָקאט צו דער יידענע — דאָס איז נישט אזא גרינגער ענין, דאָס שמעקט מיט א הארבער שטראָף. דער מאזשור איז א גרויסער רשע, כ'קלער ווי אזוי מען קען צו אים צוגיין, כדי אים א ביסל ווייכער מאכן.

— סטייטש, ס'איז דאָך א הימל-געשריי! מ'נעמט א קינד און מען פארשפארט עס גלאט אזוי, אָן א פארוואָס און אָן א פארוועןן! כ'וועל גיין שרייען, געוואלדעווען, אז מ'וועט דארפן אפילו ביז צום מלך! וואָס? די וועלט איז הפקר, יעדער קאָן טון וואָס ער וויל?

— היץ דיך נישט אזוי, — זאָגט דער אדוואָקאט — כ'האָב גע- מיינט, אז דו ביסט א פארשטענדלעכע פרוי, איך האָב נאָר געקלערט, אפשר וועל איך קאָנען אייך ארויסהעלפן. דו גייסט זוכן גערעכטיקייט? וועסט געפונען, ווען ס'וועט דאָ וואקסן גראָז. ער ווייזט איר אויף דער דלאָניע.

די רייד פונעם אדוואָקאט, האָבן איר געגעבן ווי א פריטשמעלע אין קאָפּ. זי האָט זיך דערמאנט, וויפל זי האָט געהאט צו זינגען און צו זאָגן מיטן פראָצעס, וואָס זי האָט נישט לאנג געהאט, ביז זי האָט נישט גע- געבן דעם אמתדיקן „באקשיש", איז טאקע גאָרנישט געוואָרן.

— ווארט צו א ווײַלע, — מאכט זי צום אדוואָקאט און גייט ארויס.

חנה האָט געווארט מיט אומגעדולד אויף איר. — נו, וואָס האָט ער דיר געזאָגט, דער תכשיט?

פרעג שוין נישט. מיר מוזן טאָן אלץ, כדי דאָס קינד צו ראטעווען.

חנה, איז בלאָ און וויים געוואָרן. זי האָט געפילט, אז דאָ מוז מען אָפּגיין מיט א שטיק געזונט, מיט בלוט.

— הער אויס חנה, — מאכט די פּאָנפּאטשקע — כ'זע, אז דו טראָגסט דאָס שווער איבער. איך האָב געלאָזט דעם כלב דאָרט ווארטן. ווי איך האָב פארשטאנען, האָט ער מיך אליין ארײַנגערופן, כדי ס'זאָל נישט זיין קיין עדות בשעת פארענדיקן דאָס געשעפט. כ'גיי ארײַן איצט צו אים זען ביי וואָס דאָס האלט. ביסט מסכים?

— א ברירה האָב איך? האָט חנה געענטפערט און פון אירע אויגן האָט געשפריצט צאָרן.

ווען די פּאָנפּאטשקע, איז צוריקגעקומען, האָט זי געטראָפן דעם אדוואָקאט זיצן אויף דער שטול, א פוס איבער א פוס, געצויגן פונעם

גראָבן ציגאַר מיט דער גיריקייט פון א פּיאַווקע, וואָס ציט ארויס דאָס בלוט פון א קערפּער, אויף וועלכן מ'האָט זי ארויפגעלאָזט.

— איך האָב קיין סך צייט נישט דאָ צו פארלירן — זאָגט ער, נישט קימערנדיק זיך וועגן קרבן. — אויב איר ווילט, איך זאָל דאָס יינגל באַפרייען, זאָגט עס מיר און איך וועל באַלד אָנהויבן מיין ארבעט.

— וואָס וועט דאָס דארפן קאָסטן? — האָט געפרעגט די פּאָנפּאַ-משקע.

— ביז כ'וועל נישט נעמען קאָנטאַקט מיט די לייט, קאָן איך אייך נישט זאָגן.

— גייט, — ענטפערט די פּאָנפּאַטשקע — מיר וואַרטן דאָ אויף אייך.

דער ארוואָקאַט איז אריין אהין, דאָרט וו דער מאַזשור האָט זיין קאַנצעלאַריע. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט, און משהלע מיט אַן ארויפּ-געלאָזטן קאָפּ, דאָס פּנים פארלאָפן — בלויע צייכנס האָבן זיך דורכגעזען דורך דעם צעפליקטן העמד, — גייט פאָרויס, באַגלייט פון א זשאַנדאַר.

די אכזרים, דער אדוואָקאַט און דער מאַזשור, האָבן דאָס אַזוי רעזשיסירט, כדי ארויפצוּוואַרפן א פּחד אויף די אומגליקלעכע, וואָס זע-נען נישט ווייט פון דאַנען.

די אויסגעוואָרפן זענען געשטאַנען ביים פענצטער און א טייוולאָנישער שמייכל האָט זיך פארצויגן אויף זייערע פארברעכערישע פּנימער.

משהלע האָט זיך אַלץ מער דערנענטערט. די דריי פרויען זענען ווי פארשטומט געוואָרן. נאָר איין געדאַנק האָט זיי אַלע באַהערשט: זיי ווילן אים שוין זען, וואָס פאַר א פּנים ער האָט.

ווען די מוטער האָט דערזען די צווייטן פּונעם העמד, זענען אירע אויגן אָנגעצונדן געוואָרן. אינעם האַלדז האָט זי עפּעס געוואָרגן, ער איז געווען ווי אויסגעטריקנט. דערזעענדיק דאָס פּנים זיינס, די בלויע צייכנס, האָט זי אָנגעהויבן געוואַלדעווען און שרייען:

— וואָס איז געוואָרן פון מיין קינד! אַז אָך און ווי איז צו מיר, וואָס איך האָב דערלעבט, גאָטעניו! שטראָף די אַלע וואָס לעסטערן דיין נאָמען און גייען אַזוי ווייט ביז שפיכת דמים! די שכנות האָבן אויך אָנגעהויבן קלאָגן און וויינען און געשאָלטן מיט טויטע קללות.

קאָנסטאַנטין, מיט נאָך עטלעכע ארבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט אויף דער פּערטער באַן-ליניע, זענען באַלד צוגעקומען. די מוטער האָט זיך געגעבן א לאָז צום בחור, דער זשאַנדאַר האָט אויסגעדרייט די ביקס

צו איר. די צוויי שכנות, וועלכע האָבן די גאַנצע צייט נישט אָפּגעטרעטן פון דער אומגליקלעכער מוטער, האָבן זיך אַריינגעוואָרפן צווישן איר און זשאַנדאַר: — זאָלסט נישט וואַגן איר עפּעס טון, זי איז אַ בידנע, פאַרבימערטע מוטער. ווען דער זשאַנדאַר האָט זיך אויסגעשריגן אויף אַלע דריי און געדראָט מיט אַרעסט, זענען צו, די באַן-אַרבעטער און געמאַכט אַ מחיצה צווישן זשאַנדאַר און די דריי פרויען.

פון דער אָפענער קאַנצעלאַריע, האָט זיך געהערט דעם מאַזשורס הילכיק קול. ער האָט דעם זשאַנדאַר און די „זשידאָוועקעס" אויסגעזידלט מיט די מיאוסטע ווערטער. דער אַדוואָקאַט ציט אים ביים אַרבל, שושקעט אים אַריין: — מאַך נישט אַזאַ גערודער, ס'וועט זיך באַלד דאָ צונויפלויפן דער גאַנצער שאַנטיער. ס'איז נישט טאַקטיש. וואָס טויג דער טאַראַראַם? לאָז, איך וועל שוין אַראַנזשירן דעם ענין, גענוג!

נאָכדעם, וואָס דאָס יינגל איז אַריינגעשטופּט געוואָרן אין צימער, זענען אַרויס נאָך צוויי זשאַנדאַרן און באַפוילן, אַז די אָנוועזנדע זאָלן תיכף פאַרלאָזן דאָס אָרט. אַלע זענען אַוועק.

— ביטער איז דער מאַמען! וויי איז דער מאַמען!

— אויקעט נישט אַזוי פיל! מאַכט צו איר די פּאָנפּאַטשקע. לאָמיר בעסער פאַרזאָרגן לא יחרץ-געלט פאַר די כלבים. מיר שטייען שמאָל.

די מוטער, זייער פאַרווירט, קלערט ווו נעמט מען? ס'איז איר אַדורך אַ געדאַנק, — די לייכטער. עס איז איר פאָרגעקומען די באָבע, עליה השלום, בשעת ליכט-בענטשן. אפשר וועט זי זיך מיען? אַזאַ ווילע באָבע געווען! דער געדאַנק פאַרשווינדט באַלד, אַ חוץ די לייכטער. יאָ, אָבער וווהין גייט מען מיט זיי? ווער וועט זיי נעמען פאַר אַ משכון? דער מיטן ציגענעם בערדל? זי דערמאָנט זיך וויפל שפיכת-דמים, ער — דאָס הייסט דער מאַן אירער — האָט געהאַט, ווען ער האָט געשיקט טאַקע משהלען מיט די זעלבע לייכטער צום פּראָצענטניק. יאָ, זי דערמאָנט זיך גוט, ווען מ'האָט געדאַרפט באַצאָלן דירה-געלט און ס'איז נישט געווען. ער האָט דעמלט דאָס קינד צוריקגעשיקט און אָנגעזאָגט, אַז דער טאַטע זאָל אַליין קומען און אויך מיטברענגען אַ וויים וועקסעלע... זי דערמאָנט זיך, און טרערן שטיקן זי, שלונגט אַראָפּ די טרערן, זי טאָר זיך נישט פאַרלירן, זי איז אַ מאַמע און אַ טאַטע צוזאַמען, זי דאַרף זיך נישט לאָזן איינברעכן, זי האָט פינף קינדערלעך צו פאַרזאָרגן!

— קום! — זאָגט זי צו דער פּאַנפּאַטשקע. — מיר גייען צו דעם מיטן ציגן-בערדל. זיי קלאַפּן אָן. די טיר עפנט זיך, אויף דער שוועל דערשיינט א דאַר יידל מיט גראָבע פינגער, רעדט גיך, האָט קיינמאָל קיין צייט נישט. ווען ער האָט זיי דערזען, האָט ער געמאכט א זויערע מינע, ווי איינער רעדט: „וואָזשנע קונים!" ער פרעגט זיי גיך אויס, וואָס ס'האָט זיי געבראַכט צו אים. דאָס לשון איז ביי אים נישט געווען קלאָר. גלייך ווי ער וואָלט געהאַט הייסע קאַרטאָפל אין מויל... חנה דערציילט אים בקיצור דאָס אומגליק וואָס ס'האָט זיך מיט משהלען געטראָפן. — איך קען דאָך מיין משהלען, ער איז דאָך א חבר מיט אייער יוספל!

— צו דער זאַך! שלאָגט זי איבער דאָס דאַרע יידל — כ'האָב נישט קיין צייט צו פאַרלירן.

— גוט. מיינע לייכטער זענען אייך באַקאַנט. איך וויל זיי דאָ פאַרמשכונען, איר זאָלט מיר לייען אויף זיי 100 ליי.

— הונדערט ליי, איז א גרויסע סומע! דער משכון דעקט נישט און היינט פּראָצענט?

חנה, איז א ביסל צעטומלט געוואָרן. ס'איז פאַר איר געשווינד דורכגעפלויגן משהלעם געזיכט... וואָסזשע, זי וועט אים נישט קאָנען ארויסבאַקומען?

די פּאַנפּאַטשקע, האָט אויף איר געקוקט און האָט דעראָטן איר געדאַנק רופט זיך אָן: איך וועל גאַראַנטירן פאַרן רעשט. וואָס אנבעלאַנגט, פּראָצענט, וועל איך מיך שוין איינפאַרשטיין מיט אייער פרוי, כ'וועל איר געבן קעז מיט פּוטער, מילך, וואָס ס'וועט זיך לאָזן...

שלושה דברים, צוויי ווערטער. ברענגט די לייכטער און איר ביידע וועט מיר אונטערשרייבן די וועקסאַלעך, ווייסע זעלבסט פאַרשטענדלעך.

— כ'האָב נאָר צוליב אייער מאַן דאָס געטאָן. ער איז א לייטישער מענטש, און א חוץ דעם, דאַרף מען דאָך מקיים זיין די מצוה פון פדיון-שבויים — האָט ער געזאָגט מיט א שמייכעלע, וואָס האָט אים געפּאַסט ווי א חזיר אויירינגלעך. ביידע פרויען האָבן זיך איבערגעקוקט און וואָס זיי האָבן אים געוווּנטשן אין זיך... הלוואי וואָלט עס אים נאָר די העלפט אָנגעגאַנגען, וואָלט אויך געווען גענוג.

— כ'וועל איצט מיך דורכגיין צו דעם שטובל, וואָס געפינט זיך אין סטורזעס הייזער, דער שכור איז זיכער דאָרט, און וועל נאָך היינט מיט אים ענדיקן — האָט די פּאַנפּאַטשקע געזאָגט צו חנהן.

אינגדרויסן האָט ווידער געליאַפּעט. ס׳איז געווען אַ בלאָטע איבער די אויערן. די פּאַנפּאַטשקע גייט גנבער, זי פילט נישט ווי דאָס וואַסער איז אַ גאַנצער באַלעבאָס אין אירע שיך. זי קומט אַריין אין דעם „שטיבל“ וווּ די אַדונים באַלעווען. דער אַדוואָקאַט גייט איר אַקעגן. די אויגן בלישטשען, דאָס פּנים רויט.

— זאָג, — רופט ער זיך אָן צו איר — האָסט געבראַכט די פּו־תיקאַ?

— יאָ, געבראַכט! אַ גאַנצן הונדערטער! געליגן ביים ציגעלעם בערדל. פאַרזעצט דאָס ביסל אָרעמקייט. „ברענגען זאָל מען דיר אַ קרענק און אויסזעצן זאָל זיך דיר מכּות!“ — האָט זי זיך געטראַכט.

— וואַרט צו אַ ביסל. כ׳גיי אַריין צום מאַזשור, מיט אים זיך דורכשמועסן. ער גייט אַריין אין אַ צווייט שטובל, פאַרמאַכט נישט גוט צו די טיר.

— הער נאָר, דו! די זשידאָווקע, האָט געבראַכט אַ פּופּציקער, נעם צו דאָס מזומן און זאָל זיין „לחיים“. און קלאַפּט אָן זיין גלאָז מיט ווייַן אָנעם מאַזשורס גלאָז. יענער קוקט אים אָן. — וואָס פאַר אַ חיים? — ס׳האָט אים אויסגעוויזן, אַז חיים האַלאַטשעסטער, דרייט זיך דאָ אַרום, און פאַר יענעם, האָט ער מורא געהאַט. חיים איז געווען אַ דאָרפס־יונג און האָט זיך נישט געלאָזט שפּייען אין דער קאַשע. ער האָט געהאַט אַ פּאָר ידים און אַז עמעצער האָט אים אָפּגעטראָטן אויפן הינעראויג, האָט ער געהאַט זיין ערלעך אויסקומעניש. דער מאַזשור, איידער ער איז אַריין אין מיליטער, האָט געהאַט דעם כּבוד צו פאַרזוכן פון חיימס פּעטש, אַזוי אַז זיי זענען אים געלעגן אין טעם. דער אַדוואָקאַט האָט געוווּסט דערפון און האָט באַלד גענוכט צו פאַרגלעטן די זאַך, ער דערציילט אים וועגן אַן אַנדערן חיים, אַ מוראַדיקן, כּדי צו ווירקן אויפן מאַזשור. און חוץ דעם, זאָגט דער אַוודאָקאַט, „לחיים“ הייסט אויף יידיש — „נאַראָק“ גיסט אים אָן דאָס גלעזל! נאַראָק, ניצע! נאַראָק, ביז אַראָפּ! — מ׳טרינקט אויס.

— כ׳וועל נישט מאַכן מיט די זשידאָווקעס קיין שום געשעפט. איך בין אַ ריינער רומענער, כ׳שווער אויף מיין צלם! (ער צלמט זיך). אַ הונט זאָל איך זיין אויב איך נעם אַ באַניקל.[1]

---

[1] אַ גראָשן.

— זיי נישט קיין נאַר, געלט האָט נישט קיין ריח. נעם און שיק אריין דער מאמען דייגער, זי דאַרף מסתם האָבן. היי נאָראָק!ביידע זשליאָקן אוים ביז צום דנאָ. און דער וויין איז איצט טייער. אין אזא ביטערער מלחמה-צייט, מוז מען טרינקען. יאָ, טרינקען — היי נאָראָק! זיי ליידיקן ווייטער אוים די גלעזער. דער מאזשור שליקערצט א ביסל און זאָגט:

— מיינסט, אז כ'בין אזא שוטה? ס'איז א מצוה ביי זיי צו נעמען. ס'איז אָבער ווייניק, און א חוץ דעם האָב איך געזען צוויי גענדז דרייען זיך ארום ביי די זשידאָווקעס אין הויף.

— הער מיך אוים, דאָס זענען אָרעמע לייט. גוט ביי א חזיר א האָר! איך מיין, אז דו וואָלסט אים געדאַרפט ארויסלאָזן אָן א גראָשן. דו האָסט נישט געזען, אז דער גאנצער שאנטיער איז געווען אויפגערו-דערט? דו ביסט דאָר נישט קיין נאַר. וואָס דאַרפסט וואַרטן, ביז וואַנען מ'וועט דיר א באַפעל געבן דו זאָלסט אים באַפרייען?

— היי נאָראָק! היי נאָראָק!

— ביסט גע-גע-גע-רעכט. גיב אהער.

ער האָט אים געגעבן א פופציקער פונעם געלט וואָס ער האָט באַ-קומען.

— איצט פאָרן מיר צו און מיר לאָזן אים ארוים.

— אין אָרדנונג, האָט צוגעבאָמקעט דער מאזשור.

— מענדל! שרייט דער אדוואָקאַט. די דראָשקע איז צוגעפאָרן. ביידע פאַרשוויגען האָבן זיך שווערלעך אויפגעזעצט, און צוגעפאָרן באַפ-רייען משהלען.

# קאפיטל VII

ווען משהלע איז אהיים געקומען, האָבן זיך באַלד געגעבן א לאָז שכנים און נאָענטע זיך צו אינטערעסירן, וואָס ס'איז דאָרט פאָרגעקומען מיט אים? פארוואָס און פארוועו האָט מען אים פארנומען? און נאָך א סך אנדערע פראגן. משהלעס מאמע, וואָס איז בטבע א גאסטפריינטלעכע, האָט דאָס מאָל זיך אָנגענומען מיט מוט און געענטפערט די אלע ביינעריקע:

— האָט קיין פאריבל נישט, קוקט נאָר אָן דאָס קינד ווי אויסגעמאטערט און ווי בלייך עס איז. לאָזט אים אָפּ איצט, אימערצעשעם מאָרגן, וועט איר זיך דערוויסן אלץ, וואָס מיט אים איז פאָרגעקומען. דאָס קינד נויטיקט זיך אין רו, עס זאָל קומען צו זיך.

די אָנוועזנדע האָבן אָנערקענט, אז די מוטער איז גערעכט און זענען אוועק. איינע פון די שכנות האָט געזאָגט, ווען זי איז געשטאנען שוין אויף דער שוועל: — יעדנפאלס, דארף ער גומל-בענטשן, וואָס ער איז ניצל געוואָרן פון זייערע לאפּעס.

די מאמע האָט אלע קינדער געבעטן, מ'זאָל משהלען נישט מער מוטשען. זי האָט אים געהאָלפן, ער זאָל זיך אָפּוואשן און איבערבייטן און אים געשיקט זיך לייגן שלאָפן.

ליגנדיק אין בעט, האָט די מאמע, וואָס האָט געהאַט די זאָרג פונעם הויזגעזינד, געקלערט, ווו נעמט מען עפּעס געלט כדי עפּעס צו קויפן פאר די קינדערלעך. ס'קומט דער ווינטער און ס'איז נישטאָ קיין ביסל מעל, קיין ביסל קארטאָפל. קיין נאפט, קיין האָלץ. דער קאָפּ האָט זיך איר געשפּאָלטן. מיטאמאָל האָט געגעבן א לייכט אין מוח, זי האָט זיך דערמאָנט: אז די שכנטע האָט איר געזאָגט, אז ס'פרעגט זיך נאָך א רומענישער

פליכטלינג נאָך אַ צימער, זי האָט איר געזאָגט, אַז דאָס איז אַן ארבעטער וואָס ארבעט אין די אייזנבאַן-אַטעליערן. זי וועט זיך מאָרגן אינדערפרי באַלד אינטערעסירן, ווער דער איז, און וווּ מען קען אים טרעפן און וועט אים פאַרדינגען דאָס הינטערשטע צימער.

אינדערפרי איז זי אַריינגעגאַנגען צו דער פּערענצקע און זי געבעטן, זי זאָל איר צושיקן דעם ארבעטער, וואָס זוכט אַ צימער.

— כאָטש איך בלייב נאָר מיט דעם קעכל און וועל מיך נישט האָבן וווּ אהינצוטון מיט מיינע פינעף קינדער, האָט זי צוגעגעבן. נאָר אַ ברירה האָב איך? די פּערענצקע האָט זי באַדויערט און איר געענטפערט, אַז דער הער קאָנסטאַנטין, געפינט זיך אין צווייטן צימער און זי וועט אים באַלד אַריינרופן.

ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און ס'איז אַריינגעקומען אַ יונגער שיינער רומענער מיט שוואַרצע אויגן און אַ חנווּדיק פּנים. ער האָט אָנגעקוקט דאָס צימער, זיך פאַרגלייכט מכּוח דירה-געלט, געגעבן אַן אַדערויף און טאַקע דעם אַנדערן. טאָג זיך אַריינגעצויגן.

גאַנצפרי איז די מאַמע אויפגעשטאַנען און זיך געלאָזט גיין אויפן ביאַמצער וועג, אפשר וועט מען אַרויסברענגען אַ ביסל קאַרטאָפל, אַ ביסל פּאָפּשוי-מעל. אַ פּויערטע האָט געבראַכט אַ ביסל קאַרטאָפל, זי וויל אָבער נישט פאַרקויפן, זי וויל נאַפט. די מאַמע האָט זיך געטראַכט, אַז נאַפט וואָלט זי געדאַרפט אַליין האָבן און האָט נישט. זי האָט געהויבן די אַקסל, זיך בעסער איינגעוויקלט אינעם שאַל און ווייטער געפּרוּווט דאָס מזל, אפשר וועט זי פּאָרט עפּעס באַקומען. זי זעט פונדערווייטנס אַ פּאָר פּויערטעס וואָס טראָגן „טרייסטעס" (סאַקוועס) אויף די פּלייצעס, זיי טראָגן זיכער דאָרט פּאָפּשוי-מעל מיט עטלעכע אייער, טראַכט זי זיך. זיי קומען נענטער, אָבער ס'האָט זיך ווידער אויסגעלאָזט אַ בוידעם... די פּויערטעס האָבן פאַרלאַנגט זייף, אַנדערש גיבן זיי נישט אַוועק דאָס ביסל פּאָפּשוי-מעל, וואָס זיי האָבן אָפּגעריסן פונעם מויל פון זייערע קינדער. זיי מוזן האָבן זייף, זאָגן זיי, ווייל ס'בושעוועט דער טיפוס און מאַכט אָן אַ חורבן אין די דערפער. די מאַמע האָט צוגעזיפצט, ווי איינער רעדט: דו ביסט גערעכט, נאָר מיט וואָס נאַר איך אָפּ די מאָגנס פון די קינדער? זי האָט זיך געדרייט איינע אויפן מאַרק און איז אהיימגעקומען מיט ליידיקע הענט.

אין אָן אויפדערנאַכט, איז געקומען קאָנסטאַנטין, מיט אַ חבר זיינעם צו זיך אין צימער. ער האָט געבעטן דערלויבעניש צו מאַכן אַ טיי אויף דער פּליטע, וואָס האָט קוים געדרעכעט, מחמת דאָס האָלץ איז געווען

נאס און האָט געוויינט טאקע ממש מיט גרינע טרערן, וואָס זענען אראָפּ־געפאלן אויפן פריסיק און האָבן זיך געווערט א ווײלע. ס'האָט זיי אָבער גאָרנישט געהאָלפן, זיי זענען אנטרינען געוואָרן אין דעם אש וואָס האָט זיך געביטן דאָס קאָליר פון גרוי־שווארצלעך ביזן גאטירלעכן אש־גרוי.

ווען דער טיי איז פארטיק געוואָרן, האָט משהלע אים אריינגעטראָגן קאָנסטאנטינען. קאָנסטאנטין האָט אים געבעטן, ער זאָל אויך בלייבן און טרינקען צוזאמען. משהלע האָט זיך קודם געקווענקלט און איז ענדלעך געבליבן.

— אנו, הערצייל נאָר — האָט זיך קאָנסטאנטין אָנגערופן צו זיין חבר בארבו, וואָס הערט זיך דאָרט אין די פארנומענע געגנטן, ווו דער דייטש איז אריין?

— ס'איז דאָ א סך צו דערציילן, האָט מיט א טיפן זיפץ געענטפערט בארבו. דו געדענקסט מן־הסתם דאָס יקרות, וואָס איז אויסגעבראָכן נאָך איידער אונדזערע פירערס האָבן אריינגעפירט אונדזער לאנד אין דער גרוי־זאמער מלחמה? שפעטער האָט דאָס געהאלטן אין איין וואקסן. פריער איז נישט געווען מעגלעך אויסצוקומען מיטן לוין, ווייל אלע מאָל האָט זיך אלץ מער געשפּירט דער מאנגל אויף פארשיידענע זאכן און לעבנס־מיטל, וואָס פלעגן עקספּאָרטירט ווערן, טיי אין די לענדער פון דער "אנטאנטע", טיי אין די לענדער פון די „צענטראלע מלוכות". ווי דו ווייסט שוין, איז דאָס בלוט און פלייש פון אונדזער לאנד אויסגעזויגן, אויפ־געפרעסן געוואָרן פון די „ליבעראלע מייז", וואָס האָבן געפירט דאָס לאנד צום אָפּגרונט, אריינפּירנדיק דאָס פאָלק און א מלחמה, אין וועלכער די בעסטע זין פאלן אויף די שלאכטפעלדער. די אזוי גערופענע פאטריאָטן וואָס האָבן געהעצט יאָרן דורכאנאנד צו מלחמה, און האָבן ארויפגעצווונגען גרויסע שטייערן אויף דער באפעלקערונג, כלומרשט זיך צו פארטיידיקן, האָבן דאָס לאנד אריינגעפירט אין חובות איבערן קאָפּ.

בארבו, שטעלט צוריק דאָס גלאָז טיי, וואָס ער האָט געהאלטן אין דער האנט, ווישט זיך אָפּ דעם שווייס, וואָס האָט געקאפּעט פונעם שטערן.

קאָנסטאנטין, קוקט מיט אויפמערקזאמקייט אויף זיין חבר בארבו, און משהלע האָט אויפגעמאכט מויל און אויערן, אויפגעכאפּט איטלעכס וואָרט, וואָס דער גאסט דערציילט. קאָנסטאנטין, לאָזט אראָפּ דעם קאָפּ. אויף זיין פּנים, האָט זיך פארשפּרייט אן אומעטיקער טרויער,־„ ס'שוועבן ארום אינעם קאלטן שטיבל זיינע ליבע קינדערלעך, זיין פרוי און זיינע עלטערן, וועלכע ער האָט איבערגעלאָזט אין יענער זייט, און געצווונגען

געווען צו אנטלויפן און זיי איבערלאָזן צווישן פעד און שוועבל, מיט וועלכע די דייטשע רויבערישע ארמיי האָט זי מזכה-געווען".

— יאָ, זאָגט קאָנסטאנטין, די פריצים האָבן אָפּגענארט דאָס פאָלק, עס געשיקט צו דער שחיטה, אָן א פארוואָס און אָן א פארווען. אונדזערע סאָלדאטן זענען שלעכט באוואָפנט, מיט אלט כלי-זיין, מיט זייער ווייניק פּראָוויאנט און סאניטארער הילף. די וואָס שטארבן נישט אויפן פראָנט, שטארבן פון טיפוס און פון אנדערע קרענק. ער שטעלט זיך אָפּ אויף א ווײַלע, דערנאָך הויבט ער אויף דעם קאָפּ און ווענדט זיך צו זיין חבר בארבו — כ'פארשטיי נישט, פארוואָס די קאטאסטראָפע איז מיט אזא אימפעט אונדז באפאלן, מ'האָט דאָך כמעט אונדזער גאנץ מיליטער צעשמעטערט! ווען כ'בין געלאָפן, צוזאמען מיט גרויסע מחנות פּליטים, האָב איך געזען, ווי די ראפינעריעס, זאוואָדן, פאבריקן, דעפּאָזיטן — ברענען; ס'ווערט פארשרפעט דאָס האָב און גוטס פון אונדזער פאָלק. דערקלער מיר, טייערער בארבו. וויאזוי איז דאָס מעגלעך געווען, אז אזא בהלה, אזא טויט-שרעק זאָל ארומכאפּן דאָס גאנצע לאנד. ווו זענען די פארבינדעטע אונדזערע: די ענגלענדער, די פראנצויזן? כ'בין א פּשוטער מענטש, כ'פארשטיי נישט!

— היץ דיך נישט, חבר קאָנסטאנטין! וואָס פארשטייסטו דאָ נישט? די ענגלישע, און פראנצויזישע „פריינט" האָבן אָפּגענארט און נישט געעפנט דעם פראָנט פון דאָבראָדזשע. דער רעזולטאט איז געווען, אז די דייטשע האָרדעס האָבן איבערגעריסן דעם פראָנט און האָבן אָנגעהויבן צו טרייבן אונדזער מיליטער, וואָס האָט געגרייכט ביז סיביו. דער שטורם איז געווען אזא גוואלטיקער, אז אונדזער מיליטער האָט געמוזט איבערלאָזן אונדזערע טייערע געגנטן, מונטעניע און אָלטעניע, און לויפן, ביז מיר זענען אָנגעקומען אהער. דריי פערטל פון אונדזער לאנד איז פארכאפּט געוואָרן פון ווילהעלמס רויבערישע ארמייען. ס'האָט זיך אָנגעהויבן א פעריאָד פון נויט און פיין פאר דער גאנצער אָרעמער באפעלקערונג. די ענגלישע באלעבאטים האָבן באפוילן און די רומענישע לאקייען האָבן אויסגעפירט און אָנגעצונדן די פעטראָל-אינסטאלאציעס. א גרויסע פייער-צונג האָט ארומגעכאפּט די רייכסטע געגנטן פונעם לאנד. אלץ איז געווען דורכגעפירט לויט דער „פאָטערלעכער" השגחה פון ענגלישע קאָלאָנעלן, פונעם ענגלישן פארלאמענט. זיי האָבן געשעפּט נחת, זעענדיק ווי א ים פון פייער האָט ארומגענומען גאנצע רומענישע געגנטן.

אין די טעג פון חורבן, האָט יאָנעל בראטיאנו נישט פארגעסן זיינע מיאוסע געשעפטן. ער באוואָרנט זיך אין די ענגלישע בענק מיט דער קיילעכדיקער סומע פון 100.000.000 ליי אין גאָלד.

דער דייטשער סיסטעמאטישער רויב און עקספּלואטאציע-סיסטעם האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער הילף פון מארגילאָמאנען, דער טייערער משרת ווילהעלמס, און געבענטשט פון דעם גרויסן „פּאטריאָט" יאָנעל בראטיאנו. און אויפן פאָלק איז געפאלן די גאנצע תוכחה: די גרעסטע טייל באפעל־קערונג איז מאָביליזירט געוואָרן צו צוואנגס-ארבעט. זיי האָבן ארויסגענו־מען דעם מארעך פון די ביינער. צוגעטיילט א מינימאלע ראציע ברויט. דער מאנגל איז געוואקסן, נישט געווען מיט וואָס זיך אָנצוטון און וואָס צו עסן. אלץ האָט דער אָקופּאנט פארנומען און אוועקגעשיקט קיין דייטשלאנד.

— כ'בין דורכגענומען מיט ווייטיק און שרעק, טייערער בארבו, האָט קאָנסטאנטין געזאָגט. די ווערטער זענען געזאָגט געוואָרן מיט אזוי־פיל טרויער, אז משהלען האָט זיך גערדאכט, אז ער הערט דאָ אן איכה־ניגון, דעם ניגון פון פארצווייפלונג און טרויער.

מילאָ, זאָגט בארבו, מירן לעבן און מירן זען. ער טרינקט דאָס קאלטע גלעזל טיי, געזעגנט זיך און גייט אוועק.

# קאפיטל VIII

— פארוואָס האָסטו זיך אזוי פארזאָמט דאָרט — האָט משהלעס מאמע אים געפרעגט?

— דער שכן האָט מיך געבעטן, איך זאָל מיט זיי טרינקען א גלעזל טיי. כ'בין נישט באלד געקומען, ווייל דער גאסט זיינער, האָט דערציילט זייער אינטערעסאנטע זאכן פון יענער זייט פראָנט.

— ס'איז שוין שפעט, מ'דארף גיין צו סליחות, האָט זיך מענדל אָנגערופן. די מאמע האָט זיך אָנגעטון דעם פישו,[1] גענומען דאָס מחזור. אירע פארטריבטע אויגן זענען נאָך טריבער געוואָרן, דאָס פּנים אירס איז טונקעלער געוואָרן. מיט א ביטער הארץ, איז זי געגאנגען אויף דער גאס, וואָס איז געווען איינגעהילט אין פינצטערניש. די נאסע קעלט איז זיי אריין אין די ביינער. א בייזער ווינט האָט צעשויבערט די עטלעכע ביי-מער, וואָס זענען געשטאנען ווי פאריתומטע, די קרוינען זענען אלץ נא-קעטער געוואָרן, די געלע בלעטער, געיאָגטע פונעם ווינט, האָבן געקלאפּט אויף די באטריבטע פּנימער, אויף די שווארצע שאָטנס וואָס האָבן שווער געקעמפט צו מאכן נאָך א שפּאן זיך צו דערנענטערן צום קלויז.

אינעם קלויז, וואָס איז געווען פול מיט יידן, האָט געהערשט דער יאָמער און דער ווי. דאָס רעדל, וואָס האָט ארומגענומען דעם סאָלדאט, וואָס איז נישט לאנג ארויס פונעם שפּיטאָל, אָן אן אויג, איז אלץ מער געוואקסן. דער נייגיר, וואָס ס'טוט זיך אויפן פראָנט, דער צער און דאָס מיטגעפיל האָט זיי אלעמען ארומגענומען.

[1] קאָפּ־טוך

צווישן די אלע גרוילעכקייטן, וואָס האָבן נישט געהאט קיין שיעור און קיין ערך, האָט אויף משהלען געמאכט א טיפן רושם, ווען ער האָט געהערט. „אז אויף דעם בולגארישן פראָנט האָט אָנגעהויבן פאלן א רעגן פון קוילן, א שטורעם פון פייער, וואָס האָט ארומגעכאפט מאסן פון מענטשן וועלכע זענען געפאלן ווי די פליגן".

ווען דער גבאי, האָט געגעבן א קלאפ אין שולחן און מודיע געווען אז דער רבי, איז שוין געקומען, האָט זיך דאָס רעדל צעפאלן און אלע האָבן זיך געזעצט אויף זייערע שטעט, די טרויריקע און בעטנדיקע שטים פונעם בעל-תפילה, האָט צערודערט דאָס געמיט פון דער אומבאהאָלפענער מאסע, האָט זי אריינגעבראכט אין עקסטאז, כאָטש דער רוב פון די אָנ-ווענדיקע האָבן נישט פארשטאנען וואָס דער שליח-צבור זאָגט און וואָס זיי אליין זאָגן. פאר משהלען האָט זיך נישט אָפגעטון דאָס בילד פונעם „רעגן מיט קוילן", „דער שטורעם פון פייער", וואָס האָט אריינגענומען אין זיינע פלאמען דאָס בעסטע, דאָס שענסטע, די יונגט פון אלע עקן לאנד. דער יאָמער און דער וויגעשריי האָבן מיטגעריסן משהלען, ער האָט געהאט דאָס געפיל, אז די מאסע לעכצט צו שלום, לעכצט נאָך אויסלייז.

די וואָס האָבן געהאט א דירעקטע שייכות מיטן פראָנט, דאָס הייסט די וואָס האָבן געהאט קינדער אָדער נאָענטע דאָרט, האָבן געוויינט; די ווייבערישע שול האָט זיך געלאָזט הערן. בקיצור, ס'איז געווען יגון-ואנחה.

נאָכדעם וואָס די סליחות האָבן זיך פארענדיקט, האָט זיך אויפסניי געמאכט א רעדל ארום דעם סאָלדאט, וואָס האָט זיך אָנדערציילט פון די אלע אומגליקן פונעם פראָנט. דערשיטערט זענען זיי געוואָרן, ווען ער האָט דערציילט, אז א רשע-מרושע, א גענעראל האָט געשיקט אין די ער-שטע רייען — נאָר יידן, זיי זאָלן וואָס גיכער דערהרגעט ווערן. בשעת ער האָט דאָס דערציילט, איז אויפגעשפרונגען נפתלי סטאָליער. זיינע בלויע אויגן האָבן געפינקלט, האָבן געקוקט ווייט, גלייך זיי וואָלטן ערגעץ געזוכט גערעכטיקייט. זיין אויסגעדייוועט פנים און זיין מאָגערער האלדז, אויף וועלכן די בלויע אָדערן, אין וועלכע עס האָט געזאָטן דער בלוטיקער צאָרן, האָבן זיך געשלענגלט, האָט אויסגערופן: — געוואלד! ווו נעמט זיך אזא אכזריות! די יידן, וועלכע האָבן קיין שום פאָליטישע רעכט, פארקערט מען טראכט אויף זיי אוים פארשידענע בלבולים, מ'לאָזט נישט צו קיין יידן צו קיין שום מלוכהשע אָדער מוניציפאלע אינסטיטוציע אָדער אונטער-נעמונגען; צו דעם מולך אָבער שיקט מען זייערע קינדער אין דער ער-שטער ריי! אזא אכזריות! אזא פארברעכן! ס'וועט אָבער אייביק נישט

אזוי בלייבן! אויף זיין פארחושכט פנים, וו מ'האָט קיינמאָל נישט געזען קיין געזונטע פארב, האָבן זיך באוויזן רויטע פלעקן, וואָס זענען אָבער באלד פארשוואונדן געוואָרן און ער האָט צוריק באקומען דאָס טאָג-טעגלעכע פנים, אויף וועלכן די קנייטשן זענען געווען דער באלעבאָס, כאָטש ער איז נאָך געווען יונג. כמעט אלע וועלכע זענען געווען אין קלויז, זענען ארומ-געגאנגען מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ און מיט שווערע געמיטער.

דאָס לעבן איז זיך געגאן זיין גאנג. מ'איז ווי געוויגט געוואָרן מיט די צרות. משהלע, איז געקומען יעדן טאָג צו זיין ארבעט. ביינאכט אָבער, און אין די פרייע שעהן, האָט ער געלייענט פון די פארבאָטענע ביכער, וועלכע זענען געווען פארשלאָסן אינעם פארקלעפּטן שאפקעלע מיטן גרינ-לעכן פאפיר, וואָס איז געשטאנען טאקע אין „מיטן" רבישן הויף.

מאטעסל, דעם רבינס איידעם, וואָס האָט אהער אריינגעבראכט די ביכער, איז געווען א באהאוונטער אין דער וועלטלעכער ליטעראטור און האָט געשטרעבט זיך ארויסצורייסן פון דער רבנישער מיטלאלטערלעכע אטמאָספער. ער האָט געוואָלט ארויס פונעם געטאָ, צוזאמען מיט דעם איבריקן עולם, וואָס איז געצווימט געווען פון די אָרטיקע יידישע דאָגמעס, וואָס האָבן געהערשט אין דער האלב-פעאָדאלער אָרדענונג.

פון דעם „צויבער-שאפקעלע" האָט משהלע אָנגעהויבן שעפּן זיין ליטערארישע חיונה. פון דאָרט האָט ער באקומען בשתיקה אלע מאָל א ניי ביכל, הן אויף יידיש און הן אויף העברעאיש. דער האָריזאָנט האָט זיך פאר אים אָנגעהויבן צו עפענען, נאָר באלד איז ער פארשוואונדן גע-וואָרן, וויל אויף די הארבע שאלות זיינע, פארוואָס א קליינעם טייל איז גוט, און דעם גרויסן עולם איז שלעכט, האָט ער נישט געפונען קיין ענט-פער אין די דאָזיקע ביכער.

א מאָל, ווען דער אמת-זוכער איז געזעסן לעבן א קוואל וואסער אונ-טער א בוים, פארטיפט אין דער „קליאטשע", אין וועלכער ער האָט זיך פארפלאָנטערט, האָט ער דערפילט, ווי עמיצער שטייט ביי זיינע פלייצעס. ער האָט גיך צוגעמאכט דאָס ביכל און ארויפגעלייגט דערויף דאָס רעקל. ער דרייט זיך אוים און זעט, ווי א מיידל קוקט אויף אים, דער מאָדנער שמייכל אירער איבעראשט אים.

זי רופט זיך אָן צו אים: — וואָס ביסטו אזוי איבעראשט? כ'האָב דיך נישט איינמאָל געזען דורכגיין דורך מיין פענצטער, און נישט איינ-מאָל דיר נאָכגעגאן פון דער ווייטנס און צומאָל טאקע צוגעגאנגען נאָענט און געזען, ווי דו לייענסט מענדעלען. כ'האָב דיך אָבער נישט געוואָלט

שטערן און בין ווייטער געגאנגען. הײנט האָסטו מיך נעכאַפּט ווי איך קוק דיר נאָך. שרעק דיך נישט! כ'וועל קיינעם נישט דערציילן.

משהלעס פּנים האָט זיך געביטן, איז בלייך געוואָרן. ער האָט אָנגעהויבן צו שטאַמלען, זי האָט אים אָבער באַלד באַרואיקט:

— נישקשה, ס'איז נישט קיין אומגליק, אָט זע, ווי איך לייען אויך ביכער און באַהאַלט זיי נישט. זי נעמט אַרויס אַ רומעניש בוך און ווייזט אים.

ער קוקט עס אָן, לייענט דעם טיטל, דעם מחבר, און גיט עס איר צוריק

— אפשר ווילסטו לייענען דאָס דאָזיקע בוך, קאָן איך עס דיר לייען, האָט מערי געזאָגט.

— כ'וואָלט עס זייער געוואָלט לייענען, נאָר ס'איז מיר שווער, כ'פאַרשטיי נישט אַלע אויסדרוקן, האָט איר משהלע געענטפערט.

— אויב דו ווילסט, קאָנען מיר קומען אַהער, אָדער אויף אַן אַנדער פּלאַץ, און איך וועל דיר געבן צו פאַרשטיין די אַלע שווערע שטעלן, האָט זי געזאָגט, זייער פריינטלעך.

משהלע קלערט אַ ווײַלע, ער קוקט אויף איר. די טיפע שוואַרצע אויגן אירע, וועלכע האָבן געוואַרט אויף אַן ענטפער, האָבן אים דורכגענומען. ער ענטפערט שטיל:

— גוט. מיר וועלן פּרוּוון.

מערי, אַ צופרידענע, האָט געקוקט אויף אים. דער שמייכל אירער האָט זיך געדרייט אַרום אירע חן-גריבלעך. זי האָט אים האַסטיק געדריקט די האַנט, — מאָרגן, אין דערזעלבער שעה, וועלן מיר זיך דאָ ווידערזען. אַ גוטן טאָג!

משהלע האָט איר לאַנג נאָכגעקוקט. ער האָט באַמערקט, ווי, פלינקע, אָפּגעטאָקטע פיס, שפּרונגען וויליונגעריש אויף די ליימיקע טרעפּ וואָס פירן אַרויף אין שטעטל אַריין.

קומענדיק אַהיים האָט זיך משהלע דערמאָנט, אַז די מוטער האָט אים געבעטן, ער זאָל קויפן אַ מאַלײַ. ער איז געווען אין עטלעכע בעקערייען און נישט געטראָפן. ער האָט זיך דערמאָנט אין דער גראָבער רחל, דאָרט וועט ער זיכער טרעפן. און אַזוי איז טאַקע געווען. ער איז אַרײַנגעקומען, פאַרלאַנגט און באַקומען אַ מאַלײַ, אָבער אַן אַלטגעבאַקענעם.

— זײַ אַזוי גוט, זאָגט צו אים רחל די גראָבע, די וווּכערניצע, און גיי אַריבער צו דעם טיטן ציגענעם בערדל, רוים אים איין אין אויער: ער זאָל געבן פאַר דער מומע רחל אַ קילאָגראַם שאָקאָלאַדע. בשעת מעשה

שליגנט זי איין א שטיק שאָקאָלאד, און איר דריינאָרניקער גוידער הויבט זיך אָן צו באוועגן. זי שליסט כמעט צו די אויגן, ווי אן ערלעכער ייד בשעת א טיפער כוונה.

משהלע קוקט זי אָן, און קלערט זיך: נעבעך, א רחמנות אויף איר, ער דארף איר גיין גיך ברענגען שאָקאָלאד, טאָמער נישט, קאָן זי חלילה־וחס פארלירן עטלעכע גראם, און דאָס וואָלט געווען אן אומגליק...

ווען ער איז אהיימגעקומען, האָבן די ברידער און שוועסטער אים אויפגענומען מיט א ברוך־הבא.

— אים איז גוט צו שיקן נאָכן מלאך־המות! האָט די עלטערע שוועסטער געזאָגט, מענדל האָט גיך געכאפט א מעסער, צעטיילט דעם מאליי, וואָס האָט שוין געשמעקט נאָך שימל, און... מ'האָט זיך באלעקט פון אים. נאָך דער דאָזיקער סעודה האָבן זיך אלע געלייגט שלאָפן.

— א חלום האָט זיך געדרייט ארום משהלען און האָט אים געפאנגען. די ווארעמע קערפערס פון זיינע ברידער, מיט וועלכע ער איז געליגן אין איין בעט, האָבן זיך צוגעטוליעט צו אים. ער זעט זיך דאָרטן „אונטער דעם בערגל לעבן דעם קוואל“. עס קומט אים פאָר „די קליאטשע“, „ישראליקס טענות“, לאָזן אים נישט רוען... ער ווארפט זיך אינעם בעט. יאָ. וואָס פארא אויגן האָט זי געהאט? ער געדענקט נישט גענוי. און ווי ער טראכט אזוי, דערשיינט זי פאר זיינע אויגן, ער קוקט זיך טיף אריין אין זיי. ער זעט שוין נישט עפּעס אנדערש. מערי גיט מיט א מאָל א טרייסל מיט די אקסלען און אירע צעלאָזטע געקרויזטע האָר האָבן באלד פארדעקט איר אָפּגעטאָקטן האלדז. ס'האָט נישט געדויערט קיין ווייל[ע], און דער האלדז האָט זיך אויפסניי באוויזן, אויף וועלכן ס'איז געשטאנען שטאָלץ איר קאָפּ. ער זעט שוין נישט די אויגן, זיי קוקן שוין נישט אויף אים, נייערט ערגעץ ווייט... כאָטש ס'געפעלט אים דאָס בילד, פילט ער אָבער, ווי עמעצער עצהט אים, ער זאָל אויסשטרעקן זיינע הענט און אויסדרייען דעם קאָפּ צו זיך. צו זיך. ער וויל זיך טובלען אין דעם קלאָרן צויבער־קוואל... מענדל האָט זיך מיט א מאָל געגעבן א דריי אוים און אים געגעבן א שטויס. משהלע האָט אויף א ווײלע געעפנט די אויגן. — וו בין איך? — איז אים דורכגעפלויגן א געדאנק — נישט ביי די שיפעטעס? ער האָט געגעבן א קוק אויף די ווענט, וועלכע זענען געווען באצירט אין די ווינטער־טעג־און־נעכט מיט פארגליווערטע טרערן. ער קען זיי גוט אָט די טרערן, וואָס באווייזן זיך אויף די פארפרוירענע ווענט גאנץ פרי, ווען דער לעצטער הויך, וואָס פלעגט ארויסקומען פון דעם בלעכערנעם אייוועלע, איז שוין לאנג אוועק...

— יאָ, ער איז אינדערהיים, נישט ביי די שיפּעטעס.

דער טאָג האָט אים, ווי אַלע טעג, נישט געבראַכט קיין פרייד. ער איז געגאַן, ווי זיין שטייגער איז געווען, צו דער ארבעט, וואָס האָט אים געאיבלט. די צוויי ברידער האָבן אים פּשוט געעקלט, זיי האָבן זיך מיט אים געשאַפּט, באַלד דאָס, באַלד יענץ. וואָס האָט זיי אויסגעפּעלט? מאקע „נישט מער ווי די שמד", ווי די מאמע פלעגט זאָגן. איינס האָבן זיי אין זינען געהאַט... וואָס מער זיך צו פּוצן, בייטן די זיידענע קראַוואַטן און קלערן צו „זנות". דאָס מאָל האָט עס משהלע געמאַכט בקיצור. גע-נומען דאָס ביכל, אריין אין קלויז, איצט וועט אים קיינער נישט זען. מאַכט אויף ס'ביכל... פּלוצעם דערמאַנט ער זיך אין מעריז, זי וואַרט שוין זיכער אויף אים דאָרט. זיין ביכל באַהאַלט ער אין שטענדער, פאַרשליסט אים און איז גיך אַוועק צו זיין ערשטן „ראַנדעוווּ".

— אַנטשולדיק מיר, וואָס כ'האָב אַ ביסל פאַרשפּעטיקט, האָט ער געזאָגט מיט אַ תחנונים-קול.

— ס'איז נישט געפערלעך, דאָס מאָל פאַרגיב איך דיר.

— זאָג מיר, איך בעט דיך, צו וואָס טויגן דיר די זשאַרגאָן-ביכער. אַנו, זעץ דיך אַוועק, און איך וועל דיר פאָרלייענען אַ קאַפּיטל פון דעם רוסישן ראָמאַן „די מאמע" פון מאַקסים גאָרקי. האָסט זיכער נישט גע-הערט פון אים. ער קוקט זי אָן פאַרוווּנדערט. וואָס האָט זי געזאָגט? וואָס פאַר אַ זין האָבן די ווערטער?

— ערשטנס, וויל איך דיר זאָגן — האָט משהלע געענטפערט — אַז כ'האָב מיך זייער גוט געפילט ווען כ'האָב געלייענט „מענדעלען", כאָטש דער אינהאַלט האָט מיך צעשרויפט און מיך אָנגעפילט מיט צאָרן און ווייטיק. צווייטנס, וויל איך דיר זאָגן, אַז דער נאָמען מאַקסים גאָרקי, איז מיר באַקאַנט, כ'האָב געזען ערגעץ אַ ביכל פון דעם מחבר. מיט פאַר-גניגן וועל איך אויסהערן, וואָס דו וועסט מיט מיר איצט לייענען. אָבער, דאָס הייסט נישט, אַז כ'בין מסכים מיט דיין ביטול צו די יידישע שרייבער און יידישע ביכער.

זי האָט פאַרצויגן ס'מײלעכל, אויף אירע ליפּן האָט זיך באַוויזן אַ חוזק-שמייכעלע, זי האָט ביי זיך געטראַכט: נעבעך, אַ צוריקגעשטאַנענער בחור. נישקשה, איך וועל אים שוין אויפקלערן. זי האָט נישט געמאַכט קיין סך שהיות, זיך אַנידערגעזעצט אויפן שטיין, אַראָפּגעצויגן דאָס קליידל איבער די פיס און אָנגעהויבן לייענען. דער בחור האָט זיך צוגעהערט מיט גרויס כוונה. איר ריין קול איז אַלץ ווייכער און מוזיקאַלישער געוואָרן.

ער האָט באַוווּנדערט אירע אינטאָנאַציעס, די פּויזעס. פאַר אים זענען געשטאַנען, ווי לעבעדיק, די געשטאַלטן פונעם ראָמאַן, וואָס זענען ממש אויסגעזויגן געוואָרן פון אָט דעם מיידל, וואָס האָט אים כמעט פאַר־חושט. ער זיצט לעבן איר, שלינגט יעדעס וואָרט, אים אַזוי גוט... ער וואָלט פון דאַנען קיינמאָל נישט אַוועק.

די זון האָט זיך אָנגעהויבן צו זעצן, די ווייסע לבנה האָט זיך שוין פון לאַנג באַוויזן אויפן הימל, און זיי זיצן נאָך ווי צוגעקאָוועט צום פּלאַץ, ביידע פאַרכאַפּט פונעם ראָמאַן. דאָס טאָג־ליכט איז צוביסלעך פאַרדעקט געוואָרן פונעם שווארצן שאַל, וואָס האָט אַלץ איינגעהילט, און זיי אויך. זיי האָבן געקוקט איינס אויף ס'אַנדערע ווי פאַרשכורטע, ווי גליקלעכע.

— אָווא! האָט פּלוצעם זיך געגעבן אַ כאַפּ דאָס בחורל, כ'האָב שוין לאַנג געדאַרפט זיין אין בית־מדרש! מיר טוט אָבער נישט באַנג, ווייל דער היינטיקער טאָג איז פאַר מיר געווען ווי אַ יום־טוב. טאַקע שמחת־תורה. כ'וועל אים נישט פאַרגעסן. מיין גאַנץ וועזן פרייט זיך. פאַרוואָס? ווייס איך נישט...

—לאָמיר גיין! ס'איז שוין שפּעט, האָט זי צו אים געזאָגט.

— גוט.

זאָלסט וויסן, אַז אין גיכן דאַרף איך אַוועקפאָרן קיין יאַס, און מיר וועלן זיך אַזוי גיך נישט זען.

גלייך ווי די נאַכט זאָל געווען פאַלן אויף משהלעס פּנים. ער האָט נישט מער געקאָנט אַרויסזאָגן קיין וואָרט.

זי האָט געזען, אַז די מרה־שחורה געוועלטיקט אויף אים. מיט אירע דריי פינגער פון דער האַנט, האָט זי אים אויפגעהויבן דעם קאָפּ. ווי אַ עלעקטרישער שטראָם איז אַדורך זיינע גלידער, זיינע אויגן האָבן אָנגעהויבן צו פינקלען. ער האָט זיינע בליקן באַהאַפטן אין אירע.

— מיר וועלן זיך נאָך דאָ זען. איך פאָר נישט אַוועק אויף אייביק. און אויך נישט מעבר לים. ווען דו וועסט געפונען פאַר גוּיטיק, קענסטו אַריינקומען קיין יאַס, וואָס איז אויך נישט אונטער די הרי־הושך.

אירע ווערטער זענען פאַר אים געווען ווי אַ רפואה, ס'האָט זיך פון אים אָפּגעטון די מרה־שחורה, ס'איז אים ליכטיק געוואָרן פאַר די אויגן. און ער האָט מיט אַמאָל געזאָגט מיט פעסטקייט: „ס'וועט זיין גוט! ס'מוז זיין גוט!"

זיי זענען אַרויף אין שטעטל.

# קאַפּיטל IX

דער פּראָסט האָט אויסגעמאָלן וווּנדערבאַרע בלומען, די שויבן זענען געווען באַצירט מיט פינקלענדיקן ווייסן מאָד. משהלע האָט אויפגעעפנט די אויגן און האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די קאָלדרע, ער האָט זיך אויפגיך אָנגעטון און איז אַרויס. אונטער זיינע גרויסע און גראָבע שיך האָט געסקריפּעט דער פּראָסט. די לופט איז געווען ריין, דורכזיכטיק, עס האָט אים אָבער באַלד געפּעלט אָטעם, די נאָזלעכער האָבן זיך ווי פּאַרק-לעבט. ער לויפט גיך צו זיין טאָג-טעגלעכער אַרבעט, שטעלט זיך אָפּ, ביי דער בוכהאַנדלונג, ווי זיין שטייגער איז געווען, און אויפגיך געלייענט די אַפּישן, וואָס האָבן מודיע געווען דעם עולם דעם אינהאַלט פון די צייטונגען, צווישן די ידיעות, וואָס זענען געווען געדרוקט מיט גרויסע אותיות און האָבן מודיע געווען וועגן נישט וויכטיקע בייעסן, איז אויך געווען אַ ידיעה, אַז אין רוס-לאַנד איז נישט רויק, אַז דאָס מיליטער און די ציווילע באַפעלקערונג, האָבן געמאַכט אַן אויפשטאַנד; די דאָזיקע ידיעה איז איבערגעגעבן געוואָרן מיט קליינע אותיות. נעבן זיך דערזעט ער אויך דעם פּליט, קאָנסטאַנטינען, וואָס קוקט אויך אויף די אַפּישן.

— זעסטו בחורל, ווענדט זיך צו אים קאָנסטאַנטין, דאָס איז אַן אָנזאָג, אַז די מלחמה וועט שוין לאַנג נישט דויערן. דער עולם האָט פאַרלוירן דאָס געדולד. ער וויל מער נישט פאַרגיסן קיין בלוט, און אין לאַנד זאָל הערשן הונגער, דלות, קרענק און אומענדלעכער פּיין.

משהלע קוקט אים אָן, עס איז אים נישט געווען קלאָר. קאָנסטאַנטין אָבער, האָט אים געגעבן אַ קלאַפּ אויף דעם אַקסל, אַ שמייכל האָט זיך פאַרשפּרייט אויף זיין פּנים, און אים געזאָגט:

— לאָז, מיר וועלן נאָך רעדן. קום היינט אויפדערנאכט צו מיר אין צימער, אויך בארבו וועט דאָרט זיין.

משהלע וויל אים עפּעס איבערפרעגן. קאָנסטאנטין, האָט אָבער שוין געשפּאנט האסטיק, זיך געאיילט. דער הילך פון זיינע פעסטע טריט איז צוביסלעך פארשווונדן געוואָרן.

משהלע האָט געוואַרט מיט אומגעדולד דעם אויפדערנאכט.

„דער עולם וויל שוין מער נישט פארגיסן קיין בלוט“, האָט געקלונגען א גאנצן טאָג אין זיינע אויערן. ער האָט געוואַרט אויף בארבון, דער וואָס האָט אמאָל, שיין און אינטערעסאנט גערעדט. אין בית-מדרש האָט ער שוין געטראָפן דאָס „דיבאלע“[1], וואָס האָט געשמאָכעט אונטער דער וואָנסע; ער האָט שוין געוואַרט אויף זיין פארטנער בערעלע, דער „אלעס-וויסער“, דער וואָס קומט אין קאָנטאקט מיט די פּריצים.

ווען בערעלע איז אריינגעקומען, נאָך איידער ער האָט זיך אנידערגעזעצט, האָט שוין דאָס „דיבאלע“ אים דורכגעלעכערט מיט זיינע בליקן

— נו, וואָס האָב איך געזאָגט אין פּאָליש, ווען מיר זענען געזעסן אויף דער באנק, נאָך שמחת-תורה?

— וואָס האָסטו געזאָגט? האָסט נאָכגעזאָגט עפּעס דאָרטן איינעם א בטלן, וואָס האָט געשריבן אין יענע בלעטלעך, אז „רומעניע איז א פּולווער-פאס“. און דו מיינסט, אז שוין! אז אויך דאָ וועט זיין, אזוי פריילעך ווי דאָרט? כאפּ נישט! יענע דאָרט וועלן נאָך האָבן צו זינגען און צו זאָגן. דו מיינסט, אז שוין: איינס צוויי, און מיינס איז דיינס און דיינס איז מיינס. זיי וועלן נאָך באצאָלן מיט דער גרינגער גאל.

דאָס רעדל, וואָס איז באלד געשאפן געוואָרן ארום די צוויי, וואָס האָבן קיינמאָל נישט געהאט קיין שלום צווישן זיך, האָט געעפנט מויל און אויערן, זיך צו-צוהערן צו דעם וויכוח.

דאָס „דיבאלע“ האָט נאָר געוואַרט, אז זיין קעגנער זאָל ענדיקן. ער כאפּט ארויס פון די קעשענעס די צייטונגען און זאָגט:

— הערט זיך צו, וואָס איך לייען! צום ערשטן האָט ער געלייענט די טעגלעכע צייטונגען, וואָס האָבן מודיע געווען וועגן די אויפשטאנדן פון פּעטערסבורג.

— ס'איז שוין דער אָנהויב פונעם סוף! האָט מיט א טריומפירנדיקער שטימע דאָס „דיבאלע“ געזאָגט, כ'בין גאָרנישט מקנא דעם צאר

[1] מ'האט אים אזוי גערופן דערפאר, ווייל ער האט נישט געקאָנט ארויסזאָגן די זיין, און ביים קאָרטן-שפּיל פלעגט ער זאָגן א „דיבאלע“, אָנשטאָט א זיבאלע.

מיט זיינע משרתים. איר האָט נישט געלייענט, וואָס ס'איז געשען אין דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. דאָס פאָלק אז סע צעבונטעוועט זיך, איז נישטאָ אזא כוח, מ'זאָל עס אָפּהאַלטן. אהער זענען נישט דערגאַנגען די ידיעות וואָס ס'טוט זיך דאָרט אין רוסלאַנד, דאָרט קאָכט און זידט שוין פון צענדליקער יאָרן. דער צער און דער צאָרן האָט זיך אָנגעזאַמלט, און איצט האָט דאָס געפּלאַצט. דאָס גאַנצע רוסישע פאָלק לעכצט נאָך גערעכטיקייט, וואָס איז צעטראָטן געוואָרן פון די צאַרישע טשינאָווניקעס. ס'האָט זיך אויפגעהויבן דאָס פאָלק. ס'וויל און וועט נעמען זיין גורל אין אייגענע הענט און וועט זיך שאפן א נייע וועלט. א וועלט, א גערעכטע, אין וועלכער די פעלקער וועלן זיך לעבן בשלום ושלוה.

— אָהאָ! האָט אים בערעלע איבערגעשלאָגן, וואָס האָסטו זיך אזוי צעלאָזט? מיינסט, אז האָסט שוין אָנגעכאפּט גאָט ביי די פּיס? עהע! מיר קענען שוין די אויסגעדראָשענע דרשות. און א חוץ דעם, האַלט דעם פּיסק! דאָ איז נישט הפקר פּעטרישקע!

דאָס „דיבאלע" האָט זיך געקלערט, אז ער איז שוין צו ווייט פאַר-פאָרן. און ס'קאָן אים נאָך שאטן. ער האָט באַשלאָסן אָפּצוהאַקן דאָס גע-שפּרעך. נאָר נאָכגעבן וועט ער בשום אופן נישט. מיט א נידעריקערן טאָן, ווי דער פון פריער, האָט ער געענטפערט:

— מירן לעבן און מירן זען.

# קאפיטל X

שווער איז אָנגעקומען משהלען דאָס קומען קיין יאס. ראשית, וויאזוי פאָרט מען אין אזא שטאָט וו מ'קען קיינעם נישט, ווו מ'האָט נישט ווו אנידער צו לייגן דעם קאָפּ? והשנית, אָן געלט! ער פאָרט אָבער. ס'האָט נישט געהאָלפן דער מאמעס וואָרעגישן און מענדלס שטערונגען. ער פאָרט, און פארטיק!

די פאָנפאטשקע, וואָס איז געווען א שטוב-מענטש און איז געווען א גאנצער יש ביי דער מאמען, האָט איר אויסגערעדט.

— נישקשה, האָט זי געזאָגט, מ'דארף נישט האלטן די קינדער ביי דער מאמעס פארטעך. אז ער האָט זיך איינגעשפארט, פאָרן, זאָל ער פאָרן. אָט איז מיין זון דאָרט. איך בין אויך נישט בעסער געווען פון אייך. ס'האָט זיך מיר אויסגעדאכט, אז אָן מיר וועט מיין יאנקל נישט קאָנען לעבן. נו, וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט? ער איז דאָרטן געוואָרן א מענטש, זיך אויסגעלערנט בוכהאלטעריי. צומאָל שיקט ער א מתנה, מיר און מיין טאָכטער.

— הער אוים! האָט די פאָנפאטשקע זיך אָנגערופן צו משהלען. אזוי ווי די וועסט אָנקומען קיין יאס, זאָלסטו צופאָרן צו מיין זון און אים איבערגעבן א גרוס פון אונדז. און אָט וועט פערל אָנשרייבן עטלעכע ווערטער, וועלכע דו וועסט זיי אים איבערגעבן.

יענע נאכט איז משהלע נישט געשלאָפן. ער האָט מורא געהאט טאָ-מער וועט ער פארשלאָפן און פארלירן דעם צוג. און א חוץ דעם, האָבן זיך אים געבאָמבלט פארשיידענע מחשבות אין קאָפּ. וועט ער זי זען? ער ווייסט נישט דעם אדרעס, זי האָט אים געזאָגט, אז

זי וווינט אין עלענא דאָאמא-גאס. דעם נומער אָבער האָט ער פארגעסן! ער ווייסט שוין געפינען, האָט ער ביי זיך געטראכט. אָבער וואָס וועט ער טון אין דער גרויסער שטאָט? קיין מלאָכה קען ער נישט, קיין שום פאך האָט ער נישט. ער טרייבט אָבער אוועק די נישט אָנגענעמענע געדאנקען. ער שטעלט זיך פאָר, ווי גליקלעך ער וועט זיין, ווען ער וועט זי זען. ער איז זייער נייגעריק, וואָס פאר א ווירקונג ס'וועט אויף איר האָבן זיין פלוצעמדיקער אראָפּפאל. גלאט אזוי, סתם אין דער וועלט אריין. וואָס זאָל ער איר זאָגן? וועט זי אים נישט אויסלאכן? זי וועט אים דאָס נישט ארויסווייזן, ווייל זי איז א באלעזענע, זי ווייסט. וויאזוי מ'דארף זיך באגיין מיט א מענטשן. אָבער ווען זי וועט געבן א קוק אויף זיין הולך, וועט איר זיכער קיל ווערן אין הארצן.

— „קוק אים נאָר אָן, ווער ס'וויל מיט מיר שפּאצירן אויף די הויפּט-גאסן פון יאס!" ער האָט זיך דערמאָנט, ווי זי פלעגט דערציילן, אז זי מיט אנדערע סטודענטן פלעגן גיין שפּאצירן און זיך אנידערזעצן אין דעם גאָרטן וו ס'שטייט דער אלטער ליגדן-בוים, וואָס דער גרויסער דיכטער עמינעסקו האָט אים באזונגען. אויף וועלכע שפּראך דיסקוטירן זיי דאָרט? באשטימט, אויף רומעניש. און אפשר נישט? טאָמער טאקע יאָ? וויאזויזשע וועט ער קאָנען אָנטיילנעמען אין די דיסקוסיעס? ער וועט זיך שלעכט פילן. זיי וועלן דאָרט מיינען, אז דאָס איז א טיפּש. און דאָס וואָלט ער זייער נישט געוואָלט. ער וויל בשום אופן נישט אראָפּפאלן אין זייערע אויגן און אי-בערהויפּט אין מערים אויגן. ער האָט געהאלטן אין איין טראכטן... איין געדאנק האָט אים געפירט צום אנדערן און אים אָפּגעמוטשעט. מיט א-מאָל האָט ער באשלאָסן: וואָס האָט ער אזוי לאנג צו קלערן? ער וועט זיך סוף כל סוף אן עצה געבן. וואָסזשע, ס'זענען נישטאָ אזויפיל מענ-טשן, וואָס קענען נישט די לאנדשפּראך ווי געהעריק? נו, לעבן זיי זיך נישט אוים? נײן! ער טאָר אזוי נישט קלערן, דאָס וועט נישט זיין קיין שטערונג. ער וועט זיך גוט אויסלערנען רומעניש און האקן אויף ביידע באקן. „ס'וועט זיין גוט! ס'מוז זיין גוט!"

ער פּאקט איין דאָס ביסל טאבאק מיט די עטלעכע פּעקלעך ציגארן אין דער בלעכערנער צעקנייטשטער פּושקע און בינדט זי צו מיט א שטריקל. גרייט זיך צו די גאנצע שטיוועלעטן, וואָס ער האָט אָפּגעקויפט פאר א זייער ביליקן פּרייז און ווארט, ער זאָל זען, ווי ס'הויבט אָן צו טאָגן און זיך לאָזן צום באנהויף.

די מוטער איז נישט געשלאָפֿן יענע נאכט. וואָס זאָל זי געבעך געוועז טון? אז אים פאלט עפעס איין, קאָן מען דאָס אים נישט ארויס־שלאָגן פונעם קאָפּ.

ער איז אין גאנצן געראָטן מיט זיין עקשנות אין פאָטער. און דאָ קלערט זי: ווו זאָל ער זיין, דער מאן אירער? זי האָט שוין לאנג נישט באקומען קיין לעבנס־צייכן פון אים. וויאזוי זאָל ער אויסזען נאָך אזויפיל וואנדערן? אוי! וואָס וואָלט זי נישט געגעבן, זי זאָל אים איצט זען? ווי זעט ער אויס? ער איז זיכער שוין אלט געוואָרן. גרוי ווייניקסטנס. וואָס, פארא געקרייזלטע האָר האָט ער געהאַט!

פלוצעם ווארפט זי פון זיך אראָפּ דעם צודעק, און מאכט זיך פאָר־ווורפן: וואָסזשע, עפעס אנדערש האָב איך גאָרנישט אויפן קאָפּ? הער נאָר, ווי די געדאנקען קאָנען פארפירן!

זי קוקט אויף די קינדער, וואָס שלאָפן, שמייכלט צו זיי. באלד אָבער פאלט איר אויף אָז א מרה־שחורה. זי ווארפט זי אָבער אָפּ. זי טאָר אזעלכס צו זיך נישט צולאָזן. א נישט, מעג זי זיך שוין געזעגענען מיטן לעבן. זי גייט ארויס, קומט צוריק מיטן טשייניק, שטעלט אויפזידן וואסער. דערלאנגט משהלען טיי, זי קוקט אריין אין דעם פושקעלע, זעט דאָרט עטלעכע שטיקלעך צוקער און עטלעכע באָנבאָנעס. שלאָגט זיך מיט דער דעה... ענדלעך, גיט זי אים א שטיקל צוקער.

— פאָר געזונט, טייער קינד, זע גיב אכט, דאָרט איז א גרויסע שטאָט, דער פארקער איז גרויס, זאָלסט נאָר נישט געשעדיקט ווערן, טיי־ערער. און היינט — פרעמדע מענטשן, נישט אלע זענען לייטישע און גוט. זאָלסט זיך האלטן אָן יאנקלען, ער איז א ווילער בחור דאָ געוועזן, ער איז דאָרט א לייט געוואָרן. למען השם, תיכף שרייבן. אָט. האָסטו דריי פּאָסטקארטלעך, איך האָב אויפגעשריבן דעם אדרעס צוריק, מ'זאָל זיי נישט קאָנען אויף אנדערע אדרעסן באנוצן. זע, טייערער, טו מיר נישט אָן קיין יסורים... ווייסט, אז איך האָב געגנוג.

משהלע קוקט אויף איר מיט רחמנות און ליבשאפט, זאָגט איר צו, אז ער וועט שרייבן באלד.

— זיי געזונט, מאמעניו, איך זאָג דיר צו, אז איך וועל מיך אויפירן לייטיש. ס'וועט נישט לאנג געדויערן און מיר וועלן זיך ווידער זען.

די מאמע כאפט אים ארום און קושט אים. אירע הייסע טרערן פילט משהלע אויפן פנים.

— א גוטן טאָג!

— א גוט יאָר!

# קאפיטל XI

ער איז געגאנגען צום באַנהויף, מיט דער בלעכערנער פּושקע אונ־טערן אָרעם. ס'האָט געדויערט עטלעכע מינוט און ער האָט זי געגומען אין דער אַנדערער האַנט, ווייל די ערשטע איז געווען נאַקעט און די פינגער האָבן אים אָנגעהויבן צו שפּיליען פונעם פראָסט. די אויערן האָבן אים אויך נישט געלאָזט רוען. זיי האָבן אָנגעהויבן צו ברענען. משהלע אָטעמט שווער. נאָך ער גייט, ס'אַרט אים נישט. מענדל באַלעגאָלע מיטן שליטן, לאָזט זיך הערן.

— העי! מאַכט דער באַלעגאָלע צו אים, קום אַרויף!

— כ'האָב נישט מיט וואָס צו באַצאָלן.

מענדל, קוקט אויף אים מיט זיינע קליינע אייגעלער, וואָס האָבן זיך אַרויסגעוויזן אונטער זיין אומגעהויערער קוטשמע, זיי האָבן געפינקלט.

— קום שוין אַרויף, דער טאַטע דיינער, ווען ער וועט צוריקקומען וועט ער שוין באַצאָלן! ער פאַרדעקט אים די האלב פאַרפרוירענע פיס מיט דער אָפּגעריבענער דעק און — וויאָ!

אין פינף מינוט, איז ער שוין געווען אין באַנהויף. ער וויל צוגיין צו דער קאַסע, נאָר גיי! אַז די גאַנצע בריק איז באַדעקט מיט זעלנע־רישע קערפּער, וואָס ליגן איינער לעבן אַנדערן און איינער אויפן אַנדערן און ס'איז נישט מעגלעך צו צוקומען צו דער קאַסע. דאָס פענצטער איז טונקל. דער קאַסירער איז אַפילו נישט געקומען, ער ווייסט נישט ווען דער צוג וועט זיך רירן און אויב ער וועט רירן?

נאָך עטלעכע שעה וואַרטן, האָט מען מודיע געווען, אַז אויף דער זעקסטער ליניע גרייט מען צו דעם צוג.

האָט זיך אָנגעהויבן א געלויף, זעלנער מיט זייער שווער געפּעק אויף די אקסלען און אין די הענט. פאַרשלאָפענע און צעשויבערטע אַלטע פויערים האָבן זיך אָנגעשלאָגן איינער אָן אנדערן. דאָ און דאָרט האָבן זיך געהערט קללות.

דער צוג איז באַלאַגערט געוואָרן, און אין איין שמע-ישראל איז ער שוין געווען פול געפּאַקט. די וואָס זענען נישט אריין אינעווייניק, זע-נען ארויף אויף די פּלאַטפאָרמעס. אַלע טרעפּ זענען געווען פול. צווישן דעם גרויסן געדראַנג איז אויך משהלע אריין און איז געבליבן צונויפגעפּרעסט צווישן די פויערים, לעבן פענצטער.

משהלע האָט זיך געפילט גליקלעך, וואָס ער איז אריין. דאָס גליק האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט, ווייל דאָס פענצטער איז געווען אויס-געזעצט, און נישט נאָר דאָס, נאָר אויך אַלע אנדערע, אזוי, אז ער האָט זיך געזעגן מיט די „פריינט".

די פויערטע, וואָס איז געווען אָנגעטאָן מיט אן אלטן שאָפענעם פעלץ, האָט אים אויסגעטאָן און מיט אים פאַרשטעלט דאָס פענצטער.

— וואָס טוסטו? האָט דער מאַן אירער, צו איר געזאָגט. באַלד וועסטו זיך קלאָגן אויף די קריזשעס און אויפן האַרץ. נעם און טו דיך באַלד אָן צוריק!

— זעסט נישט? איך בין געבליבן נאָך מיט א פעלצל אויף מיר. זי האָט צוגעשמייכלט, געווען צופרידן, אז זי האָט געטאָן א גוטע זאַך.

אין דעם געדרענגעניש איז מען געשטאַנען, ווי פאַרשטאַרצט, איבער זעקס שעה. א טייל האָבן פאַרלוירן דאָס געדולד און געגאַנגען צו דעם שעף פון דער סטאַציע, און פּראָטעסטירט. ס'האָט זיי גאָרנישט געהאָלפן. ער האָט געהויבן די אקסלען און געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי איינער רעדט: „וואָס קאָן איך טון? אז די אייזנבאַן איז פאַר אַלעמען, אונטערן רשות פונעם מיליטער? און זיי פירן עם אזוי גוט"

ס'זענען דורכגעפלויגן באַנען, א מענגע, מיט וווּנדערבאַרע וואַגאָנען. דאָרט אָבער איז געפאָרן דער אדל, די וואָס זענען געבוירן אין זיידענע העמדלעך.

ענדלעך האָט דער צוג געריירט, און האָט אָנגעהויבן קריכן, זיך אָפּגעשטעלט, געשטאַנען א שעה, און א מאָל צוויי, אין יעדער סטאַציע.

— וו זאָל זיין איצטער אונדזער פעטרו? האָט פלוצעם די אַלטע פויערטע געפּרעגט דעם אַלטן, בשעת יענער האָט געגעסן דאָס קאַלטע שטיק מאַמעליגע, וואָס ער האָט איינגעטונקען אין ברינדזע ווו מען טינקט איין אין זאַלץ. יענער איז געבליבן מיטן אָפענעם אָנצייגיקן מויל, דער-

נאָך אראָפּגעשלינגען דאָס שטיקל מאמעליגע און געענטפערט: — דע, ווער ווייסט?

דאָס פּנים זיינס, איז פארכמורעט געוואָרן. זי, האָט זיך אָנגעהויבן צו צלמען: — „הייליקע מאריא, העלף אונדז און אים, ער איז אזא טייערער זון, אזא גוט הארץ האָט ער, און פּונקט אים האָט עס געדארפט טרעפן! כ'וואָלט צופרידן געווען, ער זאָל בלייבן כאָטש מיט איין האנט. לויט ווי ס'האָט מיר אָבער דערציילט פּראָפּירא, וואָס איז געקומען פריער מיט צוויי טעג פונעם שפּיטאָל, ווי איר מאן ליגט אויך, איז ער שטארק צעשעדיקט געוואָרן. אך גאָטעניו, וואָס איז געוואָרן פון מיין טייערן פעטריקע?" בשעת זי האָט גערעדט, האָבן זיך די טרערן פון איר געגאָסן. זי האָט שוין מער נישט גערעדט. זי איז שטיין געבליבן, די אויגן זענען ווי פארשטארצט געוואָרן. זי האָט געקוקט ווייט, ווייט... דער אלטער פויער האָט אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, די ווייסע פּעטלעס האָבן זיך באהאָפטן מיט דער ווייס גרויער וואָל פון זיין שאָפענעם פעלץ. געבליבן אזוי זיצן. ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אז דאָס איז עפּעס א מאָנומענט וואָס וויל זאָגן: זעט, אין וואָספארא חיהשער צייט מיר לעבן.

דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך געלאָזט הערן.

משהלע, האָט אוועקגערוקט דעם פעלץ. געזען ווי די שטאָט יאס קומט אלץ נעענטער. דער צוג האָט אָנגעהויבן גיין פּאמעלעכער, און איז אריין אין דער יאסער סטאציע.

אויפן פּעראָן, האָבן זיך געדרייט פּאטרולן: רומענישע און רוסישע. די סטאציע איז געווען ווי באלאגערט מיט סאָלדאטן און פויערים. סאָלדאטן — וואָס האָבן געזוכט זייערע האלבצעשאָסענע רעגימענטן, און פויערים, וועלכע זענען אמייסטן געפאָרן אין די שפּיטעלער, זיך זען מיט זייערע זין, וואָס ליגן דאָרט צעקאַליטשעטע און ראנגלען זיך מיטן טויט. נישט איינמאָל האָבן זיך די עלטערן נישט געקאָנט זען מיט זייערע קינדער אין דער שטאָט, וואָס מ'האָט זיי אָנגעוויזן, ווייל זיי זענען שוין לאנג אוועקגעשיקט געוואָרן, מחמת די שפּיטאָלן און די באראקעס זענען געווען פול מיט קראנקע און פארוואונדעטע. ווו מ'האָט זיך געגעבן א דריי, האָט מען נאָר געקרעכצט און נאָר געזיפצט.

דאָס בחורל האָט זיך קוים דורכגעשטופּט צווישן דער גרויסער מאסע מענטשן, וואָס האָט זיך געאיילט. ער איז שוין פון יענער זייט סטאציע. די איינשפּענערלעך, אויף וועלכע ס'זענען געזעסן די קוטשערס מיט די פּלושענע קאפּטנס און היטלען מיט ספּעציעלע דאשיקעס, וואָס

זענען געווען אויסגעשטעלט אין א רונדער ריי, האָבן געפאנגען משהלעס בליקן. פאר אים, איז דאָרט געווען עפּעס נייעס. ער נעמט אראָפּ די בליקן פון אָט די פערדלעך און ס'פארכאפּט אים שוין דער טראמוויי, וואָס איז געפארבט אין לעבעדיקע פארבן. ער וויל ארויפגיין, ווייסט אָבער נישט ווו ארומער, פון פאָרנט צו פון הינטן. איינער יאָגט אים אונטער: גו, שטעל שוין ארויף א פוס און קוק נישט ווי א האָן אין בני-אָדם, דער פראָווינציאל וואנט, שטעלט ארויף א פוס, דעם צווייטן. ער פאָרט שוין, דער טראמוויי גייט פּאוואָליע בארג ארויף. ער ווייסט נישט, ווו פריער צו קוקן, צום וואגאָן-פירער, וואָס קאָפּעט מיטן פוס און ס'האלט אין איין קלינגען, צי צו די הויכע הייזער מיט עטלעכע שטאָק, צי צו די אויסגע-פלאסטערטע גאסן, ער קוקט און גאפט! אלץ איז ביי אים בלויז חידוש. אלץ האָט אים איבערגעראשט.

מיטאמאָל הערט ער ווי דער קאָנדוקטאָר רופט אויס:
— עלענא דאָאמנא-גאס!

יאָ, דאָס איז א באקאנטער נאָמען. א ווײַלע האָט ער זיך פארגעסן און געוואָלט אראָפּגיין. ער האָט זיך אָבער דערמאָנט אז ער דארף אראָפּגיין אין שול-הויף, ווײַל דאָרט וווינט יאנקו צו וועמען ער האָט א בריוול פון זיין מוטער. ער האָט געפרעגט ווו ס'איז דער שול-הויף — שוין לאנג דורכגעפאָרן! האָט ער באקומען אן ענטפער פון א פארשוין, וואָס האָט אים באקוקט פון אויבן ביז אראָפּ, און טאקע באלד אים גע-פרעגט: — פון וואנען קומסטו יונגערמאן, פון לעספעץ? משהלע האָט אים אָנגעקוקט, געוואָלט אים עפּעס ענטפערן, נאָר האָט זיך אָבער איבערלייגט, זיך באגנוגנט נאָר מיט א פאָרשנדיקן בליק.

ווען ער איז אריינגעקומען אין יאנקוס צימער, האָט ער אים נישט געטראָפן. ער קוקט זיך ארום דעם באשיידענעם שטיבל, וואָס איז געווען ציכטיק אויפגעראָמט. ער האָט ביי זיך געקלערט: ווי גוט איז דאָ אין פרייע שעהן צו זיצן און לייענען! באלד קומט אריין די באלעבאָסטע פונעם צימער.

— וועמען זוכסטו? פרעגט זי דאָס בחורל און מעסט אים אָפּ פון אויבן ביז אראָפּ.

— איך זיך יאנקון, כ'האָב א בריוו פון זיין מוטער.

— ער וועט ערשט קומען שפּעטער מיט א שעה. אויב דו ווילסט, קאָנסטו אויף אים דאָ וואַרטן.

— גוט, האָט משהלע געענטפערט, איך וועל וואַרטן.

די באַלעבאָסטע איז אריין צו זיך אין קיך, און משהלע האָט זיך אנידערגעזעצט. די ווארעם האָט אים ארומגענומען. ער האָט זיך געפילט זייער מיד און באלד איז ער אנדרימלט געוואָרן. ווען יאנקו איז אריינגעקומען, האָט משהלע נישט געהערט. יאנקו האָט זיך צוגעקוקט צו זיין גאסט. ער האָט אים באלד דערקענט, כאָטש ער האָט אים שוין לאַנג נישט געזען, געבעטן די באַלעבאָסטע, זי זאָל צושטעלן אויף טיי. ווען משהלע האָט זיך אויפגעכאפט, איז צו אים צוגעגאנגען יאנקו און אים צערטלעך געגלעט דעם קאָפּ, אים אויסגעפרעגט וואָס ס'טוט זיך אינדערהיים. משהלע ענטפערט אים אויף זיינע פראגן און גיט אים איבער דאָס בריוול פון דער מוטער.

נאָכדעם וואָס זיי האָבן געטרונקען די טיי, האָט משהלע געפרעגט יאנקון, צי ווייסט ער נישט וו שמעון, דעם קוטשערס זון, ארבעט.

— אוודאי וויים איך, האָט אים יאנקו געענטפערט. ער ארבעט אין דער לעדער-פאבריק „קאָנקאָרדיא". כ'זע אים זייער אָפט, ווען ער קומט בייטן א ביכל.

— וו בייט ער, וו נעמט ער ביכער? האָט מיט גרוים פרייד משהלע געפרעגט. זיינע אויגן זענען ליכטיקער געוואָרן. ער האָט שוין געוואָלט דערלעבן די מינוט צו זען זיין געליבטן חבר שמעון, וועלכער איז אוועק, קיינער האָט נישט געוווסט וו, גלייך ער וואָלט אריין אין וואסער.

יאנקו האָט געזען, ווי דער בחור גייט אוים נאָך שמעונען. ער האָט באמערקט, ווען משהלע האָט דערמאָנט זיין חברס נאָמען, זענען זיינע אויגן פול געוואָרן, גלייך זיי וואָלטן געוואָלט ארויסקריכן פון זייערע ריימען און זיך באהעפטן מיט דעם געגארטן, מיט דעם אויסגעבענקטן.

— בארואיק דיך! דו וועסט אים נאָך היינט זען. זאָג מיר נאָר, משהלע, וואָס ביסטו אזוי ארוים פון די כלים, וואָס איז געשען?

— א! האָט משהלע געמאכט, וואָס ווייסטו וואָס פארא חבר און וואָס פארא בחור דאָס איז! כ'קאָן מיך נישט בארואיקן ווען איך קלער צו אָט דעם יאט מיט זיין פילבארער נשמה. ער איז דאָך אזעלכער, וואָס זיין געמיט, זיין לאָגיק און זיין טאַט, זענען ווי צוזאמענגעוועבט; און ווען ער באשליסט עפעס — ארבעטן די דריי כוחות באנאנד און ס'ווערן געבוירן זאכן, וואָס נאָר א פיינפולער שרייבער אָדער א געניט אויג פון א קינסטלער קאָן זיי איבערגעבן אין זייער אומגעהייערער פראכט.

יאנקו קוקט אים אָן, ער פאַרשטייט נישט די גרויסע התפּעלות, וואָס האָט ארומגעכאפּט זיין בן-עיר. מילא, אים, יאנקון, געפעלט אויך דער דאָזיקער שמעון. אָבער ווערן אזוי צעקאָכט און רעדן מיט אזא יראת-הכבוד וועגן אזא יונגען בחור ווי שמעון, האָט אים אויסגעוויזן, איבער-געטריבן.

— וואָס האָסטו געזען ביי שמעונען עפּעס אזויגס אויסערגעווייג-לעכס?! וואָס האָט דיך צוגעבראכט, אז דו זאָלסט אזוי רעדן וועגן אים? ווייזט דיר נישט אויס, אז די פארגעטערסט אים? לויט ווי איך האָב אָפּ-געגומען גריסן פון דיר, ווייס איך, אז דו פארמאָגסט א קלאָרן פארש-שטאנד. צו וואָס טויג איבערשאצן כוחות?

משהלע, האָט געפילט ווי איינער קומט און וויל אים פארשוועכן א הייליקטום; ער האָט געזען, אז דאָ האָט ער צו טון מיט א קאלטן לאָגיקער. און ער קאָן חלילה צעשטערן זיין גלויבן אין אָט דעם וואונדער-בארן בחור, וואָס האָט געהאט דעם קוראזש זיך אקעגן צו שטעלן דריי זשאנדארן, אויסרעכענען אויף דער סעקונדע, ווי בייקומען און ניצל ווערן. ביי אים איז זיכער, אז ווען יאנקו וואָלט געוווסט וועגן וואָס ס'האנדלט זיך, וואָלט ער אויך געביטן זיין מיינונג וועגן שמעונען.

ער שלאָגט זיך מיט דער דעה... זאָל ער אים דערציילן, נישט דערציילן? ער וועט אים דערציילן, באשליסט זיך משהלע. און ער האָט אים דעצײלט, וואָס שמעון איז אימשטאנד געווען צו טון.

יאנקו איז געבליבן דערשטוינט. ער האָט אָבער געזוכט נישט ארויסצווייזן קיין שום עמאָציע.

— נו, יאָ, האָט יאנקו זיך אָנגערופן. ער איז זיכער נישט קיין דורכשניטלעכער בחור. מ'טאָר אָבער נישט איבערשאצן די ווערטן. בשעת ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער אין זיך פארשטאנען משהלען, וואָס איז גלעגן אין דעם קליינעם שטעטל, וו די געטאָ-שטימונג האָט געלייגט איר שטעמפּל נישט נאָר אויף אים, נאָר אויף כמעט אלע יידישע איינוווינער, וועלכע זענען געווען באהערשט פון מורא, אומרו און כמעט האָפענונגסלאָזיקייט. דער-זעענדיק אזא העלדישע טאט פון שמעונס זייט, האָט דאָס אים ארייננגע-בראכט אין התפּעלות.

געלאסן, זאָגט אים יאנקו די פרייידיקע בשורה, אז שמעון איז אויך זיינער א חבר און אז באלד דארף ער קומען אהער.

משהלעס פרייד איז געווען אין לשער, ער האָט זיך נישט געפונען קיין אָרט פאר שמחה, אז אָט וועט ער זיך זען מיט דעם טייערן, וווילן...

וואָס זאָל ער זוכן טיטלען? דער שענסטער טיטל איז טאקע ער אליין, טאקע ער... שמעון.

— קום, האָט יאנקו געזאָגט, צו משהלען. שמעון ווייסט אז ער געפינט מיך נישט דאָ, געפינט ער מיך נאָר ביי וועקסלערן.

גייענדיק אזוי אויפן וועג, האָבן זיי געזען ווי מאשינען גייען אויף און אָפּ, פולע מיט רוסישע סאָלדאטן. ס'איז א גרויסער פארקער. זיי זענען אָנגעקומען צו וועקסלערן. יענער נעמט ביי עמעצן א ביכל, פארש-רייבט עס אין א רעגיסטער. ער גיט א בראָשור, בעט מען זאָל נישט לאנג האַלטן. ס'ווארטן אנדערע חברים, זיי צו באקומען.

— ס'איז געקומען צו מיר א שכן פון מיין שטעטל. ער זוכט ארבעט. אפשר איז מעגלעך אין דער „קאָנקאָרדיא" צו באקומען עפּעס ארבעט?

— כ'וועל פּרווון, האָט געענטפערט דער באַברילטער וועקסלער. ער האָט אין דער קעשענע ארייַנגעלייגט א ביכל, און איז אוועק.

*

ס'זענען אוועק איבער זעקס חדשים און משהלע האָט שמעונען נישט געזען. אין א טאָג האָבן זיי זיך באגעגנט. די שמחה איז געווען גרויס. ביידע חברים האָבן זיך ארומגעכאפּט, זיך געהאלדזט און געקושט. זיך געקוקט טיף אין די אויגן אריין און ווידער זיך געקושט.

— וואָס טוסטו? פרעגט שמעון.

—כ'וועל דיר שוין דערציילן.

— וו ביסטו געווען די גאנצע צייט? האָסט פון דיר גאָרנישט געלאָזט הערן.

— כ'האָב געהאט צו זינגען און צו זאָגן. איצט ארבעט איך סטאָ-לעריי.

— ווייסט גאָרנישט, וויפל מאָל כ'האָב געקלערט צו דיר. כ'האָב מורא געהאט פאר דיין גורל. דערצייל מיר וועגן אלץ וואָס ס'איז מיט דיר פאָרגעקומען.

— איצט טייערער, אייל איך מיך כ'דארף זיין אין פארשידענע ווערקשטעלן. מ'ווארט אויף מיר. יעדן זונטיק, צען אזייגער, בין איך אינדערהיים. קום צו מיר איך וווין אויף דער ניקאָלינע 31.

— וואָס איילסטו אזוי? לאָמיר נאָר עפּעס איבערשמועסן.

— ניין, טייערער, זיי מיר מוחל, כ'מוז אוועק.

שמעון שטרעקט אים די האנט און גייט טאקע שוין זיין וועג.

שמעון איז אוועק, ער האָט זיך געאיילט. היינט וועט ער הערן זייער וויכטיקע נייעסן, וואָס א חבר האָט געבראכט פון אדעס.

ווען ער איז ארייננעקומען, האָט דער פּאָרזיצער גענעבן דאָס וואָרט דעם אדעסער גאסט, וואָס איז אויפגענומען געוואָרן פון די פארזאמלטע מיט אומאויפהערלעכע אָוואציעס. איליע וואסיליו, א ברייטבייניקער ארבעטער, פון א מיטלער וווקס, נאָכדעם ווי ער האָט גערֹאנקט די פארזאמלטע פאר דעם קבלת-פּנים וואָס מען האָט פאר אים צוגעגרייט, האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן די היסטאָרישע געשעענישן וואָס זענען פאָרגעקומען אין רוס-לאנד:

—ס'איז שוין נישטאָ מער קיין צאר! די ערד וועט אויסגעלייזט ווערן פון די פּריצישע לאפּעס. אלע רייכטימער פון אויף דער ערד און פון אונטער דער ערד וועלן געהערן צום פאָלק. די גאנצע מאכט וועט געהערן צום פאָלק. אין די רוסישע הענט פלאטערט איצט די פאָן פון שלום, וואָס דארף זיך פארשפרייטן אויפן גאנצן ערד-קיילעך. די רעגירער פון די מערב-לענדער ווילן נישט הערן פון פרידן. זיי ווילן, אז דער ים פון בלוט און טרערן זאָל אלץ מער וואקסן. די רוסישע רעוואָלוציע, וואָס איז אויסגעקעמפט געוואָרן פון די בעסטע זין און טעכטער פונעם ארבע-טער-פאָלק, וועט דאָס נישט צולאָזן. אויך מיר, דאָ, דארפן נישט צולאָזן אז דער לאקיי, דער גענעראל קאָאנדע, וואָס האָט זיך געשטעלט אין דינסט פון די אימפּעריאליסטישע רעגירונגען זאָל פירן דערצו אז אונדזער לאנד זאָל ווערן א שפּרינגברעט פאר זייערע מחנות, אונדזער יוגנט זאָל געשיקט ווערן ווי די שאָף צו דער שחיטה. די בלוט-דאָרשטיקע ווילן ווייטער מאכן פון אונדזער לאנד א בית-הקברות. ס'איז זיי ווייניק געוועזן די קאטאסטראָפע פון טורטוקאיא, פון סיביו, פון נעאזשלאָוו און פונעם פראכאָווער טאָל. זיי ווילן פירן דאָס לאנד צו אן אנטגילטיקן חורבן. זיי האָבן דאָס עזות, זיך אקעגן צו שטעלן דעם שלום, צו וועלכן די גאנצע מענטשהייט גארט.

נידער מיט דער מלחמה! נידער מיט דער אָליגארכיע!

זאָל לעבן דער שלום!

די ווערטער האָבן עלעקטריזירט דעם פארזאמלטן המון, די רייד זענען אריין אין דער טיף פון די אָנגעווייטיקטע הערצער. יעדער האָט

געפילט, אז דאָס איז דער אמתדיקער וועג, אז מ׳קאָן זיך נישט פארלאָזן אויף די אָליגארכישע קלאסן, וואָס האָבן געפירט דאָס לאנד און דאָס פאָלק צום אָפּגרונט.

די פלאמענדיקע בליקן האָבן געזוכט, אז עמעצער זאָל קומען און צונויפזאמלען דעם צער און צאָרן און זיי ריכטן אזוי, אז ס׳זאָל שוין באמת אויסוואקסן א וואכזאמקייט, אז דאָס וואָס די ארבעטער-ברידער פון רוסלאנד האָבן אויסגעקעמפט מיט אזויפיל מסירת-נפש, זאָל שוין קיינמאָל נישט פארלוירן גיין. און אלע אָנוועזנדע וואָס זענען געווען אָנגעטון סיי אין רוסישע, סיי אין רומענישע קליידער, האָבן אויסגעשריגן אין איין אָטעם: „נידער מיט דער מלחמה! זאָל לעבן די רעוואָלוציע!"

די לופט איז געווען אָנגעלאָדן מיט צאָרן קעגן די אָליגארכישע פירער. א געפיל פון אחדות האָט ארומגענומען דעם גאנצן המון.

דאָ און דאָרט זענען געשטאנען איינצעלנע לייט מיט א פארדעכטי-קער האלטונג, וואָס האָבן אויפגענומען מיט ברומעניש אלץ וואָס איז דאָ פאָרגעקומען. לעבן שמעונען איז געשטאנען דער אגענט שוצו, וואָס איז גערופן געוואָרן צו דער היגער סיגוראנצא. ער איז געווען אויסגעפוצט. דאָס ווייסע טיכל האָט אים געשטעקט אין דעם אויבערשטן קעשענקעלע.

איליע וואסיליו, האָט שמעונען ארייננערופן אין א דערבייאיקן צימער און אים איבערגעגעבן א פּאק מיט צייטונגען; א טייל פון זיי זאָלן דאָ אויפן אָרט פארשפרייט ווערן, און דאָס איבריקע זאָל ער פארשפּרייטן נאָר צווישן איבערגעגעבענע חברים וואָס וועלן זיך פארזאמלען אין די זאלן פון דער סאָקאָלע.

שוצו, האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט, וואָס שמעון איז אריין אין אנדערן צימער און איז עוקר געווען.

פאָרנט, ווייטער א ביסל איז געשטאנען א מיליטעריש וועגעלע, אין וועלכן דער שווארץ-באברעמטער שוצו, איז אריין און גיך פארשוואונדן.

באלד איז געשאפן געוואָרן א סעקציע פונעם „אקציע-קאָמיטעט", וואָס האָט געהאט די אויפגאבע צו האלטן א שטענדיקע פארבינדונג מיטן רומענישן אקציע-קאָמיטעט פון אדעס. ס׳זענען אויך באלד געשאפן גע-וואָרן קאָמיסיעס, וואָס האָבן געזאמלט געלט כדי צו שטיצן דעם אדעסער קאָמיטעט ווי אויך זיין צייטונג „דער קאמף", וואָס מ׳האָט געדארפט פארשפּרייטן אויף אן אומלעגאלן אופן אין מאָלדאָווע.

די ארבעטער זענען זיך צוביסלעך צעגאנגען. צווישן די וואָס זענען ארויסגעגאנגען אין אויך געווען מערי, וואָס האָט געהאלטן אין איין

טענהן מיט א יונגן בחור. זי איז געגאנגען און האָט זיך געהאַלטן אין איין ארומקוקן.

— וואָס קוקסטו אזוי אין אלע זייטן? פרעגט זי דער חבר וואסיליו.

— כ'האָב דאָ דערבליקט איינעם שוצו, פון אונדזער שטעטל וואָס געפעלט מיר גאָרנישט. דו ווייסט דאָך, אז מיר געפינען זיך אין באלא-גערונגס-צושטאנד. און אלץ איז פארבאָטן. די היינטיקע פארזאמלונג איז פאָרגעקומען נאָר אדאנק דער מסירות-נפשדיקייט פון אונדזערע איבער-געגעבענע חברים, וואָס קאָנען שוין מער נישט איבערטראָגן די שווערי-קייטן פונעם לעבן.

וואסיליו, האָט געקוקט אויף איר מיט אן איראָנישן שמייכל און מיט ליבשאפט, און איר געזאָגט: — ביסט נישט גערעכט, מיר טאָרן נישט, טאקע ביים סאמע אָנהויב, ארייַנפאלן אין ספקות, אין מורא.

מערי, האָט זיך געפונען געטראָפן. דאָס פנים האָט זיך איר אָנגע-הויבן צו רויטלען.

דינו פאָפ, אן ארבעטער, איז צוגעקומען, געבעטן, אויב ער שטערט נישט, וואָלט ער אויך מיטגעגאנגען. — אייגנטלעך, זאָגט ער, וויל איך אייך זאָגן, אז איך בין מסכים אין תוך מיט דעם, וואָס מ'האָט גערעדט אויף דער פארזאמלונג. מיט איין זאך קאָן איך אָבער נישט מסכים זיין. דערמיט, וואָס מ'פארלאנגט, אז מיר זאָלן זיך שוין נישט רעכענען מיט די שוועריקייטן, מיט וועלכע די רעגירונג קעמפט. כ'מיין אז מיר דארפן נישט זיין אזוי צודרינגלעך. אמת, אונדזער לאגע איז שלעכט. עס קלעקט נישט דער לוין, מיר זענען אויסגעהונגערט, די מלחמה דארפן מיר אויך אויף כפרות. אָבער נישט אזוי, חברים, דארפן מיר דאָס פארלאנגען. מיר דארפן צושטעלן אן אויספירלעכן מעמאָראנדום, אָנווייזן די וועגן וועלכע מיר מיינען, אז זיי קאָנען ארויספירן פונעם קלעם. אָבער נישט אזוי, ווי מ'האָט דאָ אָנגעוויזן. מיר דארפן האָבן צוטרוי צו די וואָס פירן דאָס לאנד. מיר דארפן זיי נישט מאכן קיין שוועריקייטן. איך זאָג אז נאָר מיט גוטן, נאָר מיט גוטן.

וואסיליו, האָט אים דורכגענומען מיט זיין בליק. אים באלד געענט-פערט:

— אזעלכע רייד האָבן מיר שוין לאנג געהערט. די דאָזיקע, וואָס מיינען, אז מיט די חיות, קען מען אומגיין מיט גוטן, האָבן א גרויסן טעות. ער גיט זיך א וויש דעם שטערן און רעדט ווייטער:

— לויט ווי כ'זע, זענט איר א מענטש א באהאוונטער. איר האָט פארגעסן, אז די דייטשע רעכטע סאָציאַליסטן האָבן אויך געזאָגט: מעמאָ-ראנדומס, נישט געהיצט, האָבן זיך געקלאפט אין הארצן, אז זיי זענען די אמתע פאָרשטייער פונעם ארבעטנדיקן פאָלק. האָבן זיי דען נישט געש-טימט אינעם דייטשן פארלאמענט פאר די מיליטערישע בודזשעטן? און וואָס עס איז ווייטער געשען ווייסן מיר אלע. ס'פילט עס די גאנצע וועלט. א וועלט-שרפה איז געוואָרן, וואָס האלט זיך אין איין צעפ-לאקערן.

ניין, דאָס זענען פאָלקס-פארעטער! מיר האָבן שוין לאנג פארלוירן דעם צוטרוי צו זיי, מיר דארפן נעמען דעם גורל אין אייגענע הענט, און מיט אלע מיטלען מוזן מיר אויסקעמפן דעם שלום.

ניין, נישט אזוי, מיר דארפן זיך נישט פארלאָזן אויף פרעמדע, מיר מוזן אליין אונדזער צוקונפט אויסשמידן.

ווען פאָפ איז אוועק, האָט וואסיליו זיך געווענדט צו מערין:

— נו, ווי געפעלט דיר? די לייט ווילן, אז מיר זאָלן אָפּשיבן אונדזער ארבעט ביז נאָך דער מלחמה. דאָס הייסט נישט עפּעס אנדערש, ווי צו ווערן שותפים מיט די אימפּעריאליסטן.

— ניין! האָט ער געזאָגט, מיר מוזן אויפקלערן די מאסע, אז עקאָנאָמישע און פּאָליטישע דעראָבערונגען קאָן מען אויסקעמפן נאָר דורך אן עקשנותדיקן קאמף קעגן די אלע אויסנוצערס און זייערע משר-תים. מיר דארפן צוגרייטן די ארבעטער-מאסן צום שטרייק, טראָץ די אלע פאראָרדענונגען, וואָס פארזאָגן יעדן מיגדסטן ריר מצד די ארבע-טער. ס'וועט זיי נישט העלפן. אונדזערע פאָדערונגען וועלן זיי מוזן אָנערקענען.

# קאַפּיטל XII

אין א זונטיק, צען אזייגער אינדערפרי, האָט משהלע געוואַרט מיט אומגעדולד אויף זיין חבר שמעון. דער חבר איז געקומען פּינקטלעך. ס'האָט זיך אָנגעהויבן א שמועס. שמעון האָט געוואָלט וויסן, וואָס ס'טוט זיך ביי זיי אין שטעטל. משהלע האָט אויף אלץ געענטפערט.

משהלעס געדולד האָט שיעור געפּלאַצט. ער האָט געוואָלט, אז שמעון זאָל אים אריינפירן לפני ולפנים פון דער ארבעטער־באַוועגונג אין וועלכער שמעון איז געווען א בן־בית.

שמעון אָבער האָט זיך נישט געאיילט, ער האָט געמאָסטן יעדן געדאַנק משהלעס צוגלייך מיט זיינע אייגענע ווערטער.

— כ'האָב געזען די בראָשור, וואָס יאַנקו האָט באַקומען פון מאַקס וועקסלערס ביבליאָטעק, כ'האָב זי געליינט. שווער, זייער שווער האָב איך פאַרשטאַנען פאַרשידענע אויסדרוקן. אָבער אין אלגעמיין האָב איך פאַרשטאַנען דעם מיין. יאַנקו, זאָגט משהלע, גייט ארום ווי אָן א קאָפּ, זייט מ'האָט זיין טייערן חבר וועקסלער געהרגעט אויף אזא בעסטיאַלן אופן.

ווען משהלע האָט דערמאָנט מאַקס וועקסלערס נאָמען, האָט שמעונען באַנומען א טרויער, דאָס פּנים האָט ער אראָפּגעלאָזט. ס'האָט זיך כמעט נישט געהערט דער אָטעם זיינער. צוביסלעך אָבער האָבן זיינע נאָזלעכער אָנגעהויבן זיך צו רירן, ער איז לעבעדיקער געוואָרן, אין זיינע אויגן האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דער צאָרן און דער צער, וואָס האָבן אים באַהערשט. און ער האָט געזאָגט:

— גאָרנישט ווערט פאַרלוירן! אלץ ווערט געמאָסטן, אלץ ווערט געוואויגן. ס'וועט קומען א צייט און מיר וועלן נקמה נעמען אין די אלע

וואָס האָבן צוגעגרייט דאָס דאָזיקע פאַרברעכן. זיי האָבן געמיינט, אַז זיי וועלן פאַרטיליקן די בעסטע זון פון דער אַרבעטער-באַוועגונג, וועלן זיי קאָנען אָפּשטעלן די אַרבעטער. ניין! האָט שמעון אויסגעשריגן, דעם ים קאָן קיינער נישט אָפּשטעלן. די גערעכטיקייט מוז זיגן. ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן דעם צאַר, די אָכראַנע, מיט אירע פאַרצווייגטע שפּינען... זע ווי גרויס עס זענען די כוחות פון די מאַסן, טראָץ דער פאַראָרדענונג, אַז ס׳איז נישט דערלויבט זיך צוזאַמענצוקומען אָן אַ דערלויבעניש. די מלוכה-אָרגאַנען האָבן נישט געגעבן קיין דערלויבעניש מ׳זאָל זיך צונויפקומען, און נישט נאָר מען איז זיך צונויפגעקומען, נאָר עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ שטרייק, וואָס האָט געדויערט צוויי טעג, און די אייזנבאַן-דירעקציע האָט געמוזט נאָכגעבן די פאָדערונגען פון די אייזנבאַן-אַרבעטער. ס׳איז אויך אויסגעבראָכן אַ שטרייק אין מיליטערישן אַרסענאַל, וווּ איבער 10 טויזנט אַרבעטער האָבן פאַרלאַנגט, מ׳זאָל זיי באַצאָלן פאַר זייער אַרבעט, מחמת די מלוכה האָט זיי כלומרשט מאָביליזירט און אויף אַזאַ אופן נישט געצאָלט קיין לוין. די קייט פון די אַלגעמיינע שטרייקן ווערט אַלץ גרעסער.

ס׳קומען אַרבעטער-דעלעגאַציעס צום קריגס-מיניסטעריום און פאַרלאַנגען, מען זאָל זיי העכערן די לוינען, פאַרזאָרגן מיט לעבנסמיטלען. דער מיניסטער, ווינטילע בראַטיאַנו, זאָגט אָפּ, ער דראָעט מיט פאַרפאָלגונגען. די אַרבעטער לייגן נישט אָפּ דאָס געווער — דעם שטרייק. די מלוכה מוז זיי נאָכגעבן און זאָגט צו, אַז זי וועט פאַרבעסערן זייער לאַגע. איינע פון די וויכטיקסטע פּאָליטישע דערפאָלגן איז געווען דאָס רעכט זיך צו אָרגאַניזירן אויף אַ לעגאַלן אופן.

— מיר גרייטן צו אַ שטרייק פון די אייזנבאַנער, האָט שמעון גענענדיקט.

# קאפיטל XIII

די אָקטאָבער-רעוואָלוציע האָט געשאפן א פאניק גלייכצייטיק אין די „אנטאנטע-מלוכות“ ווי אויך אין די „צענטראל-מלוכות“. כאָטש די מלחמה איז געווען אין פולן ברען, האָבן אלע בורזשואזע מלוכות גלייך ווי צווישן זיך איינפארשטאנען, אז דער הויפט-שונא זייערער איז דער פראָלעטאריאט, איבערהויפט דער רוסישער, וואָס האָט אראָפגעוואָרפן די צארישע קייטן און האָט באפרייט א זעקסטל חלק פון דער וועלט פון עקספלואטאציע.

די פאָליטישע און אידעאָלאָגישע אקציע פונעם רעאקציאָנערן לאגער האָט באלד אָנגעהויבן צו אקטיווירן.

מ'האָט געזוכט אויפצורייצן די פעלקער פון רוסלאנד גופא. די רע-פאָרמיסטן, וואָס זענען גוט געווען פארטראָטן אויך אין רוסלאנד, זענען מאָביליזירט און געשטיצט געוואָרן פון דער אויסלענדישער און אינלענדי-שער בורזשואזיע. ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער בירגער-קריג, וואָס איז גע-וואָרן אלץ מער שעדלעכער. די נאציאָנאלע שנאה צווישן די פעלקער פון רוסלאנד איז אויף א קינסטלעכן אופן צעפלאקערט געוואָרן, און טייכן בלוט האָבן זיך אָנגעהויבן צו גיסן אויף די באפרייטע פעלדער פונעם גרויסן רוסישן לאנד. ס'זענען קאָנצענטרירט געוואָרן אלע היידעמאקעס. מ'האָט גענאָסן אָן אויפהער גאז אויף דעם אָנגעהויבענעם פייער.

אויף די יאסער גאסן, אויף און אָפּ, זענען געגאן פאטרולעס. זיי האָבן אכטונג געגעבן מ'זאָל נישט שטערן די רו פון די מיניסטאָרן, פון די פריצים, איבערהויפט פון דער קעניגלעכער פאמיליע, וואָס איז נעבעך געקומען דאָ אָפּרעכטן „גלות“.

א חוץ די שווערע פאַטרולע-טריט, האָבן זייער געדיכט זיך געלאָזט הערן אייליקע טריט, וואָס זענען פאַרשווונדן געוואָרן אין דער טונקלקייט פון דער נאַכט. די אייליקע טריט האָבן זיך אַלץ פאַרמערט און אַלץ אַזוי פאַרשווונדן געוואָרן.

צווישן די שטראָמען, וואָס האָבן זיך געצויגן צום יאַסער צענטער „פּיאַצאַ אונירעי", איז שטיל און פאַרקלערט, געגאַנגען משהלע.

דער טאָג האָט אָנגעהויבן צו גרויען. א ים מענטשן האָט זיך צו-נויפגעזאַמלט צו דעם גרויסן יום-טוב, די זון האָט זיך אַלץ מער אַרויס-געריקט אויפן הימל איבערלאָזנדיק רויטע פּאַסן, ס'האָט אויסגעוויזן אַז גאַנץ יאַס, איז אַרומגענומען מיט א גרויסן רויטן זוניקן גאַרטל, וואָס זיין שיין האָט זיך אַנטפּלעקט אויף די יומטובדיקע פּנימער. דער גאַנצער פּלאַץ האָט אויסגעזען ווי א ריז, וועמענס פאַרמאַכטער פויסט האָט גע-דראָעט אָט די אַלע, וואָס ווילן אים אַרומנעמען מיט קייטן און פירן אַהין, דאָרט ווו ס'ווערט פאַרניכטעט דאָס שענסטע און דאָס בעס-טע, וואָס די וועלט פאַרמאָגט, — די יוגנט.

משהלע איז דעמלט נישט געגאַנגען אַליין!

— זעסט? — האָט צו משהלען זיך אָנגערופן מערי — די רויטע פּאַסן וואָס האָבן אונדז אַרומגענומען, זיי קומען פון דאָרט, פון מזרח, דאָרטן ווו די אַרבעטער האָבן איבערגענומען די מאַכט, האָבן צעריסן די דורותדיקע קייטן אין וועלכע זיי זענען געווען געשמידט. אויך דאָ דאַרף דאָס זעלבע געשען. ס'איז זיי נישט אָנגעקומען גרינג. זיי זענען געפאַלן און זיך אויפגעהויבן, געפאַלן און אַלץ מער דערהויבן. דער כוח איז אַלץ געוואַקסן און אינעם שעת-הכושר האָט זיך באַוויזן דער, וואָס האָט געשענקט זיין גאַנץ לעבן, זיין וויסן, אַלץ מער פאַרשטאַרקט דאָס געוויסן, די דיסציפּלין, פון די אַרבעטער, זיי אויסגעשטאָלט אין די געוואַלטיקע קאַמפן פאַר דעם ווילזיין פון דער וועלט, פאַר דעם ווילזיין פון די געפּלאָגטע און עקספּלאָאַטירטע, ער האָט פאַרלאַנגט: „די גאַנצע מאַכט פאַר די סאָוויעטן!" און די אַרבעטער און פּויערים האָבן צוריקגענומען אַלץ וואָס זיי האָבן געשאַפן אין משך פון דורות. זיי האָבן געהערט אין זיין שטימע, די שטימע פון אַלע פעלקער, וואָס וואַכן אויף און ווילן זייער לעבן אַליין איינריכטן. זיי האָבן אַרויסגעריסן דעם כוח פונעם שטנס הענט, האָבן אָנגעהויבן צו צעשטערן אַלץ וואָס איז זיי געשטאַנען אין וועג. זיי קעמפן אויך איצט אונטער דער אָנפירערשאַפט פון דעם גרויסן מענטש, וואָס האָט זיי געהאָלפן צערייסן די קייטן און געגעבן פרייהייט.

בשעת מערי האָט גערעדט, האָבן איר געפינקלט די אויגן, און ער איז געשטאַנען און געגאַפּט. ער האָט נישט געוווּסט צו וואָס זיך פריער צו צוהערן: צו דעם אינהאַלט פון דעם, וואָס זי זאָגט, צי צו די דעם טאָן, אין וועלכן ער הערט אַזאַ וווּנדערבאַרע מוזיק, וואָס פאַרכאַפּט אים, פאַרכישופט אים, צי צו דעם קול, וואָס ער האָט עס נאָך אינדערהיים געהערט, וואָס גייט אים נאָך פון טריט, ווען ער דערמאָנט זיך נאָר אין איר?

זיינע געדאַנקען זענען מיטאַמאָל פאַרטריבן געוואָרן, ווען ער האָט געהערט „זאָל לעבן די רעוואָלוציע!" „זאָל לעבן דער שלום!" וואָס האָט אויסגעדונערט פון דער גרויסער מענגע, ווען ס'האָט זיך באַוויזן דער הויפּט-רעדנער, וואָס האָט געדאַרפט רעדן אויפן מיטינג.

מערי, נעמט אים אָן ביי דער האַנט און שלעפּט אים אַרויף, נישט ווייט פון דער סטאַטוע. ער איז געבליבן ווי צעטאָפּעט, אי פון דעם רעש פונעם עולם, אי פון איר. די בלוטן האָבן אין אים אָנגעהויבן צו קאָכן. ער האָט נישט געוווּסט וואָס ס'טוט זיך מיט אים, ער איז געווען אויסער זיך. ס'איז אים געווען אַזוי גוט, אַז ער וואָלט געוואָלט, אַז די מינוטן זאָלן זיך לאַנג אַוועקציען, לאַנג, לאַנג...

גלייך ווי ער האָט געהאַט אַ פאַרגעפיל... ס'האָט זיך געהערט אַ גערויש פון אַ מענגע קאָפּיטעס, און קלאַנגען פון שפּיזן און שווערדן.

— דאָס האָט מען געשיקט כדי צו צעטרייבן דעם עולם — זאָגט מערי צו אים. — נאָר שרעק דיר נישט, ס'וועט גאָרנישט זיין. זיי וועלן נישט וואַגן, עפּעס איצט צו מאַכן. זיי ווילן אונדז נאָר איבערשרעקן.

— פאַרוואָס וועלן זיי נישט וואַגן, האָט משהלע געפרעגט, און זיין קול איז געווען פול מיט שרעק.

— ווייל ס'זענען דאָ אַ סך רוסישע סאָלדאַטן צווישן אונדז — האָט מערי געענטפערט.

דער עולם האָט זיך צוגעהערט צו די רעדנער. די ווערטער, וואָס זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן מיט אַ סך האַרץ און אויפריכטיקייט, זענען באַלד פאַרדעקט געוואָרן מיט אומויפהערלעכע אַפּלאָדיסמענטן און אויסרופן: „זאָל לעבן די אָקטאָבער-רעוואָלוציע!" „זאָל לעבן די קאָמוניסטישע פּאַרטיי און איר גרויסער אָנפירער וולאַדימיר איליטש לענין!" ווען דער רעדנער האָט גערעדט פון מלחמה, וואָס די מערב-מלוכות ווילן ווייטער פירן, האָבן ווידער קולות געדונערט: „מיר ווילן שלום און ברויט!" אין דעם גרויסן קרייז, וואָס איז געווען פול מיט עלטערע פּויערים, וואָס זענען געווען אָנגעטאָן אין זייערע יום-טובדיקע העמדער אַרומגעגאַרטלט

מיט רויטע גאַרטלען, און יונגע און אַלטע פּויערטעס, אָנגעטון אויך יום-טוב-דיק, האָט אָפּגעהילכט דאָס קול: — „מיר ווילן אונדזערע קינדער און אונדזערע מענער צוריק!“ „מיר ווילן ערד!“.

דער מיטינג האָט זיך געענדיקט. דער עולם איז זיך צעגאַנגען. דאָ און דאָרט האָט מען געזען די אמתדיקע לייט, די „שפּינען“, ווי זיי שטייען אין עק גאַסן און קוקן, שפּירן נאָך. צווישן זיי איז אויך געווען שוצו מיטן וואָנסעלע, מיט זיינע רויטע ליפּעלעך.

נאָך טעג פון הונגער, איז משהלע געקומען צו דער פאַבריק „קאָנ-קאָרדיא“, געוואָר ווערן וואָס ס'הערט זיך? ער האָט אָבער באַקומען אַן ענטפער, אַז ס'איז נישטאָ קיין אַרבעט. דאָרט האָט ער זיך אויך דערוווּסט אַז מערי און יאַנקו זענען פאַרנומען געוואָרן פון דער סיגוראַנצע. אים האָט מען געראָטן, ער זאָל וואָס גיכער אהיימפאָרן, ווייל מ'זוכט אים.

שווער איז געווען יעדער טאָג. ס'האָט זיך פון אים אָפּגעטון די שטימונג, ער האָט זיך דאָ אַזוי גוט געפילט, ס'האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז אָט קומט אַ נייע צייט און ס'וועט אים גוט זיין. ער וועט ווערן מיט מענטשן גלייך. און איצט, אַזאַ אומגליק! צוריק אהיים פאָרן? ווו אהין? אין דעם פינצטערניש? אין דעם דלות? ער האָט אָבער קיין ברירה נישט געהאַט. יאַנקוס דירה איז פאַרזיגלט געוואָרן. ערגעץ אַנדערש איז נישט מעגלעך צו בלייבן. נאָך אַ יאָר צייט וואַלגערנישן איז ער אהיים געפאָרן.

# קאפיטל XIV

טעג זענען אוועק, די יומטובדיקע שטימונג מיט זיי. קיין אויסוועג פאר משהלען איז נישט געווען, ער איז אריין אין דעם וואָכעדיקן. געמוזט זוכן פארדינען א שטיקל ברויט. ער האָט זיך באגנוגנט מיט א בוך, מיט א צייטונג און שוין. צומאָל פלעגט ער קומען אין קלוב אריין. דאָרטן קומען די מער אויפגעקלערטע סוחרים. מ'טרינקט א קאווע, מ'שפילט א דאַמינאָ, א קערטל, א „הונדערט איינס", אָדער א „פיקעט". די גאָר גרויסע, די וואָס דרייען זיך לעבן די פריצים, שפילן א „פאָקער" אויך.

בשכנות, אין קאפע-הויז, באקומט מען אויך א גלעזל וויין, א גע-בראָטנס אויף צו פארבייסן. אהער קומען די יונגע לייט. א גרויסער בן-בית איז דאָ געווען פסח, דעם אייזנווארגערס זון. דאָס איז געווען א לעב-יונג. דער טאטע זיינער האָט געמאכט א ביסל געלט אין דער מלחמה-צייט. ער, פסח, האָט אויך צוגעהאָלפן, איבערהויפט איז ער געווען א בעריאק צו האנדלען מיט „נחושת", קופער, וואָס נישט-לייטישע אָנגעש-טעלטע אין די אטעליערן פלעגן ארויסלקחנען, און ער, פסחל, פלעגט עס שוין פארמאכלעווען. ער האָט געהאט גרינגע גרייצערס, פלעגט שפילן אמייסטן „טאבלעס". ס'האָט אים נישט געארט, אויב ער האָט פארשפילט. אזוי צו אזוי, א „שפריץ" דארף מען טרינקען. טייבעלע, די מיט די קליינע אייגעלעך, וואָס זענען איינגעגראָבן געווען אין דעם פעטן רויטן פנים, פלעגט נעבעך מיטפילן מיט פסחן און אים אלעמאָל דערלאנגען נאָך א „שפריץ", א לעבערל וכדומה, כדי ער, פסחל, זאָל איבערטאָגן גרינגער דעם היזק ביי די טאבלעס.

פּסח איז נישט געווען אבי ווער אין קאפע. ארום אים האָבן זיך נעדרייט אנדערע לייטישע יונגעלייט, וועמען ער האָט אויסגעלערנט שפּילן א טאבלע, א מאָל א קערטל אויך, אזוי ארום, איז געוואָרן דאָס קאפע-הייזל א שטיק צענטער, ווו די יונגעלייט, וואָס ס'איז זיי געווען שקוטשנע, זענען אהין געקומען פארברענגען א שעה, צוויי. זעלבסטפארשטענדלעך, אז די עלטערע סוחרים, אָדער באלמעלאָכעס, וואָס האָבן געהאט געזעלן, אָדער זיי האָבן איבערהויפּט נישט געהאט קיין ארבעט, פלעגן אויך אהער קומען א ביסל פארברענגען. און פארוואָס טאקע נישט? דאָ הערט מען זיך אָן מיט נייעס; דאָ ווערט א סוחר געוויר די פּרייזן פון פּאָפּשויעס, פאסאָליעס, ווייץ א. א. וו. צומאָל קומט אהער א גרויסער סוחר פון א גרויסער שטאָט און דארף, מען זאָל אים אויף גיך צוזאמענשטעלן א רימל סחורה, דארף מען דאָך אוודאי זיין דאָ און נישט פארשלאָפן. אזוי אז דאָ, אין קאפעהויז איז געווען פרייַלעך. ווער שמועסט נאָך, אז ס'פלעגט אמאָל ארייַנפאלן „א פרייער", דעמלט איז טאקע א יום-טוב געווען. ווייל צוריקשמועסנדיק, איז קיין גרויסע עסקים טאקע דאָרטן נישט געווען. ווען און ווען, פלעגט ארייַנפאלן א סוחר, וואָס דארף האָבן א ביסל סחורה, א ביסל שמוישן אָדער בהמות. דאָס פלעגט אָבער זיין זייער זעלטן, אזוי, אז מען האָט געזוכט א „פרייער" אזעלכן וואָס קען נישט שפּילן און שפּילט, און אזעלכע פלעגן זיך יאווען פון צייט צו צייט. נאָר עטלעכע זענען געווען, וואָס האָבן געטויגט צו דער מלאָכה. און די טויגער, כאָטש זיי זענען געווען להשמיד ולהרוג אייַנעם אויפס אנדערע, פונדעסטוועגן, אז ס'פלעגן זיי ארייַנפאלן אזעלכע געבראָטענע טויבן, זענען זיי געוואָרן יד-אחת און דעם דאָזיקן פרייער געשטעלט צום צעטל. אז ס'איז נישט גע-ווען קיין רעכט שטיקל ארבעט, פלעגן זיי אייַנס מיט ס'אנדערע אזוי לאנג שפּילן, ביז דאָס קאפּיטאל איז אינגאנצן געבליבן אין דער „קאניאָטע", וואָס איז צוזאמענגעקליבן געוואָרן טאקע פון דער באלעבאָסטע אליין, דאָס הייסט טייבעלעס מוטער, וואָס איז געווען א יידענע אן אלמנה, און האָט נישט ארויסגערעדט קיין וואָרט אָנעם „רבונו של עולם" און אָן א „מסקנה".

משהלע, האָט זיך געלאָזט גיין צום קאפע-הויז און איז פארפירט געוואָרן פון זייַנע געדאנקען, פון דער פרישער לופט, וואָס איז געקומען פונעם נאָענטן וואלד און פון די מילדע זון-שטראלן. ער איז אָנגעקומען אויפן ניאמצער וועג. דאָ האָט ער באלד געטראָפן די באליבטע פעלדער, וועלכע זענען אים געווען אזוי היימיש. צוגעצויגן האָט אים דאָס פעלד,

וואָס איז געווען צעשניטן אויף שטיקער, און האָט פון דערווייטנס אויס־געזען, ווי עס וואָלט געווען א בליטשעגדיקע שווארצע קוילן־מאסע, וואָס חנדלט זיך צו דער זון. ער דערזעט טעאָדאָרן, שפּרינגט אריבער דעם שאנץ, גיט אים אָפּ א ברייטן שלום־עליכם, פרעגט אים אויף זיין געזונט. וואָס ס'טוט די משפּחה זיינע?

טעאָדאָר — א פויער שוין נישט קיין יונגער, דאָס פּנים זיינס איז געווען אָפּגעברענט פון זון און ווינט. צווישן ברייטן שטערן און די ברייטע קין־באקן האָבן ארויסגעפינקלט זיינע בלוי־גרויע, לעבעדיקע אויגן — דריקט אים פעסט די האנט, און זאָגט:

— בעסער וואָלסטו מיך נישט געפרעגט. כ'בין דאָ געווען פארנומען מיט די גערדאנקען, ווו נעמט מען עטלעכע מעטער סחורה וועגן א קליידל פאר טינקאן, וואָס דארף גיין דינען צום פריץ סאנדו. זי האָט נישט מיט וואָס ארויס צו גיין. כ'האָב געמיינט, אז דער זון מיינער, וואסיליע, וועט אהיים קומען און וועט עפּעס פארדינען, אָבער מ'הערט נישט און מען זעט נישט. מ'לאָזט אים נישט אָפּ. כ'האָב באקומען פון אים א פּאָס־טקארטל, די שטאָט, אָדער דאָס דאָרף, ווו ער געפינט זיך, שטייט נישט דאָרט. ער שרייבט, אז זיי גייען אלץ פאָרויס. ער בענקט שטארק אהיים, ער גייט אויס נאָך די קינדער, נאָר לויט ווי מ'רעדט דאָרט, הויבט מען אפילו נישט אָן צו שמועסן וועגן אהיים לאָזן. די אלטע מיינע מוטשעט זיך, וויאזוי דו ווייסט, האָרעוועט שווער אינדערהיים און כדי זי זאָל עפּעס פארדינען גייט זי זייער אָפּט וואשן גרעט אין שטאָט אריין, ווו דו האָסט זי נישט איינמאָל באגעגנט. און איך דאָ פּאשע די בהמות.

מיטאמאָל לאָזט ער אראָפּ די אויגן. זיינע סענקעוואטע הענט כאפּן פעסט ארום דעם שטעקן, אויף וועלכן ער שפּארט אָן זיין גאנצן קערפּער, מורמלט עפּעס דאָרט.

משהלע פרעגט אים איבער, וואָס ער האָט געזאָגט.

טעאָדאָר, הויבט אויף דעם קאָפּ, א ביסל נאָכגעקלערט און ענדלעך געזאָגט:

— דע, איר יונגע לייט, איר ווייסט גאָרנישט וואָס א זיידע קלערט, ווען ער איז געצוווּנגען צו שיקן א יונג א מיידל, צו אָט די פּריצים. זיי זענען דאָך אויסוורפן. טעאָדאָר, גיט אן ענערגישן ווארף מיטן קאָפּ, פון וועלכן, זיינע פּאטלעס האָבן אָנגהויבן צו פליען. זיינע פינגער האָבן פעס־טער ארומגענומען דעם שטעקן. און ער האָט געזאָגט: — כ'וועל דעם פּריץ געבן אָנצוהערן, אז טאָמער וועט זיך טרעפן עפּעס אן אומגליק מיט טינקאן, וועט ער דאָס מיט קיין געלט נישט באצאָלן!

— אך! ווען איך וואָלט געהאַט מיין אייגן שטיקל ערד, עס צו באארבעטן, וואָלט איך זיי א מכה געשיקט אזא טייער קינד. א ברירה האָב איך?

— אָט איז אנטלאָפן דער ביק! האָט זיך טעאָדאָר געכאפט, ער וועט נאָך אָנמאכן שאָדנס! קום זיך נאָכאמאָל אדורך, האָט ער צו משהלען געמאכט, און איז געלאָפן נאָכן ביק.

אויפן וועג באגעגנט זיך משהלע מיט אנטשל סטאָליער, וואָס האָט געוווינט אויפן ניאמצער וועג. ער איז געגאנגען זוכן, אפשר וועט ער עפּעס קאָנען קויפן. דאָס ווייב זיינס, פעסל, איז נעבעך שלאָף געוואָרן, קען זיך נישט רירן פונעם אָרט, מוז ער זיין די באלעבאָסטע אויך.

— נו, וואָס הערט זיך עפּעס אויף דער גרויסער וועלט? פרעגט אנטשל סטאָליער. משהלע קוקט אים אָן. מיין יאָסל האָט מיר געשריבן, אז ער האָט דיך געזען צווישן ארבעטער אויף א פארזאמלונג. מאך נישט קיין שטיק און דערצייל מיר, וואָס דו האָסט דאָרט געהערט.

משהלע, דערציילט אים וואָס ער האָט דאָרט אין יאס געהערט. אנטשל סטאָליערס דריי קנייטשן פון זיין שטערן זענען ווי געשוואָלן גע-וואָרן. ער האָט געשלונגען יעדעס וואָרט. דאָס פּנים זיינס איז אָט ליכ-טיק און אָט טונקל געוואָרן. ער שווייגט און משהלע דערציילט. ווען דער סטאָליער האָט דערהערט, אז מען האָט פארזיגלט דעם קלוב, האָט ער אויסגערופן: אוי, א כאָלערע אויף זיי! מ'לאָזט נישט אויפהויבן דעם קאָפּ! ס'וועט זיי אָבער נישט העלפן! ס'איז שווער געווען צו רירן די מאסע, נאָר טאָמער האָט זי זיך שוין גערירט, וועט זי קיין שום כח פון דער וועלט נישט מער אָפּשטעלן. דעם בעסטן באווייז האָבן מיר פון דאָרט פון רוסלאנד. די שונאים ארבעטן מיט די זייטן. זיי אטאקירן פון אלע עקן. אָבער די די פעלקער שלאָגן זיך ווי די לייבן. זיי וועלן זיך שוין מער נישט לאָזן איינשפּאנען, זיך נישט מער לאָזן אויסקוילען. אָט האָב איך באקומען א בריוו פון מיין שוואָגער פון אוקראינע. ער האָט מיר אים געשיקט מיט א געלעגנהייט. עס איז דאָרט א גאנצער חורבן, דעניקין און פּעטליורא, מאכן פון זייער לעבן דאָרט א גיהנום; פארשרפעט גאנצע שטעט, פּאָגראָמען אויף טריט און שריט, אלטע, פרויען און קינדער ווערן דערשאָסן. דאָס האָב און גוטס ווערט געראבעוועט, די היימען צעשטערט, די וואָס ס'איז זיי געלונגען צו אנטלויפן, ווערן נאָכגעיאָגט. זיי האָבן אָבער געשאפן א זעלבסטשוץ. זיך אויסגעלערנט דערלאנגען צוריק. זיי האָבן געשאפן גאנצע באטאליאָנען. זיי געבן שווערע קלעפּ די פּעטליו-

ראָוועס. זיי אַליין קאָנען אָבער נישט בײַשטיין. זיי ווייסן אַז נאָר איין אײנציקער אויסלייזער איז פאַראַן, דאָס זענען די באָלשעוויקעס. זיי פאַר-משפּטן די פּאָגראָמטשיקעס און פאַרזיכערן דאָס לעבן פון די יידן. מ'-ווארט אויף זיי מיט אָפענע אָרעמס. ס'איז אָבער שווער. ס'האָבן זיך א לאָז געטון, ווי די הײַשעריקן, חילות פון כלערליי מינים. אַלץ האָט זיך געלאָזט אויף די פעלקער וואָס האָבן צעריסן די קייטן, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם יאָך; זיי ווילן זיי צוריק שמידן אין קייטן, צוריק לייגן דעם עול אויף זייערע קעפּ. ימים בלוט פליסן. ס'שלאָגט זיך דאָרטן דער טאָג מיט דער נאַכט.

משהלע האָט זיך צוגעהערט צו יעדן וואָרט, וואָס דער סטאָליער האָט ארויסגערעדט, מיט אַזויפיל ליידנשאַפט און צאָרן. דאָס גמרא-קעפּל האָט אויפסניי אָנגעהויבן צו ארבעטן בײַ אים. וואָס זענען שולדיק די קינדער? פאַר וואָס נעמט מען פּיצלעך קינדער אויף דער שפּיז און מ'-ווארפט מיט זיי פון איינער אויף דער צווייטער! און דאָס איז א שפּיל אַזעלכער? ווו און ווער האָט אַזוי „אויסגעבילדעט" מענטשן! דאָס זענען מענטשן? אוודאי זענען דאָס מענטשן! מ'זאָגט, אַז זיי זענען נאָר יונגע און שיינע דערצו, אַז זיי טאַנצן, שפּילן און זינגען! קאָן אַזעלכס געמאָלט זיין? ער קאָן דאָס נישט באַגרייפן! דער מוח ווערט אים מטושטש. ער פילט, אַז דאָס האַרץ חלשט אים.

— וואָס איז מיט דיר געשען? פרעגט אים דער סטאָליער.

— גאָרנישט, כ'האָב פון נעכטן גאָרנישט געהאַט אין מויל. די שרעקלעכע בילדער וואָס זענען מיר פאָרגעקומען! ס'האָט זיך מיר אויס-געדאַכט, ווי איינער האָט מיר געגעבן א האַק מיט דער שפּיז אין קאָפּ אַרײַן. מ'טאָר נישט זיין אַזוי שוואַך האָט ער זיך געקלערט. ער וועט שוין נישט אַזעלכס צולאָזן. ער האָט זיך אָנגעהויבן צו מענטשן. געבעטן דעם סטאָליער, עס זאָל זיין שאַ, די מאַמע זאָל זיך נישט דערוויסן.

דער בחור איז אַזוי געלעגן א האַלבע שעה. ער איז שוין נישט גע-גאַנגען אינעם קאַפע-הויז. ער איז אַהיים געגאַנגען.

פאָרנט, אויפן טראָטואַר, פאַרן קאַפע-הויז, זיצן בײַ א טישל די-באַלע מיט מאַרקון און מישן א פּעשל קאָרטן.

— נו, וואָס שפּילן מיר? פרעגט דיבאַלע.

— אין איינאונפּיפציק! ענטפערט מאַרקו.

— אויף וויפל?

— אויף אונדזער פּאָרציע, פינף ליי.

— גוט!

ס'האָט לאַנג נישט געדויערט און ס'קומען אריין פּסח מיט די מייזל-אויגן און חיים האלאָוטשעטשער.

— גוטמאָרגן, טייבעלע!

— גוט יאָר, ענטפערט טייבעלע, און קערט ווייטער.

— קוק זי נאָר אָן! זי האָט געביטן די פּאָטשיילע! די איז מיט רויטע טופּן.

— דאָס איז צו ליב דיר, מאכט חיים צו פּסחן.

פּסח, לאָזט אראָפּ די אויגן גלייך ווי נישט צו אים רעדט מען. ער ווענדט זיך צו חיימען:

— נו, מאכן מיר א טאבלעט?

— וואָס דען, מיר זענען געקומען אהער זאָגן תהלים?

די אלטע שבע, מיט א קלענער אייגל און מיט אן אָנגעבויגענער פּלייצע, טראָגט זיי שוין אקעגן די טאבלע, ווישט זי אָפּ פון פּאָרעך, און דערלאנגט זיי.

— צוויי קאַווע מיט שוים! באשטעלט פּסח. ער מישט שוין אין דער האנט די צוויי גאלקעס.

— נו, אויף וויפל?

חיים, קוקט זיך ארום, דאָס הייסט, אז ער זוכט א שותף אָדער מערערע.

ישראל, א שווארץ חנוודיקער בחור, זוכט אין די קעשענעס, נעמט ארויס 10 ליי און דערלאנגט. חיים נישטערט ווייטער. ס'דערלאנגט אים שמעון פּארעך א צוואנציקער.

— ווו לייגן מיר איין?

— ביי לאָזערן, מאכט חיים. און ביידע זענען מסכים. דער שפּיל האָט אָנגעהויבן. פּסחן גייט די גאלקע אויף סכנות. ס'האָט נישט לאנג געדויערט. ער מאכט אלע „טויערן ". און יענער שטייט מיט צוויי דאמקעס אין דרויסן.

בקיצור, ער האָט געמאכט „מארץ". פּסח איז איבערגליקלעך.

— נו, האָסט שוין פארלוירן, זאָגט פּסח. זיינע מייזל-אייגעלעך לויפן ארום. ער ווארפט אויפסניי די גאלקעס: טאָפּל זעקס. חיים מאכט א פארצווייפלטע מינע. ער נעמט איבער די גאלקעס, ווארפט. אים קומט ארויס א פינעף איינס. בקיצור, דעם פּסחן גייט עס היינט א גאלקע, א שרעק. ער האָט צוגענומען די גרייצער.

פאר דעם נייעם קאָן, הייבט חיים ווידער אָן צו זוכן אין די קעשענעס. מ'שטעלט צונויף דאָס מאָל דעם פּיפּציקער שווערער א ביסל. ס'האָבן

זיך צונויפגעלייגט זעקס פּאַרשוין. דער שפּיל האָט אויפסניי אָנגעהויבן. אומזיסט... אז ס'גייט נישט! נאָכאמאָל פאַרשפּילט!

חיים הויבט זיך אויף. ס'זעצט זיך אנידער ישראל. דער שפּיל הויבט זיך אָן. ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן. פּסח האָט צוגענומען דאָס ביסל געלט, וואָס די הויפּטשפּילער און די קיבעצער האָבן פאַרמאָגט — און שוין.

טייבעלע, איז באלד אויסגעוואקסן. פּסח איז געשווינד אויפגעשטאנען און ביידע זענען אריין אין קיכל. ער האָט דאָרט פאַרביסן, געכאפּט א א שפּריץ. געווען גליקלעך.

אין דרויסן זענען חיים מיט דער חברותא געווען צעטראָגן, ווען פּסח איז צוריק ארויסגעקומען. פרעגט חיים.

— נאָכמיטאָג קומסטו?

— וואָסזשע, כ'בין א פרייער? ענטפערט אים פּסח ווילויגנעריש.

ס'האָט לאנג נישט געדויערט און פּסח זיצט שוין ווייטער און וואַרפט די גאלקעס. ס'איז אראָפּגעפאלן עפּעס איינער א גרעק, פראנגאָפּאָל, ער פאַרשפּילט איינמאָל, ס'צווייטע מאָל, דאָס דריטע מאָל.

פּסח איז מלא שמחה. דער גרעק שלעפּט אלץ ארוים דעם טאש, וואָס איז פול מיט געלט, און באצאָלט.

— פאַרטאָפּלען מיר די מיזע? פרעגט דער גרעק. פּסח האָט קוים געוואַרט דערויף, מחמת ער איז געווען א ליידנשאפטלעכער שפּילער.

— אוודאי! ענטפערט פּסח.

ארום דעם טישל האָבן זיך צוזאמען גענומען אלע טאבלעשפּילער. אלע האָבן געקוקט און געווען נייגעריק, וואָס וועט דאָ ארוים?

דער גרעק ווישט זיך דיברילן און נעמט זיך צו דער עבודה.

פּסח מאכט א ליניע, ער מאכט די צווייטע. ווען ס'קומט צו דער דריטער, בעט דער גרעק מ'זאָל אים אנטשולדיקן, ער קומט באלד צוריק.

נאָכדעם וואָס ער איז אריינגעקומען, און זיך ווידער אנידער געזעצט, האָט דאָס רעדל זיך אויפסניי צונויפגענומען. פּסח האָט ווידער געוואונען.

דער גרעק געווינט איין שפּיל, דעם צווייטן, דעם דריטן. די קיבעצער זענען אויסער זיך... זיי האָבן נאָך אזעלעכס נישט געזען!

פּסח, הויבט זיך אָן צו קראצן אין די קעשענעס. די אייגעלעך הויבן אים אָן פינקלען. ער מאכט סמנים אונטער דעם טישל צו סרולן. יענער דערלאנגט אים פריש געלט.

דער גרעק האָט געזען, ווו די שטימונג ארום אים ווערט אלץ אָנגעשטרענגטער, ווענדט ער זיך צו זיין פאַרטנער און שלאָגט אים פאָר: אויב ער וויל, קאָן ער שפּילן אין טשאשקעס אויך.

די קיבעצער האָבן אויפגעלעבט, און אלע מיט איין קול האָבן זיך ארויסגעזאָגט, אז זיי זענען מסכים. פסח, וואָס האָט קיינמאָל נישט געהאט קיין אייגענע דעה, האָט צוגעפינטלט מיט די אויגן. ווי איינער רעדט, אוודאי!

טייבעלע, האָט באלד ארייגעבראכט די טשאשקעס, די גאלקעס זענען אריינגעוואָרפן געוואָרן, און ס'האָט באלד מיט זיי אָנגעהויבן צו מאָרדעווען.

דער גרעק געווינט איין שטיק. בקיצור, ער האָט אויסגעליידיקט פסחן מיט אלע קיבעצער. ער האָט אויך צוגענומען דאָס געלט, וואָס טייבעלע האָט געהאט אין שטוב, ווייל פסח איז אלע מאָל אריינגעגאנגען צו איר און זי אויסגעבייטלט.

א האלבע שעה, האָבן די קיבעצער זיך נישט געקאָנט בארויקן, מ'-האָט אלץ דיסקוטירט דעם גאנג פונעם שפיל. אזא גאלקע האָבן זיי נאָך קיינמאָל נישט געזען!

ביים טישל, ווי דיבאלע מיט בערעלען האָבן געשפילט, האָט זיך אוועקגעזעצט אוירעל דער בלינדער. איינגטלעך איז ער גאָרנישט געווען בלינד. ער איז נאָר קורצזיכטיק געווען. דאָס שטעטל האָט אים אָבער אזא נאָ-מען געגעבן.

אוירעל וואסיליו, איז געווען דעם קרעטשמערס זון. ער האָט געדראפט דאָס יאָר אריין אין דער אוניווערסיטעט. צווישן זיינע יידישע חברים האָט ער זיך גוט געפילט און געפירט אָנשטענדיק. ער איז געווען מיט זיי כמעט א חבר, געגעסן, געטרונקען, פארוויילט מיט זיי צוזאמען.

ס'האָט לאנג נישט געדויערט און ס'קומט אריין וואסיליע, דעם אד-וואָקאטס זונדל. וואסילע, שלאָגט פאָר אוירעלן שפילן א פיקעט. דער שפיל פאנגט אָן.

מענדלס דראָשקע האָט זיך געלאָזט הערן. די גלעקלעך פון זיינע פערד זיינע צוביסלעך שטיל געבליבן. פון דעם וואָגן שפאנט אראָפ צאליק. א טייל שפילער הערן אויף צו שפילן און קומען באגריסן און אָפגעמען גרוסן פון זייערע באקאנטע, וואָס זענען אנטלאָפן קיין אדעס.

דיבאלע, האָט באלד געפרעגט, צו האָט ער דאָרט נישט געזען יאנקו בערלס.

— כ'האָב אים געזען, ענטפערט צאליק.

— נו וואָס טוט ער איצט דאָרט?

— איצט ווייס איך נישט, נאָך דעמלט ווען איך בין דאָרט געווען, איז ער געווען כמעט אויף אלע פארזאמלונגען. ער איז געגאנגען צווישן

פּאָלק, דיסקוטירט, צומאָל דערלאנגט א מאניפעסטל און איז באלד פאר-שוואונדן געוואָרן.

ס'האַרץ איז מיר פארשניטן. כ'האָב געהערט, אז ער איז געפאלן אין א צוזאמענשטויס צווישן די ווייסע און די רויטע. זאָג מיר דעם אמת. באהאלט נישט.

— כ'האָב נישט וואָס צו באהאלטן. כ'האָב מיך מיט אים נישט איינמאָל געזען. ער פלעגט מיר דערציילן פון די גרויזאמקייטן, וואָס ער האָט געזען אין דעם גיהנום וואָס פעטליוראָ און דעניקין האָבן צעפלא-קערט אין אוקראינע. הרגענען און רויבן איז א טאָג-טעגלעכע זאך. כ'וועל קיינמאָל נישט פארגעסן, ווי אין מיטן גאס האָט זיך געלאָזט א ווייסגווארדייער אויף א פרוי און איר אויסגעשניטן די ברוסטן און זי דאָרט געלאָזט ליגן, צוווארפנדיק איר דאָס זויג-קינד מיט דעם שפּיץ פון דער שפּיז. צאליקס בלויע אויגן הויבן אָן צו ברענען. שטעלט זיך אָפּ. באלד גיט ער א וויש מיט דער האנט איבער דעם שוויס. איבער זיין ברייטן שטערן. ער דערציילט ווייטער: אויף לאנגע קילאָמעטער האָב איך גע-זען אויפגעהאָנגענע מענטשן. אויף די גאסן קופּעס מענטשן. אלטע און קינ-דער. פארשרפעטע הייזער, פון וועלכע ס'האָבן זיך פארשפּרייט ריחות פון פארברענטע און פארפוילטע קערפּער. דער קאָשמאר גייט מיר נאָך פים-טריט.

— וויאזוי ביסטו אהער געקומען? אויף דער שטרעקע וואָס הערט זיך?

— פרעג שוין נישט. האָט צאליק געענטפערט, הויבנדיק דעם קאָפּ אליץ העכער און זיינע אויגן האָבן געקוקט ערגעץ ווייט, ווייט...

— יאָ, א שטרעקע! אויף וועלכער עס זענען געליגן צענער טויזנטער פארוואונדעטע, הונגעריקע, מידע, פון וועלכע א גרויסער טייל האָבן אויס-געהויכט דעם לעצטן אָטעם. אויפן שטראָז זענען געגאנגען אָן אויפהער מאסן מענטשן מיט פעק אויף די פּלייצעס. באלד זענען אָנגעלאָפן אויטאָמאָ-בילן, די מאסע איז זיך צעלאָפן אויף די פעלדער. אויך דאָ האָבן זיי נישט אָפּגעאָטעמט, ווייל געשווינד זענען אָנגעפלויגן, ווי די מלאכי-חבלה די דויי-טשע עראָפּלאנען און האָבן מיטראלירט די צעלאָפענע מאסע אין איר משוגענעם געוואָי. די נאכט איז צוגעפאלן. א דריבנער קאלטער רעגן האָט דורכגענומען די מאסע. כ'דערמאן מיך דעם אויסגעשריי פון א יונגער פרוי, וואָס איז דערגאנגען ביז צום הימל, ווען זי האָט דערזען איר מו-טער ליגן אין אן אָפענעם גרוב, מיט די הענט און צונג אָפּגעשניטענע. כ'ווייס נישט, וווּ כ'האָב גענומען כוח, כ'זאָל דאָס אליץ איבערשטיין. א מענטש איז שטארקער פון אייזן. זיין אויסזע האָט אויסגעזאָגט די פּיינ-

לעכע איבערלעבענישן, וואָס דער געזונטער יאַט צאַליק האָט דורכגעמאַכט.

— זע נאָר, רופט זיך אָן סרול, ווי בלייך ער איז! סרול האָט זיך געגעבן א פאַטש. געוואַלט! האָט ער אויסגערופן, זעט! ער האָט דאָך א הילצערנעם פוס!

— באַווייַנט מיך ווייניקער! האָט זיך צו זיי צאַליק אָנגערופן. איר ווייסט נישט, וואָס מלחמה הייסט. איר זענט דאָ געזעסן און געמאַכט פּאָליטיק.

— מיר האָבן זיך דאָ אויך געגעוג אָנגעליטן, האָט בערעלע אים איבערגעריסן.

— אמת, ס'איז אָבער נישט קיין פאַרגלייך צו דעם, וואָס מיר זענען דורכגעגאַנגען. שטעלט אייך פאָר נאָר דאָס „פאַרגעניגן" צו ליגן אין די טראַנשעען, אין וועלכע די בלאָטע איז געווען ביז צו די קניעס. איך זאָג בלאָטע! רויטע בלאָטע האָט איר שוין א מאָל געזען? צו מאָל פלעגן פון דאָרט ארויסקוקן שוואַרצע און בלויע אויגן. ארום טאָר מען נישט. ארום ברענט דער וואַלד. דאָ און דאָרט ליגן פאַרוווּנדעטע. הונדערטער ארבל אויסגעפליקטע פון די רעקלעך, אויסגעשמירטע מיט בלאָטע און בלוט נעמען ארום די פליסנדיקע ווונדן. די געשרייען פון די פאַרווייטיקטע, דער רעש פון די שראַפּנעלן און גראַנאַטן ווערן אויסגעמישט. צווייפל, שרעק, אויסזיכטלאָזיקייט נעמען אלע ארום. און דאָ גיסט א שלאַקס רעגן, געמישט מיט פייער, מיט ווייַ. ס'רייט דער מלאך-המות אויף זיין בלוטיקן רייטוואָגן און טויזנטער שדים טאַנצן ארום, פויקנדיק מיט פייקלען פון ביינער, פון פיס און פון הענט אויף די גרויסע פויקן, וואָס זענען צוגויפגעשטיקעוועט פון מענטשלעכע הויטן.

— קוק אים נאָך אָן, דעם העלד! האָט אוירעל, מיט א שפּאָטישן טאָן, זיך געווענדט צו וואַסילען. ער האָט די ווערטער ארויסגעזאָגט שטיל. און ווייטער געמישט און געטיילט די קאָרטן.

נאָך א פּאָר מינוט, ענטפערט וואַסיליע — ארומקוקנדיק זיך אויב עמיצער הערט אים נישט. — אוודאי, גבורים! מ'שטייגט געזאָגט. דער טאַטע מיינער איז זיכער געווען, ווען ער זאָגט, אז פון די „לייט", זענען בייַנציק פּראָצענט פאַרעטער און די איבעריקע צען, שפּיאָנען.

— ס'חלומט זיך זיי בירגער-רעכט, וואָל רעכט, האָט אוירעל געזאָגט. צווישן די ציין האָט ער געהאַלטן א ציגאַר, געקוקט אין די קאָרטן, אראָפּגעוואָרפן דאָס „אָס קארע". האָסט? ניין? וואַסילע וואַרפט אראָפּ א „זיבעלע פּיק".

— אויב אזוי, לאָז דיך שוין אָפּ פונעם שפּיל. טייבעלע! שרייט ער אויס, אנו, ברענג צוויי שפּריצן מיט עפּעס פארבייסעכץ. דער פרייער באַצאָלט, האָט ער צוגעגעבן, ווייזנדיק אויף וואסיליען.

— מיר איז נמאָס אהער צו קומען, כ'קאָן נישט ליידן די אטמאָספער. ס'שמעקט מיט קנאָבל. כ'האָב געמיינט, אז נאָך דער מלחמה וועט פון זיי מער נישט בלייבן קיין סלעד, זיי שעמען זיך נישט און קומען נאָך אין קאפע-הייזער, רעדן, און דערצו אויף א הויך קול, גלייך ווי זיי וואָלטן געווען דאָרט ביי זיך אין באָד, אָדער אין הקדש. כ'קום איצט פון יאס. דאָרטן האָבן זיי גאָר אויפגעהויבן דעם קאָפּ. ס'זידט אין מיר דאָס בלוט. דער קאָנו מישו, האָט מיר אָבער פארזאָגט, ארויסצווייזן מיינע געדאנקען. ס'איז נאָך נישט די צייט, זאָגט ער. מ'וועט מיר שוין צו וויסן טון. מ'דארף האלטן ס'מויל. אָבער הערן און זען. שפּעטער אויפנאָטירן אלץ, וואָס דאָ קומט פאָר.

# קאפיטל XV

ניִשט ווייט פונעם קאפעהויז איז געווען דער פּריצישער קלוב. די
אונטערנעמונג איז אָנגעפירט געוואָרן פון צוויי פארזעסענע מיידן. אייגנ-
טלער, איז ער באלעבט און סטימולירט געוואָרן פון זייערן א נאָענטן קרוב,
קאָן זיין טאקע אן אייגענער. מע האָט אים גערופן וויינשטאָק. די פּראָ-
פעסיע פון דעם פּארשוין האָט קיינער ניִשט געקאָנט פעסטשטעלן. פונדעם-
טוועגן האָט ער געפירט, ווי מ'זאָגט א שיינע שטוב. די קינדער געלאָזט לערנען.
ער גופא, איז געווען א צארט מענטשל, קיינמאָל דעם ציגאר ניִשט
ארויסגעלאָזט פונעם מויל, און בייזע צונגער זאָגן, אז אויך ניִשט די קאָר-
טן. ער פלעגט דאָרט אין קלוב איבערליגן טאָג ווי נאכט, אזוי, אז איינער
זאָל ניִשט זאָגן, אז ר'האָט ניִשט מיט וועמען צו שפּילן א הונדערט איי-
נס, א פּיקעט, א דערדל א.א.וו.

גרוים דרך-ארץ האָט דאָס פּארשוינדל, דער כיטראק, געהאט פאר
די פּריצים, א גאנצער גוטער ברודער געווען מיטן פּרימאר, מיטן שעף
פון דער פּאָליציי. אגב דארף מען דאָ באמערקן, אז דער פּאָליציי-שעף
האָט גאנץ גוט געלעבט מיט די סוחרים פון דער שטאָט. ער האָט געלאָזט
פארקויפן טאקע אין מיטן זונטיק, זעלבסט פארשטענדלעך, ניִשט טאקע
אזוי גאנץ אָפן. קיין אויסלאגע האָט מען טאקע ניִשט געמאכט, נאָר אונ-
טער האלב אויפגעמאכטע טירן איז דער עסק געגאנגען. דערפאר האָט
דער שעף גאָרניִשט געדארפט קויפן. ער האָט אלץ באקומען פונעם שענ-
קען און פונעם בעקער. זיין פליגל-אדיוטאנט, גאווריִלע, וואָס איז ניִשט
לאנג ארויפגעקומען אין שטעטל און האָט געהאט א פּנים פון א שווארץ-
יאָר, האָט באלד באקומען אויסגעגלעטע באקן. וויאזוי דער דאָזיקער איז

אריין געקומען אין א קלייט, ס'האָט געמעגט זיין דער גרעסטער מארק און די קראָם פול מיט קונים, האָט דער סוחר אים באלד באדינט, טאקע ער אליין בכבודו ובעצמו. ער פלעגט זיך קנעכטיש ביקן און זאָגן דעם באוווסטן „סערוטמענא"[1], און זיך שלעפן מיטן שווערן קויש וואָס ער האָט אים אָנגעפילט מיט אלרעס-גוטס.

יאָ, מיט דעם שעף פון דער פּאָליציי, וועלכער פלעגט שטענדיק קו-מען אהער אין קלוב, האָט דאָ געשפּילט ווײנשטאָק. זעלבסט פארשטענ-דלעך מיט אים האָט ער נישט ארויסגעוויזן זיינע גרויסע קענטענישן אין הלכות-קאָרטן. דאקעגן איז אים נישט געשטאנען דאָס מויל, ער האָט געהאלטן אין איין רעדן, וועגן וואָס איר ווילט, אזוי אז דער שעף האָט פארשפּאָרט אים צו פרעגן. נאָכדעם, וואָס ער האָט שוין אליץ אָפּגעקלאפּט, פרעגט אים דער שעף:

— זאָג נאָר, זשופין איציק, ווער איז דער קרומער וואָס כ'זע אים זייער אָפט אין קלוב? מיר דאכט זיך, אז ער איז א שוסטער, און אויב אזוי, וואָס זוכט ער צווישן פריצים און הויכע באאמטע?

— האָט קיין יסורים נישט, קאָנו פעניקע, ער איז פון אונדזערע לייט. פארלאָזט זיך אויף מיר, כ'וויס, וואָס איך טו. מיט דער געלעגנהייט וואָלט איך אייך טאקע געוואָלט זאָגן, אז מ'דארף דעם דאָזיקן א ביסל מ ר פּראָטעזשירן, אים עפּעס צולאָזן, ער האָט געבעטן א שטוב מיט קינדער און א זויער וויב. כ'וואָלט פּאָרגעשלאָגן, מ'זאָל אים לאָזן עפענען טאקע א קאפעהויז וועגן זיינע בעלי-מלאָכות. דאָס וועט אים צוניץ קומען און נאָך מער אונדז. ס'וואָלט כדאי געווען איר זאָלט רעדן מיט דעם פּרימאר, דער מיטן קרומען פיסל. יאָ, ער קומט זייער זעלטן אהער, ווייזט אויס, ער וויל נישט אויסגעבן פאר א קאווע, איר קענט דאָך אים, דעם קראָמש. איך וועל שוין רעדן מיטן קאָנו סאנדו, ער זאָל פועלן ביי דער אָנפירונג פון דער ליבעראלער פארטיי, אז זיי זאָלן רעקאָמאנדירן די סיגוראנצע[2], זי זאָל זיך נישט אקעגנשטעלן ביים ארויסגעבן די אויטאָריזאציע.

דער שעף האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, האָט אוועקגעלייגט די קאָ-רטן, גענומען די קאווע אין דער האנט און זי צוגעפירט צו זיין מויל, וואָס האָט געבלישטשעט מיט די גאָלדענע ציין זיינע.

ווײנשטאָק איז געווען א פארשויז, וואָס גאָרנישט איז אים נישט פרעמד געווען און אליץ וואָלט ער געוואָלט וויסן. אים האָט נישט גע-

---

[1] כ'קוש די האנט.
[2] זיכערקייט אמט.

געקימערט וואָס דער, מיט וועמען ער האָט גערעדט, איז א שעף, א די-רעקטאָר, א באנקיר, א פּראָפעסאָר. מיט אלע איז ער געווען פאניע-בראט. איצט האָט ער זיך אויך נישט געקאָנט איינהאלטן און האָט געפרעגט, צי דאָס רינגל, וואָס ער זעט עס צום ערשטן מאָל, איז טאקע א נייס, צי ער האָט עס שוין פון לאנג.

דעם שעף איז נישט געווען אָנגענעם די פראגע. נאָר ענטפערן מוז מען.

— יאָ, האָט ער געענטפערט, מיט א האלב מויל, כ'האָב עס בא-קומען א מתנה פון מיין פרוי צו מיין געבוירן-טאָג.

וויינשטאָק, קוקט אויף אים מיט א ביסל חשד. ער לאָזט זיך אָבער נישט און זאָגט: — כ'קאָן שווערן, אז כ'האָב געזען דאָס רינגל מיטן בריליאנט ערגעץ אין צוג, ווען כ'בין געקומען פון פּאָלטישען. כ'געדענק אָבער נישט פּינקטלעך ביי וועמען. אך דער רוח זאָל עס נעמען! ביי מיר טרעפט זיך נישט, איך זאָל פארגעסן. יאָ! כ'האָב עס געזען ביי מישו פונגאש.[1]

דעם שעפס פּנים האָט זיך אָנגעהויבן א ביסל צו מיניען, ער האָט זיך אָבער באלד דערמאָנט, אז ער איז א שעף און טאָר זיך נישט פאר-לירן. זיך אָנגעגורט מיט קוראזש און געגעבן א זאָג:

— וואָס אייך זשידאנעם פאלט איין. צו אייער חוצפה איז נישטאָ קיין גרענעץ. באלד אָבער האָט ער אראָפּגעלאָזט דעם טאָן, זיך העפלעך געזעגנט, און באשלאָסן ביי זיך, מער נישט צו טראָגן דאָ דעם פארשאָל-טענעם רינג.

וויינשטאָק, האָט אים נאָכגעקוקט און געקלערט: „דעם גנב קומט דער שטעקן". ס'איז אָבער נישט געווען טאקטיש. ער האָט געגעבן א פעסטן צי פונעם ציגאר און האָט אויסגעשפּיגן מיט כעס, באלעקט די ליפּ, וואָס איז אים אָפּגעבריט געוואָרן. גיך צוגויף גענומען די קאָרטן, געשריגן :-קאראָלינע! גיב אכטונג, איך גיי אוועק.

ער האָט געגעבן א טראך מיט דער טיר. אָנגעצונדן א פרישן ציגאר און צו זיך גערעדט: — צו וואָס האָט דאָס מיר געטויגט? כ'האָב צו א לאנגע צונג, דאָס וועט מיך א מאָל פירן אין דער ערד אריין!

פיר אזייגער, קומט אריין ווייסמאן. באקוקט זיך, צי דער קנייטשט פונעם הויז איז אין אָרדענונג, גלעט זיך צו דאָס בייכל. בשעת-מעשה, דערזעט ער ווי דאָס וועסטל איז נישט אין גאנצן צוגעקנעפּלט, ברענגט

---

[1] פונגאש — קעשענע־גנב.

עס אין אָרדענונג. ער כאַפּט ארוים דאָס שפּיגעלע, קעמט זיך צו אויפ־סניי די עטלעכע האָר, וואָס זענען אים געבליבן אויפן פּליכעוואַטן קאָפּ. קוקט זיך ארום, זעט נישט קיינעם, מאַכט א קרומע מינע. נעמט עפּעס ארוים פונעם פּושקעלע.

— קאַראָלינאַ! זייט אזוי גוט און שיקט מיר א קאַווע, אָבער אָן צוקער. ער חזרט דאָס איבער עטלעכע מאָל.

קלאַפּט מיטן פינגער אויפן פּושקעלע. ס'קומט אריין דער פּריץ, נע־מט ארויס די ציימונג פון דער קעשענע און לייענט.

ווייסמאַן באַגריסט אים זייער העפלעך, פרעגט אים וואָס ער טוט, צי ס'איז געווען א גוטע גערעטעניש אויף די בוראַקעס?

— געווען, ענטפערט דער פּריץ, נישט אראָפּנעמענדיק די בליקן פון דער ציימונג.

ווייסמאַן איז איין אייראָפּעער. ער וועט שוין מער נישט דערקוטשען.

האַנס, א יונג בחורל, פול מיט קלייען אויפן פּנים, אין אַן אויס־געריבענעם אַנצוגל און צעריסענע שיך, טראָגט אויף א טעצל א קאַווע. ער איז זייער אויפמערקזאַם, ס'זאָל חלילה נישט אראָפּ דער שוים, דער קאָנו פישל וועט דעמלט נישט געבן קיין טרינק־געלט.

ווייסמאַן וואַרפט אריין אַזאַ מין ווייס פּראָשיקל אין דער קאַווע.

דער פּריץ טוט אויס די ברילן, און ס'באַווייזן זיך א פּאָר קאַלטע, אשיקע אויגן.

— עפּעס זעט איר מיר נישט אויס, ווי ס'געהער צו זיין.

— ס'איז נישט אזוי פריילעך, ענטפערט דער פּריץ.

— ס'איז שוין ווידער א צרה?

— כ'בין שוין געווינט מיט זיי. אייגנטלעך האָב איך דאָס אַלץ פאַרגעזן און האָב דעם גרעסטן טייל פון מיין גוט פאַרקויפט.

— כ'האָב אייך שטענדיק באַוואונדערט. איר פילט, ווי א באַראָמע־טער, די צייט. פאַרזאָרגט זיך, אינוועסטירט דאָס קאַפּיטאַל אויף א גלענ־צענדיקן אופן.

אויף דעם פּריצס צוגעשפּיצטע וואָנסע לויפט דורך א שמייכעלע, וואָס פאַרשווינדט באַלד.

— כ'בין מיך משער, אַז ס'איז שוין ווידער עפּעס נייעס. איר זענט מיר צו טרויעריק, זאָגט ווייסמאַן, כ'וואָלט זייער געוואָלט וויסן אייער מיי־נונג בנוגע די לעצטע געשעענישן. איר קומט דאָך אין די הויכע פע־נצטער! וואָס ווייסן מיר פון די ציימונגען? איר זענט ביים מקור.

— ס'וועט גאָרנישט העלפן, די פּריצים וועלן מוזן פאַרציכטן אויף זייער ערד, זיי וועלן זי מוזן פאַרקויפן די פּויערים. ווייל ס'איז שוין נישט אויסצוהאַלטן. מיר דאַרפן נישט וואַרטן ביז דאָס וואַסער וועט קומען אי-בערן קאָפּ. אָט. איך האָב שוין לאַנג אינוועסטירט מיין קאַפּיטאַל אין אַזאַ סחורה, וואָס איז שטענדיק געלט. למשל, ספּירט, צוקער, האָלץ. מיטן איבעריקן געלט. האָב איך מיר געעפנט אַ באַנק.

— נישט אומזיסט האָט איר אייך איינגעשריבן ביי די ליבעראַלן. דאָרטן קאָן מען באַקומען רעשקאָנט. וואָס פאַר אַ ממזר, האָט ער זיך געקלערט.

— כ'וועל אייך זאָגן דעם אמת, קאָנו פּישל. איך האָב אויף מיין לעבן קיין פּאָליטיק נישט געמאַכט. אין דער צייט, ווען כ'בין געווען אין אויסלאַנד, צו ענדיקן דעם אוניווערסיטעט, האָב איך מיך נישט אָפּגעגעבן מיט די נאַרישקייטן. איך האָב מער אין זינען געהאַט מיינע מאַטעריעלע אינטערעסן. איצטער אָבער, ווען אין רוסלאַנד איז פאָרגעקומען אַזאַ אי-בערקערעניש, קאָן מען שוין נישט שטיין מיט די הענט פאַרלייגט. ס'קאָן קומען אויף אונדז די זעלבע צרה. ווו זשע זאָל איך מיך געווען ווענדן ערגעץ אַנדערש, ווי צו דער ליבעראַלער פּאַרטיי? דאָרט זענען פאַראַן מענטש-שן מיט אַ רעאַלן חוש. זיי האָבן דעראָבערט שטאַרקע עקאָנאָמישע פּאָזי-ציעס, זיי ווילן זיי נישט פאַרלירן, דאָרט איז מיין אָרט. כ'האַלט אין איין באַוואונדערן דעם שעף פון די ליבעראַלן. וויאַזוי ער שפּילט זיך ווי די קאַץ מיט דער מויז, אָט שרייבט ער אונטער אינטערנאַציאָנאַלע אָפּמאַכן, לויבט זיך מיט דער קאָנסטיטוציע, זאָגט צו, אַז ער וועט זי נאָך ליבעראַלער מאַכן. ווען ס'קומט אָבער צום טון, „ס'גייט נישט אַזוי ווי ס'רעדט זיך", מאָבילי-זירט ער זיינע אָנהענגער (שכורים, און סתם שלעגערס — האָט זיך פּישל געטראַכט —) אימפּראָוויזירט אַ פאָלקס-מאַניפעסטאַציע און זאָגט:-„זעט, דאָס פאָלק וויל נישט". אָט אַזוי האָט ער געפירט אין באַד אריין די אַלע מלוכה-מענער פון די מערב-לענדער. איצט אָבער פאַרשטייען זיי, אַז מ'קאָן שוין נישט מער ציען דאָס שטריקל. זיי גרייטן צו אַן אַגראַר-רעפאָרם, מ'דאַרף פאַרשטאָפּן די פּויערישע פּיסקעס, לאָזן זיי מיינען, אַז זיי באַקומען ערד. מיט די אַרבעטער, וואָס האָבן אָנגעהויבן וויוועזן, וועלן זיי זיך שוין אַן עצה געבן. אין שווערע מאָמענטן האָבן זיי שוין זייער לאַקיי, דאָס איז דער גענעראַל, וואָס האָט אויפגעטון נסים אין יאָר 1907. ס'האָט זיך זיי שוין אָפּגעגלוסט מיט די אויפשטאַנדן. דאָס איז די בעסטע פּאַרטיי פאַר די וואָס ווילן, אַז זייער האָב און גוטס זאָל אָפּגעהיט און פאַרגרעסערט ווערן.

דעם פּריצם לעצטע ווערטער זענען נישט אַרויס פון ווייסמאַנס מוח:
„דאָס איז די בעסטע פּאַרטיי פאַר די, וואָס ווילן, אַז זייער האָב און גוטס זאָל אָפּגעהיט און פאַרגרעסערט ווערן".

דער פּריץ האָט ווייטער גערעדט. — איר ווייסט נישט, וואָס פאַרא אויסזיכטן ס'זענען פאַראַן ביי אונדז אין לאַנד, אין אונדזער גרויס-רומע-ניע. געוואַלדיקע רייכטימער אין טראַנסילוואַניע, באַנאַט, און בוקאָווינע וואַרטן, מ'זאָל זיך נעמען צו דער אַרבעט. נאָר פאַר אַלעמען דאַרף מען איינשטילן די אַרבעטער. צוליב דעם דאַרפן מיר, יעדער אויף זיין פּלאַץ, אַגיטירן פאַרן ווילזיין פון אונדזער פּאָטערלאַנד: די מערב-מלוכות זאָלן האָבן צוטרוי, און אונדז לייען געלט וועגן דעם אויפבוי פון אונדזער לאַנד, אין וועלכן, ווו מען דרייט זיך, טרעט מען אויף גאָלד. צוליב דעם דאַרף מען העלפן אָרגאַניזירן די ליבעראַלע פּאַרטיי, וואָס עפנט אויף די טויערן פאַר אַלע, איבערהויפּט פאַר די געשעפטס-לייט, פאַר וועלכע ס'-איז געקומען אַ צייט פאַר עשירות און רום.

ווייסמאַן, האָט ביי זיך געקלערט: טאַקע געטראָפן דאָס אָרט! איך בין צופרידן מיט מיינע געשעפטן. דאַנקען גאָט, די קרעטשמע גייט גאַנץ גוט! דער שווער, זאָל לעבן, היט זי אָפּ ווי אַ געטרייער הונט. דירה-געלט פון די צען הייזער פליסט אַריין רעגולעמעסיק יעדן חודש. דאָס קאַפּיטאַל איז צעטיילט אין גוטע הענט. דאָס פּראָצענט, וואָס כ'נעם, איז אויך אַ היפּ-שער. וואָסזשע טויג מיר פּאַרטיי-שמיי? כ'דאַרף דאָס אויף כפרות! פאַר זיי, פאַרשטיי איך, איז עס אַ געשעפט, אָבער פאַר אונדז, וואָס? זיי ווערן מי-ניסטאָרן, דעפּוטאַטן, פּרעפעקטן, דירעקטאָרן פון בענק און פירן אָן מיט פאַרשיידענע אינסטיטוציעס. אַ ייד דאַרף זיך נישט מישן. קאָפּ זיי אין דער וואַנט! וואָסזשע, ס'איז פאַר מיר! איך בין אַ ליידנדער מענטש, כ'דאַרף מיר אָפּלעבן די יאָרן רויק און צופרידן. אים אָבער, דעם פּריץ, דאַרף מען ענטפערן — ס'גייט נישט אַזוי. וואָסזשע זאָל איך אים ענ-טפערן? יאָ! ער זאָל זיך ווענדן צו די ליידיקגייער, וואָס האָבן סיי-ווי-סיי נישט וואָס צו טון און חלומען שלעסער. אפשר וועלן די פּריצים זיי צו-שאַנצן אַ ביסל פּרנסה, און אַזוי אַרום, וועל איך פּטור ווערן פון אַזאַ מין בערעלע, וואָס פאַרקלאַפּט מיר יעדן טאָג דעם מוח! כ'זאָל מאַכן דאָס געשעפט יענץ געשעפט, פון וועלכן מען קאָן אָנשיטן גרידעס גאָלד. יאָ. כ'וועל אים טאַקע זאָגן.

— הערט אויס, פּריץ לעב! כ'האָב געקלערט די גאַנצע צייט ווען איר האָט גערעדט, מיט וואָס איך קאָן אייך העלפן? צו מיין פּערזענ-

לעבער הילף זאָלט איר אפילו נישט קלערן, איך בין א ליידנדער — בשעת-מעשה, גלעט ער זיך דאָס בייכל און שפּילט זיך מיט דער גאָלדענער קייט.

— איך קען אייך אָבער אָנווייזן א פּארשוין, וואָס איך קען אים שוין פון יאָרן. ער האָט א שארף קעפּעלע, ער איז באהאוונט אין הלכות פּאָליטיקע, האָט א שארף צינגל אויך. און דער עיקר — ער דארף פּרנסה! אזוי, אז איר וועט זיך מיט אים גוט באנוצן. ער וועט אייך שוין ברענגען א גאַנ-צע כאָפּטע. ער איז אויסגעקאָכט מיט אלעמען. אין פּרינציפּ בין איך מסכים מיט אייערע אויספירונגען. און איך וואָלט געוואָלט, אז זיי זאָלן אויסגעפירט ווערן.

— איך דאנק אייך פאר אייער רעקאָמאנדאציע. ס׳וואָלט מיר גע-ווען זייער אָנגענומען, מיט אייך פּערזענלעך מיטצואַרבעטן, נאָר לויט ווי איר זאָגט, קענט איר נישט אציגד. כ׳האָף, אז אין גיכן וועט איר געזונט ווערן און מיר וועלן פירן צוזאמען א פּרוכטבארע ארבעט, זאָגט דער פּריץ.

ס׳איז אריינגעקומען שלום גריידינגער דעם סטאָליערס, א געזונטער יונג, א גרויסער גוף, מיט גרויע אויגן און א לאנגער שפּיציקער נאָז. ער בויגט זיך, באגריסט. ווען דער פּריץ האָט אים אויסגעשטרעקט די האנט, האָט זיך דער יונג פארוויטלט. ס׳האָט אים אי געחידושט, וואָס עפּעס אזא פּריץ, וואָס קומט קיינמאָל נישט אהער, און ווען מען באגעגנט אים אויף דער גאס פארדרייט ער דעם קאָפּ, כדי ער זאָל נישט דארפן ענטפערן אויף א גרוס, דריקט אים די האנט! שמייכלט! ס׳האָט אים טאקע א הנאָה גע-טאָן, ווייל אים איז געפעלן צו זיין אין א „קולטורעלער" געזעלשאפט, וו מ׳קאָן עפּעס לערנען, און דער עיקר — מ׳קאָן צו עפּעס דערגרייכן. וואָס, צווישן סטאָליערס קאָן מען זיך ארויפארבעטן? קיינמאָל נישט אין לעבן! ווי זאָגט די מאמע: „לעבן א שווערן וואָגן, איז גוט צופוס צו גיין".

— כ׳וואָלט געדארפט האָבן עמעצן, מ׳זאָל מיר פאריכטן די טויערן פון דעם ספּירט-דעפּאָזיט; חוץ דעם וויל איך אויפשטעלן א נייע געביידע, וועגן סחורות, האָט זיך געוואָנדן דער פּריץ צו ווייסמאנען.

— אָט האָט איר פאר אייך א ווונדערבארן סטאָליער, ער וועט אייך מאכן א שטיקל ארבעט, מיט וועלכן איר וועט זיכער צופרידן זיין. בנוגע דער געביידע, מיין איך, איר זאָלט זי אויך אים איבערגעבן, ער טויג זיך אויס, האָט ווייסמאן געזאָגט.

זעענדיק ווי שלום גריידינגער קווענקלט זיך, האָט ער זיך צו אים שטיל געוואָנדן: — איך זע, אז דו ביסט אין א פארלעגנהייט, קלערסט מן הסתם: וו קומט צו דיר אזא ארבעט ווי בויען א געביידע:

„כ'בין דען א מויערער? פרעגסטו דיך?“. זיי נישט קיין שוטה! רוף צו אברהם קיטראר מיט זיינע זין, זיי זענען פליסיקע און ערלעכע ארבעטער. כ'וויס נאָר וואָס ס'בויערט דיר אין קאָפּ. קלערסט, ווו צו נעמען מאַטעריאַלן. האָסט מורא, אז דער פריץ וועט דיר נישט געטרויען אזויפיל געלט? ווענן דעם זאָלסטו זיך אויך נישט מאכן קיין זאָרג, ווייל איך וועל שוין אראנזשירן די זאך. האָלץ וועסטו באקומען פון סאָלאָמאָן פייער, בלער, ביי פסח אייזנווארגער, און דעם קליינער אדערויף וועסטו באקומען ביים פריץ; און טאָמער וועט דיר נישט קלעקן, קום אריין צו מיר מיט א וויים וועקסעלע, און אלץ וועט זיין אין דער בעסטער אָרדענונג. דאָס טו איך אלץ צוליב דעם פריץ. אזוי, אז קלער נישט קיין סך און נעם אויף די ארבעט.

גריידינגער זעט, אז זיין חלום הויבט אָן מקוים צו ווערן. יאָרנלאַנג איז ער געשטאנען אין טאטנס ווערקשטעל, געארבעט טאָג ווי נאכט, צוזאמען מיטן אלטן טאטן, וואָס איז געווען הויט און ביין, פול מיט קנייטשן; דער מאמעס אויגן זענען שיר נישט ארויסגעפאלן פון די לעכער. קיינמאָל איז נישט געווען אין שטוב, וואָס מען באדארף... דער הולך פון דער מאמען איז געשטאנען פאר זיינע אויגן: א געלאטעט ציטן קליידל מיט אויסגעדרייטע, אָפּגעפּאָרענע שיך. ער האָט דאָס נישט געקאָנט צוזען. און שטענדיק געקלערט, וויאזוי פטור צו ווערן פונעם דלות, וואָס האָט זיך ארייננעצויגן צו זיי. איין אויסוועג איז פאראן — אָנהויבן מיסחרווען, טאקע אין אייגענעם פאך. צונעמען עטלעכע ארבעטער, אונטערנעמען א גרעסערע ארבעט און פארדינען ווי ס'געהער צו זיין. דעם שוואָגער, נפתלי סטאָליער, וואָס האלט אין איין טענהן, אז דאָס איז נישט קיין גלייכער וועג פאר אן ערלעכן ארבעטער, וועט ער הערן ווי דעם קאָטער. וואָסזשע, ער דארף האָרעווען און גאָרנישט האָבן? פון זייערע סאָציאַליסטישע תורות איז ער שוין זאט. וואָס האָבן זיי אויפגעטאָן, טאקע זיינע חברים, וואָס זענען היינט שוין נישט דאָ, נאָר אין יאס? זיי האָבן געמאכט א פאריין, האָבן געוואָלט העכערע שכירות און אכט שעה ארבעט, וואָס האָבן זיי אויפגעטאָן? אמת. זיי זענען טאקע קליגער און א טייל טאקע באלעזענע, אָבער וואָס האָבן זיי אויפגעטאָן, זיי האָבן זיך „באמאכט“ אין די חכמות! זיי ליגן אין דער ערד, און באקן בייגל! זייערע ביינער פוילן אין די תפיסות! און זי, קלארא זי וויל אויף מיר נישט קוקן; פארוואָס זאָל זי אויף מיר יאָ קוקן? דער שבת-

דיקער אנצוג מייגער איז פון גאנץ ביליקן שטאָף און שיר קען איך מיר קיין אנדערע נישט קויפן, ווי די ביליקסטע. וואָס פאר א לעבן קאָן איך איר פארשאפן? כ'וועל זי אויך פארלירן. כאָטש איך וויים, אז זי האלט פון מיר. כ'האָב נישט וואָס צו קלערן און אָננעמען דעם פאָרשלאָג. וואָס דער הער וויסמאן לייגט מיר פאָר. ער איז גערעכט, מ'דארף קיין שוטה נישט זיין!

— גוט, כ'נעם אָן די ארבעט. און אייך, הער וויסמאן, דאנק איך פאר דער הילף וואָס איר זאָגט מיר צו. איך וועל מאָרגן אהער ארייינקומען און וועל אייך ברענגען א דעוויז, האָט דער צוקונפטיקער אונטערנעמער געזאָגט.

— קאָנו מילוצע, האָט זיך וויסמאן געווענדט צום פריץ, זאָגט מיר, צו וואָס דארפט איר האָבן א נייע געביידע, איר האָט דאָך א פאלאץ? האמבארעס אָן א שיעור?

— כ'דארף האָבן די געביידע דאָ אין שטאָט, גאָענט צום מארק. איר וויסט דאָך, אז איך האָב שטודירט פאָליטישע עקאָנאָמיע. ס'הויבט זיך אָן א גאָלדענער פעריאָד פאר מסחר. סוחרים האָבן מיר דאָ, נאָר עטלעכע, האָבן א ביסל קאפיטאל, אפילו זיי, וועלן דארפן האָבן הלוואות, אָנקומען צו מיין באנק. פון די קליינע סוחרים, פון דעם דרויב, שמועסט מען נישט, אז זיי וועלן מוזן אָנקומען צו מיר. זיי פארמאָגן דאָך גאָרנישט! איר וועט מיך מסתמא פרעגן: ווי אזוי געטרויט מען אזעלכע שלעפערס געלט? כ'וויים, ביי אייך קאָן אזעלכס נישט געשען, איר גיט נאָר אויף היפּאָטעקן און משכונות, איך האָב מיר מיין וועג. איך בין זיכער, אז דער מסחר וועט זיין א גרויסארטיקער, ווייל די גאנצע וועלט איז נאקעט און באָרוועס, צו די גרעסערע געשעפטן וועל איך זיין טאקע א שותף, א מאָל אויף דער העלפט און א מאָל טאקע אויף מער אויך, און א חוץ וועט דאָס געשעפט מיר דארפן צאָלן ציגזן. און אלץ וועט טאקע ליגן ווי ביי מיר אין קעשענע.

— נישט אומזיסט האָט איר פארבראכט אייער צייט דאָרט אין די מערב-לענדער. גלויבט מיר, אז איך פארשטיי אייך גאנץ גוט. איך וואָלט מיך אויך גענומען צו דער ארבעט, נאָר, ווי כ'האָב אייך שוין געזאָגט, כ'בין קראנק, כ'האָב פארלוירן כמעט מיין גאנצע ענערגיע.

— נו, שפּיל מיר א פּיקעט? האָט בערעלע געפרעגט, נאָך איידער ער איז רעכט ארייינגעקומען. ר'האָט זיך אויסגעטאָן דאָס מלבוש און צוזאמען מיטן הוט אויפגעהאָנגען אויפן הענגער. דאָס בליצקעפל האָט גענ-

לאנצט. דאָ און דאָרט האָט מען געזען עטלעכע פלעקן, בייזע מיילער זאָגן, אז דאָס זענען סמנים פון א פּארעך, מ'האָט אים טאקע אזוי גערופן.

— כ'וואָלט בעסער געשפּילט א פּאָקער, נאָר אזוויווי מיר האָבן נישט קיין פּאַרטנער, וועל איך דערווייל שפּילן א פּיקעט, האָט וויסמאן געענטפערט.

— כ'ווייס נישט, וואָס דאָס דיבאלע קלערט זיך, ער האלט אין איין פּלאַפּלען, דאָס גאנצע קאפּעהויז שטעלט זיך אים ארום, איבערהויפּט, פון זייט צאליק, איז אהיים געקומען און דערציילט זיך אָן, וואָס ער האָט זיך דאָרט אָנגעליטן, אָנגעהערט און אָנגעזען, כ'גלויב נישט, אז דאָס איז אמת. און אפילו דאָס זאָל זיין אמת, דארף אויך נישט דער פּאסקודניאק, דאָס דיבאלע, דאָס אויסנוצן קעגן אונדזערע פּריצים. מיט וועמען דארפן יידן איצנד גיין צו די וואלן? מיט וועמען דארף מען שטימען? לויט זיין צעדרייטן קאָפּ דארפן גאָר די יידן שטימען מיט די לינקע. האָט איר שוין געזען אזא משוגענעם! מיר או. ע. פּ. קעמפן שוין זייט יאָרן, אז יידן זאָלן באקומען בירגער־רעכט. און איצט, ווען מיר האָבן דאָס אויסגעפּועלט, א דאנק די גרויסמאכטן און דעם קלוגן פּאָליטישן חוש פון אונדזער רעגירונג, קומט אָט דער צעדרייטער און פארדרייט די קעפּ פון די אומוויסנדע און דערציילט זיי וועגן לינקע, שמינקע. די פּריצים וועלן דאָך זיכער גערעכט זיין, און זאָגן: זע נאָר, וועמען מיר האָבן געגעבן וואל־רעכט, אָט די אומווירדיקע מענטשן, וואָס פאר ברויט באצאָלן זיי מיט שטיינער. ס'איז מיר אויסגעקומען, איך זאָל אים אויספּאטשן. הער נאָר א מעשה, גיין מיט די לינקע? מיט די שלעפּערם? ווער וועט לייען די גרויסע און קליינע הענדלערם געלט וועגן זייערע געשעפטן? און טאקע די באלמעלאָכעם. ווער וועט זיי אנטלייען עטלעכע ליי, זיי זאָל קאָנען פירן זייערע ווארשטאטן? אָט די גאָרנישטן שבגאָרנישטן, וועלכע ס'פעלט זיי 99 ליי צום הונדערטער? איך קאָן נישט משיג זיין די פארשטאָפּטע קעפּ! און ער האלט זיך פאר א גרויסן חכם. דאָס וואָלט נאָך גאָרנישט געווען, נאָר דער אומגליק איז וואָס אלע קוקן אים אין מויל אריין! הערט וואָס א „האָלאָדראָנץ" קאָן ענטפערן: ערשטנס, אז דער או. ע. פּ. איז גאָר א גבירישע אָרגאניזאציע, אז די אָנפירער זענען גרויסע קאפּיטאליסטן, וואָס האָבן נישט קיין שייכות מיט די אָרעמע סוחרימלעך, מיט די רואינירטע באלמעלאָכעם, און אז דעם קאמף פאר יידישע רעכט האָבן גאָר אָנגעפירט סאָציאליסטן, נאָך אין פארגאנגענעם יאָרהונדערט; אז בראטיאנו וועט ווייטער חוזק מאכן פון דער גאנצער וועלט, אז ער האָט זיך שוין זיינע מעטאָדן: ער זאָגט צו

ווען מ'דריקט אים צו און ער איז אין קלעם, און נאָכדעם טוט ער וואָס ס'געפעלט אים. מיר קענען אים שוין, זאָגט ער, ער שעמט זיך אזוי „ווי א שקאפּע ווען זי קערט איבער א וועגעלע". דאָס קווייטשענדיקע קול זיינס, לאָזט זיך ווייטער הערן און ער דערלאַנגט ווייטער, שוין, כ'וועל אייך דאָ זאָגן אַלץ וואָס ער האָט דאָרט אָנגעפּלאַפּלט: ער טענהט, אז די בעסטע זיין פונעם לאַנד האָבן זיי עקספּלואַטירט, אז די אומגליקלעכע יידישע מאסע איז פאַרפאָלגט געוואָרן און געמוזט אנטלויפן פון רומעניע, אי דאָס צופוס. אַלע יידישע צרות איז נאָר זיי צו פאַרדאַנקען. איך כאַפּ איינס אין אַנדערן, יאָ! ער האָט געזאָגט, אז זשאָרעס האָט זיי אָפּגעגעבן רעכט, זיי די סאָציאַליסטן פון יאַס. אזא בהמה! ער האָט נישט קיין אַנונג פון פּאָליטיק. ווען ער וואָלט געהאַט מער א ביסל שכל און וואָלט זיך מער אריינגעלאָזט טאַקע אין זייער סאָציאַליסטישע געשיכטע, וואָלט ער געזען, אז טאַקע סאָציאַליסטישע אָנפירער זענען אריין אין דער ליבעראַלער פּאַרטיי, און ס'זענען דאָך געווען אזעלכע פּערזענלעכקייטן ווי: יאָן נאַדעזשדע, מאָרצון, ראַדאָוויטש און א סך אַנדערע אָפענע קעפּ. ער ווילן זיין קלוגער פון זיי! וואָס מיינט איר, האָט ער מיר געזאָגט, ווען כ'האָב אים דאָס געזאָגט און געמיינט, אז דערמיט האָב איך אים צעלייגט? ער האָט געענטפערט, אז זיי, זענען געווען פאַרעטער, אז דאָס זענען געווען טעלער-לעקער, אז די האָבן נישט קיין פּאָליטיש געוויסן, אז זיי זענען ווערט געווען די תליה. כ'זאָג אייך דעם אמת, אז כ'האָב עס שוין מער נישט געקאָנט איבערטראָגן! וואָס זאָל איך אייך זאָגן? ס'איז דאָך אזא פאַרשוין, לעבן וועלכן א מאָדערנער מענטש קאָן נישט שטיין! איך כאַפּ איינס אין אַנדערן, נאָר נישקשה, כ'קאָן מיר נישט קילן דאָס האַרץ! הערט א געשיכטע...

— ער זאָגט גאָר, אז יידיש איז א שפּראַך און, אז די מאסע רעדט, זינגט, קלערט אין דער שפּראַך. זאָגט איר, הער ווייסמאַן. איר זענט דאָך אויסגעוועזן א וועלט, נו! רעדן נישט די גרעסטע יידישע פּערזענלעכקייטן אויף אַנדערע שפּראַכן און צו דעם זשאַרגאָן רירן זיי זיך נישט צו? מ'-דאַרף די יידן קולטוראַליזירן, אָבער נישט אויף דער צעבראָכענער שפּראַך. וואָס מיינט איר, דערויף האָט ער נישט קיין ענטפער? הערט וואָס ער זאָגט: אז ס'איז שוין אָנגעשריבן געוואָרן אויף דער שפּראַך א גאַנצע ליטעראַטור, אי דאָס א גרויסע; אז פון דער ליטעראַטור איז שוין א סך איבערגעזעצט געוואָרן אין א סך שפּראַכן, אז דאָס פאָלק האָט ליב די ליטעראַטור, און אז ס'הערט א ליד אָדער א פאָלקס-מעשה, ווערט עס

נתפעל, אז אין דער שפּראַך האָבן געשריבן אין שריבן באַרימטע שרייבער, אז ס'זענען פאַראַן גרויסע ווערק, אין וועלכע די פּראָבלעמס פון אָרעם און רייך, פון גליק און אומגליק, פון אויסנוצערייַ און אויסגענוצטע איז דאָרט אוועקגעשטעלט און אז דער ארבעטער, דער באַלמעלאָכע, דער קליינער סוחר פילט, אז די שרייבער זענען זייערע, ווייל זיי ווייזן זייער שמערץ, זייער פּיין, זייער אומגליקלעכן גורל. זיי, די שרייבער, נעמען זיך אָן פאַר דער בידנער אָרעמער מאַסע.

— זאָגט איר, רעב פישל, איר רעדט יידיש? דאָס איז א שפּראַך?

— כ'וועל דיר זאָגן דער אמת, בערל, ווען כ'רעד אינדערהיים, רעד איך יידיש, קלערן, קלער איך אויף יידיש, רעכענען רעכן איך אויף יידיש, נאָר אין דרויסן — חלילה-וחס. אין דרויסן, רעד איך סיי וואָס פאַר א שפּראַך, נאָר נישט יידיש. כ'וועל דיר נאָך זאָגן אַן אמת, מיר אליין געפעלט טאַקע א יידיש ליד, א יידישער וויץ, ס'גייט צום הארצן. נאָר מ'טאָר נישט! מיר דארפן זיך אויסמישן מיט אלע, מיר דארפן ווערן גלייך מיט אלע פריצים. ווי אזוי האָט דאָס מאָזעס מענדעלזאָן געזאָגט? און דאָס איז בייַ מיר ווי א תורת-משה, — אז מיר דארפן נאָר קולטור, ווייטער גאָרנישט. ער איז דאָך געווען א פילאָזאָף.

— אנטשולדיקט, וואָס כ'שלאָג אייך איבער די רייד. וואָס מיינט איר, זאָגט ער, וועגן דעם גרויסן, פילאָזאָף? ער זאָגט, אז ער האָט בכבודו ובעצמו א טעות געהאַט, און אז זיינע הנחות האָבן באַנקראָטירט.

בערעלע וואָלט נאָך גערעדט אָן אן עק, ווען ס'רייסט נישט איבער דעם שמועס ווייסמאַן.

— קאָנע מילוצע, כ'מיין, אז איר קאָנט בערלען, און טאָמער האָט מען אויף אים אָנגערעדט, זאָלט איר וויסן, אז דאָס זענען געווען שלע־כטע מענטשן.

בערעלע האָט זיך געוואָלט אויפהייבן און נישט שטערן די צוויי פּרי־צים, האָט ווייסמאַן אים געמאַכט א סימן מיט דער האַנט, ער זאָל בלייבן אויפן אָרט. בערעלע האָט זיך זעלבספאַרשטענדלעך, געפילט גליקלעך צווי־שן די צוויי.

דער פּריץ וועלכער איז געווען בטבע א קארגע צרה, האָט אין זינען געהאַט, אז דאָ דאַרף ער זיך אויפירן מעשה פּריץ און באַשטעלן דריי קאַוועס. ווייסמאַן האָט געזאָגט, אז מער ווי איין קאַווע, טרינקט ער נישט, דאָס קליינע בערעלע האָט זיך אָבער געפילט אין זיבעטן הימל. א קליי־ניקייט! צו זיצן מיטן קאָנו מילוצע און מיט אים צוזאמען טרינקען א קא־

ווע, אזוי פאניע-בראט. דאָס איז נישט קיין קלייניקייט. א חוץ דעם האָט ער טאקע ממש הנאָה געהאט, ס'האָט זיך אים שוין געדאכט, אז ער טרינקט די קאווע און די פארע לאָזט זיך פילן אין זיינע נאָזופלינגלען. ער האָט געקלערט א היפשע צייט, ווו נעמט מען צו באצאָלן א קאווע, און אצינד איז עס אים אראָפגעפאלן ווי פונעם הימל. ווען ער האָט דער-זען די קאווע אויף האנס טעצל, האָט אים אָנגעהויבן צו וואקסן דאָס הארץ.

ס'האָט לאנג נישט געדויערט און ס'האָט זיך אָנגעהויבן צו עפענען און צומאכן די טיר, און דער קלוב איז געוואָרן פול. די טאָגטעגלעכע שפילער, מיט זייערע קיבעצער האָבן פארנומען אלע טישלעך און אלע בענקלעך.

נאָך עטלעכע מינוט, האָט ווייגשטאָק איינגעטיילט די קאָרטן און דער עולם איז אריין אין שפיל. דער שפיל האָט זיך צעפלאקערט און אלע אָנטיילנע-מער זענען געווען איינגעהילט אין א וואָלקן רויך, וואָס האָט געהאלטן אין איין וואקסן. ס'האָט זיך געהערט דער געווייגטלעכער: פאס-געעפנט-כ'מאָן 50 ליי.

— פאר מיר 150!

— און פאר מיר 450

— זאָל זיין אויף 1350!

ווייסמאן, קוקט אויף דעם פארטנער ווי אויף א גזלן. טוט א שטילן זיפץ, באצאָלט. מאכט א מינע פון אן אומגליקלעכן.

— ווייסמאן זאָגט, כ'האָב נישט מער ווי א „פול פון טויזן". פסח ווארפט אוועק די אָפענע קאָרטן, ווו די גלחים האָבן זיך צעלייגט, א טייל צוקאָפנס, און א טייל צופוסנס פון די צוויי דאמען.

פסחס מייזל-אויגן הויבן אָן צו פינטלען ער נעמט זיך האסטיקער צום שפיל, ווייסמאן לאָזט אים לויפן און כאפט אים מיט א קאטשאלמא, לאָזט אים נישט אָפּ ביז וואנען ער נעמט ביי אים ארוים דעם לעצטן גראָשן.

— מילא! מאכט פסח. ער כאפט זיך אריין צו טייבעלען אין קאפע-הויז.

טייבעלע, דערקענט באלד, אז פסחל איז קוימיק. גיט אויף אים אן אויספאָרשנדיקן בליק, און דערנאָך א מאך מיט דער האנט, ווי איינער רעדט: האָסט שוין אויפסניי פארשפילט? שלימזל!

כאָטש פסחל, איז געווען א קליינער חכם, פון דעסטוועגן האָט ער פארשטאנען דעם קוק אירן. ווייסנדיק, אז זי ערגערט זיך, נישט פאר זיין געלט, נאָר דערפאר — פאר וואָס זאָל דער לא יוצלח אוועקטראָגן דאָס געלט אהין אין קלוב אריין. דאָ קען ער נישט פארשפילן? פסחל האָט

געוווּסט, אַז איצט וועט זי אים נישט קענען אָנקוקן. איז ער געלאָפן אין גאַס אַריין צו דעם מיטן ציגענעם בערדל.

— גוטעלף!

— גוט יאָר.

— כ'וועל אייך בעטן, אפשר האָט איר אַ גמילת-חסד ביז מאָנטיק?

דאָס ציגענע בערדל, וואָס איז געווען פאַרהייעט מיט די קונים און פונעם געדאַנק, ווו ציפּט מען איצט אָפּ פון דער פאַקטורע פון די לעצטע צען פעסער מאַסלינעס! פונעם פּראַכט, האָט ער שוין אָפּגעצופּט, פון שטע-מפּל האָט ער אויך אָפּגעציפּט, וויפל ס'האָט זיך געלאָזט.

— אַנו! וועגדט ער זיך צו זיין יידענע, אַ גראָבע, אַ צעפּלאָסענע, מיט ווייסע שיטערע האָר אויפן ברייטן קאָפּ און שמאָלן שטערן, אונטער וועלכן ס'האָבן געשטעקט אַ פּאָר בייזע אויגן מיט צעשויבערטע ברעמען.

די פליכעוואַטע, האָט לאַנג נישט געקלערט און געגעבן אַ געשריי צום משרת-יונג, קוני! — דאָס איז געווען אַ בחור פון אַ צוועלף-דרייצן יאָר, מיט לעבעדיקע העל-בלויע אויגן און מיט רויטע באַקן פון פּראָסט און פון גאַשעריי! אויף אים האָט געגלאַנצט דאָס אָנטועכץ, אויף וועלכן ס'זענען געווען ווי צונויפגעוואַקסן: מעל, זייף, בוימל, האָניק, און אַנדערע גוטע זאַכן.

— יאָ, מאַדאַם!

— גיי מיט דעם הער אין קעלער אַריין און ווייז זיי דאָס אויסגע-טרוקנטע פעסל מאַסלינעס.

— תיכף, ענטפערט דער משרת.

דער רייזנדער און דער משרת זענען אַראָפּ אין קעלער אַריין, מיטן חלבן ליכטל. אויפן וועג צום קעלער און אויף די טרעפּ קומט פאָר אַזאַ געשפּרעך:

רייזנדער: זאָג נאָר, יונגערמאַן, ס'איז טאַקע אמת אַז דאָס פעסל איז אונדזערס?

קוני: וואָס פרעגט איר, וואָס? איר קענט נישט מיין בעל-הבית? ביז וואַנען ער ציפּט נישט אָפּ פון סיי וועלכער פאַקטורע, עסט ער נישט יענעם טאָג.

רייזנדער: „כ'לעבן ווי דו ביסט גערעכט. כאָטש איך קען אים שוין, דעם ברויט-געבער דיינעם, פון דעסטוועגן לאָז איך מיך פון אים פירן אין באָד אַריין! כ'וועל דיר זאָגן דעם אמת, ער מאַכט אַזאַ מין רחמנות-פּנים, אַז כ'פאַרגעס, און מיין, אַז כ'האָב פאַר מיר אַ לייטישן מענטשן.

— היי, קום ארויף! — רופט זיך אָן דער רייזנדער צו קוזין — כ׳דארף שוין נישט זען. ווען זיי זענען ארויס פונעם קעלער אויף דער ליכט, האָבן זיי זיך אָנגעקוקט איינער דעם צווייטן, און ענדלעך האָט דער רייזנדער געזאָגט: א ברירה האָב איך? איך וועל אים מוזן לאָזן אָפּ-ציען פון דער פאקטורע פאר נישט געשטויגענעם און נישט געפלויגענעם!"

פסחל איז געשטאנען אין געהאקטע ווונדן, דאָס געדולד האָט אים שיר נישט געפּלאצט. געדרייכערט איין ציגאר נאָכן אנדערן. ביז דאָס ציגענע בערדל האָט נישט אויסגעצאָלט דעם רייזנדער, האָט ער געמוזט ווארטן. נאָכדעם, וואָס ער האָט באקומען די 5000 ליי, איז פסחל געלאָפן פייל-אויסן-בויגן גיך צום קאפעהויז. אין מוח האָט זיך אים געבאָמבלט: טייבעלע, וויסמאן, דער גרעק, נחושת, שפּריץ, געבראָטענע לעבערלעך. אלץ איז פארשוווּנדן, ווען ער האָט איבערגעטראָטן די שוועל פונעם קאפע-הויז. ער איז געשווינד אריין אין קיך צו טייבעלען, און, מעשה ווילער-יונג, איר דערלאנגט 2000 ליי, וועלכע ער האָט ביי איר גענומען און פארשפּילט צום גרעק, דער רוח זאָל אים נעמען! דאָס איבריקע געלט צו-ריק ארייגנעלייגט אין קעשענע.

טייבעלעס אייגעלעך האָבן אָנגעהויבן צו בלישטשען, געניבן א צארט שמייכעלע צו אים, און צונעגאנגען צום שאפעלע, ארויסגענומען א פלאש קאָניאק — נא! פארזוך, כ׳האָב געהערט, אז ס׳איז „אזוינס און אזעלכס!" פסחל האָט זיך נישט געלאָזט בעטן. אויסגעזשליאָקעט איין גלעזל, פארל-אנגט נאָך איינס, מחמת ס׳צעגייט זיך אין אלע אברים.

טייבעלע מאכט אים א חנדעלע, קוקט צו אים ארויף.

— ניטע, זאָגט זי צו אים. מער גיב איך דיר נישט. וואָסזשע, ווילסט חתונה מאכן דאָס איבעריקע געלט? כ׳מיין אז דו ווילסט נאָך היינט שפּילן? אויב אזוי, טאָרסטו נישט פארטרינקען דעם שכל! כאָטש זי ווייסט, אז קיין שכל האָט ער נישט. זי איז שוין אָבער צוגעוווינט גע-וואָרן צו דעם פארשוין און האָט שוין אזוי געמיינט, אז זי האָט צו טאָן מיט א מענטשן ביים גאנצן פארשטאנד. זי שטעלט פאר אים אנידער א טעלער מיט געבראָטענע לעבערלעך, אייעלעך. ער כאפּט זיך צו.

— אנו, טייבעלע, דערלאנג א שפּריץ.

— כ׳גיב דיר נאָך א שפּריץ, און נאָך צוויי און נאָך וויפל דו ווילכט, נאָר מיט א באדינג, זאָלסט היינט נישט מער שפּילן.

— אינדערוויל, גיב אהער און נאָכדעם וועלן מיר זען. ער ווארט נישט מ׳זאָל אים געבן, לייגט די האנט אויף דער פלאש און איז זיך אליין

מכבד. ער דערזעט דורכן פענצטערל איציק דעם קאַלאָנעלס. קלאפּט אין פענצטערל, רופט אים מיטן פינגער. ער האָט זיך דערמאנט אין איציקלס שוועסטער. מ'זאָגט, אז זי איז די שענסטע פונעם שטעטל. ער וואָלט זיי-ער געוואָלט אהין גיין.

איציקל קומט אריין, פּסח דערלאנגט אים א גלעזל ווייַן און מע קלאפּט שוין א לחיים, איציקל איז א לעבעדיקער בחור און פיין דערצויגן, זאָגט נישט אָפּ. הויבט איידל אויף דעם כוס, פארזוכט, באלעקט זיך, מעשה מבין, פּליעסקעט מיט דער צונג. יאָ! א גוט גלעזל ווייַן, פּסחל דערלאנגט נאָך א גלעזל און טאקע נאָך איינס, פארגעסט אָן זיך אויך נישט, און זיי ווערן ביידע גוט מבושם.

— לאָמיר ארויסגיין א ביסל שפּאצירן, נאָכדעם, וואָס טייבעלע וועט אונדז מאכן צוויי גוטע קאוועס, האָט איציקל געזאָגט.

— גוט, האָט פּסח מסכים געווען.

אָפּגעטרונקען די קאווע, זענען זיי באלד ארוים.

וויאזוי זיי זענען אריינגעקומען, האָט זיי אויפגענומען, טאקע מישו פונגאשו אליין. ער האָט זיך דערפרייט צו זען זיין "הייזל" אזעלכע באלעבאטישע יינגלעך. באלד האָבן זיך באוויזן דריי מיידלעך: איינע א בלאָנדע, די צווייטע א שווארצע און די דריטע, איינגעוויקלט אין א זיידן טיכל פון אונטער וועלכן ס'האָבן זיך ארויסגעזעצן געקרייזלטע האָר.

די באלעבאָסטע פונעם "הייזל" האָט זיך אויך באוויזן. אירע גרויסע אויריננגען האָבן אויסגעוויזן ווי גאנצע רעדער. אָנגעטאָן אין א קלייד מיט שרייענדיקע פארבן. די מיידלעך זענען געגאנגען אָנגעטאָן אין גאָר בי-ליקע, ציטענע, דעקאָלטירטע פּיזשאמאס.

ווען זיי זענען צוריק-געקומען, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט ביי האבערס קלייטל, ווייל אזוי איז שוין געווען פּסחס מנהג, יעדן טאָג זיך צו זען מיט אברהם דעם גרויסן "קענער". מ'האָט אים גערופן "קענער", מחמת זיינע גוטע-ברודער האָבן אויף אים ארויסגעלאָזט א שם, אז ער טויג דאווקע נישט. דאָס האָט אברהמען געקרענקט און ער פלעגט זיך אָנדער-ציילן פארשידענע מעשות וועגן פארשידענע אוואנטורעס און פלירטן, קיינער האָט אים אָבער נישט געגלויבט.

דאָ האָט פּסח אויך קיין גליק נישט געהאט. ער האָט געמוזט וואר-טן א שיין שטיקל צייט, מחמת האבערס קלייטל איז געווען באלאגערט פון א מאסע קונים. די גאנצע אונטערגאס, וווּ ס'האָבן געוווינט באלמעל-אָכעס און סתם אָרעמע יידן, זענען געווען האבערס געשווירענע קונים.

ווייל ווער האָט פארקויפט אזוי ביליק און אזעלכע קליינע סכומים, ווי הערשעלע האבער!

א יידענע — משה שוסטערס ווייב — איינגעוויקלט אין א בערטע, דורך וועלכער ס'האָט זיך ארויסגעזען די געלאטעטע בלאָזע בעט זיך מיט א וויינענדיק קול:

— גיט מיר 100 גראם צוקער, א האלבע קילאָ קוילן און צוויי קילאָ האָלץ.

— באלד! ענטפערט דער פארחושטער הערשל האבער מיט זיינע קליינע אייגעלעך, וואָס האָבן קיינמאָל קיין רו נישט געהאט. ער פרעגט א צווייטע יידענע, און מיכל שוסטערס יונגעלע און נאָך א סך יונגעלעך און מיידעלעך, וואָס די מאמעס האָבן זיי געשיקט צו הערשעלען קויפן. דער וויל א האלבן הערינג, אן אנדערער וויל פאר עטלעכע באַניקלעך טיי, איינער וויל ליפעווע צוויט, א דריטער א לאָמפּן-גלעזל. ווער ס'באצאָלט מזומן און ווער ס'זאָגט נאָכדעם, וואָס ער האָט שוין באקומען די סחורה, אז די מאמע האָט געזאָגט אז, ר'הערשעלע זאָל אזוי גוט זיין און ארייַנשרייבן אין בוך, די מאמע וועט דורכגיין און וועט אים באצאָלן. ער זאָל קיין שום עגמת-נפש נישט האָבן.

הערשעלע האבער איז שטענדיק פארנומען. ער האָרעוועט פון פינף אינדערפרי ביז שפעט ביינאכט. ביי אים איז נישט פאראן קיין אָפּרו. נישט קיין זונטיק, נישט קיין מיטאָג-שעהן, נישט פאר אים און נישט פאר זיינע צוויי אָנגעשטעלטע, די צוויי משרתים, וואָס פליען ווי די פערדלעך א גאנצן טאָג, פון הערשעלען צום ציגנעם בערדל און צוריק.

די קונים ווערן נישט בייז, וואָס זיי דארפן ווארטן, ביז וואנען דער סוחר אפּראָוויזיאָנירט זיך מיט: א קילאָ אָדער צוויי צוקער, הונדערט גראם קאווע, אָדער צוויי פלעשלעך בוימל, דריי קילאָ מעל און אזוי ווייטער, די משרתים, וואָס זענען אָנגעגלאָדן מיט קייבערלעך, זענען שוין אהין און טאקע באלד צוריק.

הערשל האבערס קלייטל איז ממש א וואונדער. ווען מ'קוקט אריין, זעט מען דאָרט די גרויסע פּאָליצעס כמעט גענצלעך ליידיק. צו וואָס דארף ער סחורה? איינגטלעך וואָלט ער באדארפט, נאָר גיי האָב סחורה, אז קיינער באָרגט אים נישט, נאָך דער לעצטער שרפה, ווען ער איז איבערגעבליבן ווי אויפן וואסער. ער האָט זיך טאקע צוריק אויפגעשטעלט דאָס הייזל, אָבער ווער ווייסט זיין בלוטיק הארץ. ער איז נאָך שולדיק געבליבן א גרידע גאָלד אויף דער פארשרפערטער שטוב. און ווער שמועסט נאָך

אציגד. וואָרעם נאָר גאָט אליין ווייסט, וויפל ער האָט זיך נאָך אָנגעשול־דיקט. ער איז אָבער א גרויסער בעל־בטחון און א פלייסיקער ארבעטער. ער וועט זיך אַם ירצה־השם ארויסדרייען. די שפע, קיין עין־הרע, איז א גרויסע. נאָר איין זאך לאָזט אים נישט רוען: דאָס ווייב זיינס. עס האָט זיך אים געגלוסט נעמען א יונג ווייב און ער האָט שוין אָנגעבויגענע פלייצע. מילא, איר וואָלט ער נאָך געקאָנט נאָכקומען, מאכן אמאָל א קליידל, א פאָר שיך. אָבער מיט דער משפחה מיט אירער, וועלכע איז א גרויס געזינדל, וואָס וועט ער טון? זיי האָבן מסכים געווען, אז די גרויסע שוועסטער, די עלטסטע טאָכטער, זאָל חתונה האָבן מיט אים... מיטן מיין, אז זי וועט זיי ארויסהעלפן פון זייער שטענדיקער גויט און הונגער, וואָס דער פאָטער זייערער דער תבואה־הענדלער, קאָן זיי נישט אָפּשטעלן. די געדאנקען אָבער פליען אים באלד אוועק, ווייל די קונים לאָזן אים נישט צו רו ער וועגט און מעסט און ציילט א גאנצע וואָך, חדשים און יאָרן, און האלט אלץ ביים אָנהויב. שטענדיק פאריאָגט, אויסגעשמירט, און זאָרגט, ווו נעמט מען צו באצאָלן שטייערן? פראָצענט? פון קרן שמועסט מען נישט, אז דאָס קאָן אראָפּגיין, מחמת די פראָצענטניקעס האָבן אים שוין אזוי בארעכנט, אז ער זאָל ביי זיי זיין אן עבד כנעני. איין האָפענונג האָט ער. אוורעמעלע וועט מירצעשעם חתונה האָבן, נעמען, א גרויסן נדן, וועט ער אים איבערגעבן די שוועל. די פּאָליצעס וועלן אָנגעפילט ווערן מיט כל־טוב און דעמלט וועט ער, הערשעלע האבער, ווייזן וואָס ער קאָן. ער קוקט אויף זיין אוורעמעלע, ווי אויף אן אבן־טוב. ער היט אים אָפּ, ער זאָל זיך אויפירן לייטיש, לאָזט נישט צו סיי וועמען מיט אים זיך חברן.

בשעת דער באקאליייניק האָט אריינגעשריבן אין זיין פארשמאָלצענעם בוך די נייע חובות, האָט ער אויך גערעדט מיט פסחן און איציקן און אויך זיי געזאָגט, אז אוורעמעלע איז ערשט נישט לאנג אוועק אין דער פּערמשעפּציע[1], געבן לא־יחרץ געלט, כדי ער, דער כלב, זאָל אראָפּנעמען דעם סעקוועסטער פון דעם האלבן קלאפּטער האָלץ, צוויי זעקלעך קוילן און א האלב פעסל גאז. דאָס האָט ער געטאָן, נישט כדי ער זאָל אויס־לייזן דאָס נעבעכדיקע ביסל סחורה, נייערט ס'איז אים געווען א פינצטערע בושה פאר די קונים וואָס קומען אריין. און טאָמער וועט זיך טאקע טרע־פן און ס'וועט אראָפּפאלן עפעס א רייזנדער און אים שיקן א ביסל סחו־רה אויף באָרג? — האָט ער זיך געטראכט.

---

[1] שטייער־אמט

הערשעלע האבער, האָט פלינק געמאכט א שקארמיץ, ארייַנגעוואָרפן עטלעכע קארטאָפל, אראָפּגענומען דעם בלייַ פון אונטערן אויער, פאַר־צייכנט אין בוך. און ווייטער געווען פארשמייעט, פארטאָן. ער האָט אויפ־סנייַ צונויפגערעכנט די עטלעכע גראָשן פון די קונים. זיי געשווינד איבער־געגעבן די אָדלערס צוזאמען מיטן חשבון. זיך געכאפט, אז ס'איז ווייניק געלט, די סחורה באטרעפט מער. שרייט ער זיי נאָך, זיי קערן זיך אום פונעם וועג.

— הערט אויס, האָט ער שטילערהייט איינעם ארייַנגערערט אין אויער אריין: זאָגט דאָרטן דעם הער, אז איך האָב אים געבעטן, ער זאָל דאָסמאָל נאָך צובאָרגן צוויי קילאָ צוקער און דריי קילאָ רייז.

ווען די אָדלערס זענען אָנגעקומען צום ציגענעם בערדל, האָבן זיי מיט אים נישט געקאָנט רעדן. זיי האָבן זיך געווענדט צו דער באַלעבאָסטע. דאָס רשעות פון אירע אויגן האָט ארויסגעשפּריצט און זי האָט זיך צעשריגן:

דער קבצן וויל אונדז בדיל־הדל שטעלן! ס'איז אים ווייניק, וואָס ער האָט ביז איצט אויסגענארט מיט זייַן רחמנות־פּנימל. גאָר בייַ דיר, אויסגעטרוקנטער הערינג — האָט זי זיך צעשריגן אויף איר מאן — קאָן ער פּועלן צו נעמען און צו געמען. דאָס ציגענע בערדל האָט אָנגעהויבן צו טאנצן. ער האָט זיך אראנזשירט דעם גילדענעם צוויקער. דערנאָך האָט ער גע־געבן א זעץ אין שרייב־טיש, וואָס האָט אויסגעזען ווי א שטענדער, און געזאָגט:

— מיר זאָל קיינער נישט זאָגן קיין דעות! איך וויים וואָס כ'טו! ער איז שוין לאנג בייַ מיר אין קעשענע! א חוץ דעם, איז דאָך בייַ אים א מיל, ס'האלט זיך בייַ אים אין איין מאָלן. דעם קרן האָב איך שוין לאנג ארויסגענומען און פאר די צינזן ביז איך באוואָרנט ביז איבערן קאָפּ. קוני! נעם און שיט אָן אין די בייטלען, וואָס ער פארלאנגט. און דיך, מאדאם, בעט איך, זאָלסט דיך ווייניקער מישן אין מייַנע געשעפטן!

די מאדאם האָט אויף אים געוואָרפן בייזע בליקן, זיך אָפּגעריסן אויף קונין, אים געגעבן א שטופּ. און מיט דער פארצויגענער נאָז אויף איר צעפלאָקטן פּנים, האָט זי אונטערגעפּאָנפּעט:

— „ער דרייט זיך צווישן די פיס, ווו מ'טוט זיך א קער, איז ער דאָ". קוני האָט איר נאָכגעקוקט און זייַנע הענט האָבן זיך געבייַלט.

ביידע אָדלערס מיט קונין האָבן זיך איבערגעקוקט.

— ווי געפעלט אייך די מכשפה? האָט קוני געפרעגט און ארייַן געוואָרפן אין די בייטלען עטלעכע באָקסערן און פייגן. דאָס איז פאר אייך, שאָלטיקעס, וואָס איר זענט.

# קאפיטל XVI

פארנאכט, ווען משהלע איז ארויס געגאנגען א ביסל זיך דורכלופ־טערן אויפן ניאמצער וועג, האָט ער באגעגנט א גאנצע כאָפּטע יונגלעך און מיידלעך. צווישן זיי זענען אויך געווען שרהלע און מערי.

אין שרהלעס גאנג איז געווען א דיסציפּלינירטער שטאָלץ. פון אירע אויגן, וועלכע זענען געווען איינגעפאסט אין א הארמאָניש, הארציק, פריילעך פּנים, האָט ארויסגעשיינט א ים פון גוטקייט. פון צערטלעכקייט. וויפל מאָל מ'האָט זיך באגעגנט מיט אירע בליקן, האָט זיך אויסגעוויזן, אז דאָ האָט מען אָפּגענומען א גרוס פון אלע גן־עדנס. מ'האָט געפילט, אז דאָ איז די מיט־וועלט, און, אז מער איז נישט פאראן. דער שמייכל אירער האָט געפּענטעט און אָנמעכטיק געמאכט די ארומיקע, אלע, האָבן זיך געבאָדן אין די שטראלן פון איר פּנימל, וואָס האָט געלויכטן ווי אלע שטערן און מזלות פון דער וועלט.

לעבן איר איז געגאנגען מערי. זי איז געווען א פּארטראכטע. אירע קלאסישע ליניעס, וואָס האָבן געשניטן די לופט, האָבן אויסגעוויזן ווי זיי ווילן ארויפצווינגען, אויף דער וועלט די גלייכע און אויסגערעכנטע ווענג וועלכע זי האָט געפונען דאָרט ביי די שענסטע, איבערגעגעבנסטע בוחות, — חלומן ווענן א גיי לעבן.

לעבן זיי, זענען נאָך געווען צוויי פרעמדע בחורים: איינער האָט געהאלטן אין איין דעקלאמירן לידער און משלים, און דער צווייטער, באָכדעם וואָס דער ערשטער איז שטיל געבליבן, האָט ער אָנגעהויבן זינ־גען יידישע לידער מיט זאפטיקע ניגונים, וואָס האָבן אלעמען באגייס־טערט. באלד האָט דער עולם אונטערגעהאָלפן. ס'האָט זיך גאָכדעם צע־

פלאקערט א שמועס וועגן די פליכטן פון דער יוגנט אין דער איצטיקער צייט.

— א גדולה אויף אייך! עפּעס אנדערש פעלט אייך נישט, האָט זיך אָנגערופן הערשל דער קאָלאָנעל, וואָס איז אויסגעוואקסן ווי פון דער ערד — מאכט נישט קיין גערודער! פארגעסט נישט, אז איר זענט יידן, און מ'קוקט אויף אייך מיט בייזע אויגן. און דו ביסט אויך דאָ?

בשעת מעשה, האָט ער געגעבן אן ענערגישן בליק אויף זיין טאָכטער שרהלע, און איר שטיל געזאָגט:

— כ'האָב דיר דערלויבט צו גיין שפּאצירן, אָבער נאָר מיט דעם ציגענעם-בערדלס בחור און מיט דעם, וואָס איז אראָפּגעקומען צו אונדז צו גאסט.! ווי קומען אהער אָט די בעטלער? ווילסט מיך דיסקרעדיטירן?

הערשל דער „קאָלאָנעל", האָט א חוץ א ווייב און קינדער און אן אייגענעם שטעטל, גאָרנישט פארמאָגט. ער איז אָבער געווען א תבואה-סוחר. שנים-צייט, ווען אין שטעטל האָט אָנגעהויבן צו זידן, די תבואה-סוחרים האָבן זיך צונויפגענומען, כמעט יעדעס יאָר, איידער ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער תבואה-סעזאָן, כדי זיך באראָטן וויאזוי מען קאָן ווי בעסער אָרגאניזירן דעם קויף און פארקויף פון דער תבואה, איז דער „קאָלאָנעל" געווען דאָס אויבערשטע פונעם שטייסל. ווייל צו אים האָט געהאט צוטרוי דאָס ציגענע-בערדל און געליגן געלט. זעלבסט פארשטענדלעך האָט דער לוה זיך באוואָרנט, הן מיטן געלט, הן מיטן פּראָצענט. אזוי, אז ער איז נישט געווען „אבי ווער" און נישט געלאָזט, אז די קינדער זיינע זאָלן, חלילה, מיט זייערע אויפירונגען אָפּבליאקעווען זיין גלאנץ. ער האָט געוווסט, אז דעם גבירס זונדל שארט זיך צו צו זיין שרהלע, אים איז דאָס געווען צום הארצן. ער האָט אָבער מורא געהאט, אז זי זאָל זיך נישט פארטשעפּען עפּעס מיט א בעטלער, דערפאר האָט ער זי געהאלטן אונטער זיין דירעקטער, שטרענגער השגחה.

— כ' וועל באלד אהיים קומען, האָט שרהלע געענטפערט.

נאָכדעם וואָס דער „קאָלאָנעל" איז אוועק, האָט די חברה געבעטן דעם בוקארעשטער דיכטער, ער זאָל ווייטער זינגען די פאָלקס און ארבע-טער-לידער. מערין האָבן זיי געפעלן, זי האָט אָבער געפרעגט דעם דיכ-טער, צי קען ער נישט זינגען אנדערע לידער.

— כ'קען, אוודאי קען איך, האָט דער דיכטער געענטפערט.

— ניין! האָט זיך אָנגערופן די חברה, זינגט ווייטער, מיר ווילן זיי אויסלערנען אויסנווייניק. דער דיכטער האָט ווידער געזונגען און חברה האָבן

צוגעהאָלפן. מ'איז אריין אין התלהבות. און באלד איז טאקע אויסגעוואק-סן א האָרע און אלע האָבן זיך איינגעשלאָסן. די פרעמדע בחורים האָבן אויסגעשריגן פרייד-אויסרופן. שפּעטער א ביסל איז זיך די חברה צוביסלעך צעגאנגען, פאַרלעכווייז. זעלטן זיי זאָלן זיך געווען קוקן גלייך אין פּנים אריין, מ'האָט אראָפּ געקוקט און געגאנגען ווייטער.

די באַרעדעוודיקסטע איז געווען מערי. ווען זי האָט געמאכט א פּויזע, האָט איר געשטאַלט באקומען א פּנים פון א מאָנומענט. דער קאָפּ אירער איז געווען געגליכן צו א בראָנזענער סטאטוע. אירע אויגן האָבן געוואָלט דורכדרינגען די פינצטערניש. זי האָט געזוכט א לויכטנדיקן גע-דאנק. גישט פילנדיק, זענען זיי פארגאנגען אין וועלדל. שרהלען האָט דורכגענומען א שוידער. די פינצטערקייט האָט איר גישט געפּאסט. ס'איז איר פאַרגעקומען דעם פאַטערס אָפּגעגלעט פּנים, פון וועלכן ס'האָט געיאָגט א פראָסט. ס'האָט זיך איר אלץ אָפּגעגלוסט.

— ווערען זוכסטו דאָרט אין דער ווייטער טונקלקייט? האָט משהלע געפרעגט מערין.

מערים אויגן האָבן זיך אראָפּגעלאָזט. דערנאָך האָט זי געגעבן א דירעקטן טיפן בליק אויף משהלען. אירע אויגן האָבן געשטראַלט פון הנאָה, צי דערפאר, וואָס זי האָט געפונען דעם געדאנק נאָך וועלכן איר מוח האָט נאָכגעפאָלגט און אים קאָנטראָלירט פון אלע זייטן, אויב ער איז ריכטיק; צי דערפאר, ווייל זי האָט געדאנקט משהלען וואָס איז גע-גאנגען לעבן איר און גישט געשטערט דעם געדאנק אירן, און האָט גע-ווסט זי אָפּצושטעלן פּונקט דאָרט וו זי האָט געשטעלט א פּונקט.

— ס'זענען מיר נישט קלאָר געווען עטלעכע זאכן, וואָס כ'האָב געהערט פונעם טייערן און באליבטן חבר פון יאם, מאקס וועקסלער. איצט איז ביי מיר געוואָרן אלץ קלאָר, נאָכדעם וואָס כ'האָב זיך דער-מאנט גאנץ פּינקטלעך, וויאזוי די דיסקוסיע איז דעמלט פאָרגעקומען. אָנגערעגט האָט מיך דער שטילער צוזאמענשטויס צווישן דער דאָזיקער חברה און מיר. איך האָב נאָכגעגעבן, ווען כ'האָב געזען, אז די חברה פארלאנגט פון די פרעמדע חברים, זיי זאָלן ווייטער זינגען לידער אויף יידיש. כ'האָב געזען דעם ספּאָנטאנעם פארלאנג, וואָס איז גאָרנישט גע-ווען קינסטלעך. פארקערט, ס'איז געווען אזוי נאטירלעך, ווי נאטירלעך ס'איז דער פויגל זאָל זינגען אויף זיין פויגל-לשון, ווי יעדער שבט און יעדעס פאָלק זאָל זיך זינגען און פרייען אויף זיין לשון.

— וואָס האָט געזאָגט מאקס וועקסלער? כ'וואָלט זייער געוואָלט וויסן, ווייל ווען כ'בין געווען אין יאַס, האָט דער מענטש איף מיר גע-מאכט אַן אויסערגעוויינלעכן רושם, מיט זיין ערנסטן צוגאַנג צו פּראָבלע-מען — האָט משהלע געפרעגט.

— ווען עס קומט די רייד וועגן כלל-פּראָבלעמען, סאָציאַלע אָדער קולטורעלע, און איך דאַרף ארויסזאָגן מיין מיינונג, זענען פאַר מיר די בראָשורן, וואָס זענען געשריבן געוואָרן פון לעגינען געווען א לייכט-טורעם. די בראָשורן און אַנדערע מאַטעריאַלן האָב איך גענומען ביי מאקס וועקס-לערן, וועלכער האָט מיר געגעבן די קאָפּיע פונעם באריכט פון דער סאָ-ציאַל-דעמאָקראַטישער גרופּע, וואָס איז פאָרגעלייגט געוואָרן דעם אינ-טערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן ארבעטער און געווערקשאַפט-קאָנגרעס, אין לאָנדאָן 1896. כ'מיין, אַז דער אינהאַלט איז געווען אַזעלכער:

„...אונדזער אָרגאַניזאַציע עקזיסטירט זינט מאַי 1895. זייענדיק איבערצייגט, אַז צו די יידישע ארבעטערס קאָן מען דערלאַנגען פּראָפּאַ-גאַנדיסטיש נאָר אין זייער דיאַלעקט אין „יידיש-דייטשן“ זשאַרגאָן, האָט אונדזער יאַסער פּאַריין אָפּגעגעבן דעם גרעסטן טייל פון זיין ארבעט אויף א פּראָפּאַגאַנדע-אָרגאַן, אין אָט דער שפּראַך. אַזאַ פּראָפּאַגאַנדע-אָרגאַן גייט ארויס אלע וואָך אונטערן נאָמען „דער וועקער“ אָנגעהויבן פונעם 1 מאַי 1896. דאָס בלאַט האָט אַן ענטוזיאַסטישן קבלת-פּנים ביים יידישן פּראָלעטאַריאַט. עס וועקט אין דעם יידישן ארבעטער דאָס שלאָפנדיקע קלאַסן-געפיל, עס לערנט אים דערקענען די שאַנד פון זיין נאַציאָנאַלער און קולטורעלער אונטערדריקונג, עס לערנט אים רעאַגירן אויף רעכטלאָ-זיקייט און באַרבאַריזם און רופט אים זיך צו אָרגאַניזירן צום פּאָליטישן קאַמף“.

דער דיכטער וואָס איז געגאַנגען פּאַרטיפּט אין געדאַנקען לעבן שרהלען, האָט זיך האַסטיק אָנגעשלאָסן אין דער דיסקוסיע.

— כ'האָב אייך באַוווּנדערט, ווי איר ציטירט אַזאַ לאַנגן ציטאַט אויסנווייניק, האָט דער דיכטער זיך געווענדט צו מערין.

מערי האָט געגעבן א וואָרף אירע האָר אהינטער, דער קאָפּ אירער האָט זיך אויסגעדרייט צום דיכטער, וואָס האָט געהאַלטן אונטער זיין אָרעם שרהלען. א צופרידן שמייכעלע האָט געשוועבט אויף איר אָנגעש-טרענגט פּנים, וואָס איז אַלץ מער ליכטיקער געוואָרן, און געזאָגט:

— ביי אונדז, סטודענטן איז דאָס א מוז. כאָטש איר בין נישט ביי דער מיינונג, אַז מ'דאַרף ציטירן וואָרט ביי וואָרט. מ'דאַרף נאָר ארויס-

זאָגן דעם תוך פון דעם געמיינטן. די חברים אָבער, האָבן מיך געלערנט, אז ווען ס'איז די רייד פון א וויכטיקן אָפיציעלן ענין, איז גוט, מ'זאָל איבערגעבן פינקטלעך. דעריבער האָב איך מיך אָנגעשטרענגט און איבערגעגעבן דעם ציטאט אינגאנצן, וואָרט-ווערטלעך. און נאָך האָט מיך צוגעברענגט דערצו. אָט דעם, משהלען, דאַרף מען זאָגן גאנץ קלאָר, ווייל זיין גמרא-קעפל פליט, און קען א טעות האָבן אין אזעלכע איידלע ענינים. כ'האָב דאָס נישט געטאָן דווקא צוליב דעם ענין שפּראַך, נאָר ווענן א סך אנדערע ענינים, וואָס דאַרפן זיין קלאָר אין קאָפּ פון סיי וועמען, וואָס עס אינטערעסירט סאָציאַל-פּאָליטישע פראגן. זי האָט געקוקט אויף משהלען ווי א מאמע, וואָס וויל, אז איר קינד זאָל זיין דער בעסטער אין שול, ס'זאָל זיין א שם-דבר אין שטעטל.

משהלע האָט איר געקוקט אין מויל אריין, ווי א חסיד אין רבינס מויל. ער איז איבעראַשט געוואָרן פון איר גרויסן וויסן און ביי זיך געטראַכט: וואָסזשע, זי האָט דען אמאָל געלערנט גמרא און געזען ווי מ'כאפּט דאָרט נאָר דעם געדאנק, בעת די פונקטואציע און די וואָקאלן ווערן דאָרט פון א טייל לערנער איינגעשלונגען! זי איז דעמלט נאָך מער אויסגעוואקסן אין זיינע אויגן.

שרהלע, וואָס איז די גאנצע צייט געגאנגען און זיך צוגעהערט צו די שמועסן, און פון צייט צו צייט געענטפערט מיט איר ליבלעך שמייכעלע אויף יעדן קוק פון א בחור, האָט זיך אָנגערופן:

— ווי שיין איר רעדט, — ס'קומט אויס, אז אלץ איז אין אָרדענונג, אז ס'איז נאָר געווענדט אָן אונדז, אונדזער לעבן צו פארבעסערן, צו פארשענערן.

דער דיכטער האָט איר טיף אריינגעקוקט אין די אויגן. א ביטערער שמייכל האָט זיך צעשפּרייט אויף זיין פנים. די אויגן האָבן אים אָנגעהויבן צו פינקלען.

— וואָסזשע מיינט איר, ליבעס פרייליין, אז מיר לעבן נישט אויף דער וועלט און מיט דראפּען זיך אויף די גלייכע ווענט! און טאָמער קאָנען מיר גאָרנישט דערגרייכן, פליען מיר אין די הימלען און רעדן פון לבנה און שטערן? ניין! מיר שטייען מיט די פיס אויף דער ערד, מיר זעען אלץ, וואָס ס'טוט זיך ארום אונדז. מיר וויסן אָבער, אז מיט פארלייגטע הענט און מיט יאוש שטימונגען, וועלן מיר ווייט נישט דערגיין. פאַרקערט, מיר וועלן נישט ווילנדיק ווערן א כלי-זיין פון די משחיתים, פון

די שוואַרצע פייגל, מיר וועלן זיך אויסגראָבן אַן אייגענעם גרוב. ווענן אונדזער גורל דאַרפן מיר קלערן.

דעם דיכטערס אויגן האָבן אָנגעהויבן ברענען.

— קאָנט איר זיך פאָרשטעלן וואָס די יוגנט האָט אויפגעטון דאָרט, אין רוסלאַנד, ווו דער צאַרישער אבסאָלוטיזם, די אָכראַנע, די קירכע און די שוואַרץ-מאַהגיקעס האָבן געהאַלטן הונדערט פופציק מיליאָן מענט-שן אין קייטן און פינסטערניש? מאָלט אייך אויס, ווען די אַלע קעמפער וואָס האָבן איבערגעקערט די פעאָדאַלע אינסטיטוציעס, וואָלטן פאַר זיך געשטעלט אַזעלכע פראַגן, וועלכע איר שטעלט, אייערע ווייסע הענטשלעך און אייער אויסגעגלעט פּנימל, וואָלטן זיכער נישט אויסגעהאַלטן די אכזריות ווען איר זאָלט געווען אַריינפאַלן אין יענע גזלנישע הענט. מיר אָבער ווייסן, אַז די רעוואָלוציע איז געקומען נישט פון זיך אַליין, נאָר מוטיקע קעמפער האָבן זי צוגעגרייט און ס׳זענען געפאַלן א סך קרבנות. מענטשן האָבן געוווסט, אַז טאָמער כאַפּט מען זיי, וועלן זיי מער דאָס ליכט נישט זען. זיי האָבן אָבער נישט געטראַכט וועגן אייגענעם ווילזיין. דאָס זענען אָבער געווען מענטשן מיט נשמה, מענטשן וואָס האָבן נישט געקאָנט צוקוקן ווי א גאַנצע וועלט איז געווען געפּענטעט. יאָ! זיי, די רוסישע יוגנט, די רוסישע פאָרגעשריטענע אַרבעטער און אינטעליגענץ, וועלכע זענען געווען פול מיט לעבן און פלעדירט פאַרן לעבן, האָבן אַוועקגעגעבן זייער לעבן, איבערגעלאָזט זייערע משפחות אויף גאָטס באַראָט. און זעט וואָס זיי האָבן אויפגעטאָן! — דאָס גרעסטע לאַנד פון אייראָפּע איז אין די הענט פונעם פאָלק. די עסטרייכישע און דייטשע אימפעריעס זענען צעשמעטערט געוואָרן, די רעאַקציאָנערע אייראָפּע צי-טערט. ווען די גרויסמאַכטן וואָלטן נישט געווען אָנגענומען די שטאַרקס-טע מיטלען צו צעשטערן די אַרבעטנדיקע כוחות, וואָס האָבן שוין געהאַט די מאַכט אין באַוואַריע און אין אונגאַרן, וואָלטן מיר שוין היינט נישט געהאַט די דיסקוסיע.

זיי, די שוואַרצע כוחות, דאָסמאָל אָנגעטון אין ווייסע הענטשקעס, זיי ווילן עס איינשטעלן דאָ די „דעמאָקראַטיע“, זיי זענען אָט די, וואָס העלפן אַרוים אָט די טונקלע נשמות, וואָס שטעלן זיך אַקעגן דער פריי-הייט.

— ס׳וועט זיי אָבער נישט געלונגען. אין גאַנצן לאַנד קאָכט ווי אין א קעסל, מיט געוואַלט און מיט טעראָר האָט מען קיינמאָל נישט געקאָנט אָפּהאַלטן דעם גרעסטן כוח, דאָס הייסט דאָס פאָלק, ס׳זאָל

נעמען אין די אייגענע הענט דעם גורל זייניעם. מען דארף אָבער דאָס פֿאָלק אויפקלערן; מען דארף אים דערווייזן, פון וואנען עס קומען די אומגערעכטיקייטן, וואָס ווערן געטאָן קעגן אים, און צעשמעטערן די אלע טעאָריעס, וואָס קומען כלומרשט פון זיינע „פריינט", וואָס זוכן זיין טובה. מ'דארף פון זיי אָפרייסן די מאסקעס, און ווייזן דעם פֿאָלק: זעט! ווער ס'זוכט אייער טובה, אָט די וואָס האָבן פארקויפט זייערע נשמות פאר א טאָפ לינדזן? זאָלן דאָס זיין שרייבער, קינסטלער, לערער, דע-פוטאטן, מיניסטאָרן. אויב מיר וועלן שטיין מיט פארלייגטע הענט, וועלן אויף אונדז קומען צרות און ליידן און דער עיקר מלחמות, וו מען וועט אונדז פירן ווי די שאָף צו דער שחיטה, צוליב זייערע שמוציקע געשעפטן און מאָנאָפּאָלן. דאָס אלץ דארף מען טאָג איין, טאָג אויס, אויפקלערן, די פארבלאָנדזשעטע צוריקברענגען צום שכל-הישר. זיי ווייזן, אז דער מיליאָן רומענער וואָס זענען נעהרגעט געוואָרן פון די אזוי גערופענע "פאטריאָטישע" פארטייען, זענען נישט קיין אנדערע, נאָך זייערע אייגענע ברידער, זין און טאטעס. און נישט נאָר א מיליאָן רומענער האָט די מלחמה איינגעשלונגען, נייערט אויך אנדערע צענער מיליאָנען אויפן ערד-קיילעך. זאָלן זיי ארייננקלערן. זיי וועלן קומען צום באשלוס, אז קיין שום ערלעכער ארבעטער אָדער פויער, האָט קיינמאָל נישט געהרגעט און וועט נישט הרגענען דעם ערלעכן ארבעטער אָדער פויער פון סיי וועלכן לאנד. זיי וועלן קומען צום אויספיר, אז זיי זענען געווען אָדער האָבן געמאכט קרבנות צוליב פאלשע ליגנערישע, גזלנישע אידייען וואָס די שלעכטע, די רויבערישע חיות — וואָס זענען אָנגעטאָן אין לעצטער אייראָפּעישער מאָדע און צילינדערס, האָבן זיי געפירט אין גיהנום אריין צוליב זייערע גיריקע, ווילדע פארלאנגען.

— מיר יידן, קענען זיך אָבער נישט אָפּזונדערן, מיר דארפן גיין צוזאמען מיט אלע געפייניקטע. דער שונא איז מעכטיק און פארשפרייט, אזוי אז אומעטום דארף דער קאמף אָנגעפירט ווערן מיט געמיינזאמע כוחות.

פון דער ווייטנס האָט זיך געהערט א פאוואָלינקער גלעקערקלאנג. וואָס האָט אָנגעזאָגט, אז באלד דערנענטערן זיך וואָגנס, אָנגעלאָדענע מיט תבואות, וועלכע די פויערים פירן דורך דעם מאָצקער וואלד.

קיינער האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אז אינגיכן וועט דער דאָזיקער פארכישופטער וואלד, וואָס איז בלויז סוד, זיין א שטומער עדות פון די גרוילעכקייטן, וואָס וועלן דאָ פאָרקומען.

— לאָמיר אריין גיין אין דער קרעטשמע, האָט זיך געהערט א קול.
— ס׳איז טאקע גלייך, האָבן א טייל געענטפערט.
דער ווייַן איז געווען זויער, אלטגעבאקענע, דארע בייגל, זענען געווען דער איינציקער פארבייס אין יענער נאכט. דער קרעטשמער, מיט פארלאָפענע אויגן און א צעבראכטעטער ברוסט, איז געווען זייער אקטיוו. דעם, האָט ער אנידערגעשטעלט גריגעם בראָנפן, און אנדערן א קרוגל ווייַן, א דריטן אן איבערגעבליבענעם עק פון א הערינג. די פויערים רוען זיך דאָ אָפּ, ביז וואנען מ׳וועט דארפן ווייטער זיך שלעפן, ביז מ׳-וועט אָנקומען צו די פריצישע שייערס, א וועג וואָס וועט זיך פארציען א גאנצע נאכט. די פויערים מיט די פארוואקסענע פנימער, קוקן איינער אויפן אנדערן. ווען זיי זעען א ציווילן ביים טיש, זענען זיי זייער פאָר-זיכטיק. צווישן די פויערים דערזעט משהלע דעם אלטן פויער, וועלכער איז געפאָרן מיט אים צוזאמען אין צוג.
— אך! וואָס טוט איר? וואָס טוט אייער זון פעטראקע? איז ער שוין אהיימגעקומען?
— ער איז אהיימגעקומען, האָט געענטפערט דער אלטער פויער. און וואָס ער טוט? ער העלפט מיר ביי דער ארבעט, פאָרט מיט מיר, האקט די ביימער אין סטורדזאס וואלד, צומאָל פאָרן מיר אין שטאָט אריין און ארבעטן ביים אויסלאָדן די וואגאָנען.
— און ערד האָט ער נישט באקומען? דער מלך און זיין משרת, בראטיאנו האָבן דאָך צוגעזאָגט, אז די דעמאָביליזירטע סאָלדאטן, וועלן באקומען ערד! — יאָ, ענטפערט דער אלטער, ערד באקומען נאָר די וואָס קאָנען באצאָלן. פעטראקע אָבער, פארמאָגט נישט מער ווי די ליי-דיקע פארהאָרעוועטע הענט.
— ס׳רייסט זיך מיר אָפּ דאָס הארץ — האָט ווייטער דערציילט דער אלטער פויער — ווען כ׳זע אים שטענדיק פארטראכט. כ׳האָב גע-וואָלט וויסן די סבה פון זיין טראכטן, כ׳האָב אים נישט געלאָזט רוען; ביז וואנען ער האָט נישט מיר אלץ דערציילט. כ׳האָב געמיינט, דע, ער איז א יונגער מענטש, מן הסתם האָט ער דאָרט ערגעץ, ווו ער האָט זיך ארומגעוואלגערט, זיך פארטשעפעט מיט א מיידל, וועלכע ער קאָן נישט פארגעסן. ס׳איז מיר נישט אָנגעקומען אזוי גרינג. ווייל מיין פעטראקע איז בטבע א שווייגנדיקער און א חוץ דעם ווייסט ער, אז איך בין א מענטש פונעם אלטן שניט. און איך וועל אים זיכער נישט פארשטיין. ערשט נאָכדעם וואָס כ׳האָב מיט אים גערעדט און ער האָט געזען, אז איך

בין נישט פון די פארגליווערטע, מאקע נישט מען ווי א פויער, אָבער א פויער, וואָס די ווירקלעכקייט האָט אים אויפגעריסן די אויגן, און האָט אָנגעהויבן צו זען, אז דער גאנצער אמת ליגט נישט אין דעם קלויסטער און, אז פונעם גלח'ס מויל גייען נישט ארויס נאָר הייליקע ווערטער... דאָס האָב איך געזען אין א זונטיק, ווען ער האָט געפרייידיקט ווי זיין שטייגער איז געווען. ער האָט דעמלט זיך ארויסגעוויזן, ווער ער איז. הערט, וואָס ער האָט געזאָגט: אז „די גאָטס-פאַרכטיקע זאָלן בעטן פארן געזונט פונעם קעניג און זיין רעגירונג, וואָס איז אָנגעפירט פון בראטי-אנוז, אָט דער אויסעראָרדנטלעכער מענטש, וואָס האָט געראטעוועט דאָס לאנד פון די באָלשעוויקעס, וועלכע זענען גאָטס לעסטערער און הענגען אויף אלע גלויביקע, מאכן פון די קלויסטערס שטאלן. בראטיאנוס ווערט איז נאָר גרוים, מחמת, א חוץ דעם וואָס ער האָט אטאקירט די סאָוועטן, האָט ער אויך אָנגענומען ענערגישע מיטלען, אז דאָס „צרעת", דער באָלשעוויזם, זאָל דאָ ביי אונדז אין לאנד זיך נישט פארשפרייטן, ער האָט זיי געגעבן א לעקציע, ווי ס'געהער צו זיין, דעם 13-טן דעצעמבער. אזוי אז זיי וועלן שוין פארזאָגן קינדסקינדער, מער זיך נישט שפילן מיט סינדיקאטן און מער נישט פארבימערן דאָס לעבן פון די פאטריאָטן, די פאבריקאנטן, באנקירן, און דער עיקר זאָלן נישט קומען דילן טאָג-אויס, טאָג-איין די מיניסטאָרן, וואָס האָבן גענוג צו טון, עפעס א קלייני-קייט... מיר זענען נאָך א מלחמה, מיר דארפן אויפבויען דאָס לאנד, שאפן אן אויסגעריסטעטע ארמיי, כדי מען זאָל קאָנען פארניכטן די באָלשעוויקעס, וואָס האָבן אין רוסלאנד צוגענומען די פאבריקן, די בענק, די ערד פארטיילט צו די מוזשיקעס. און די צארישע פאמיליע, מיט זייערע מיניסטאָרן, פארטיליקט, און, אז דאָס אלץ האָבן געטאָן פארפיר-טע ארבעטער און פויערים".

— ווען ער האָט געזאָגט די לעצטע ווערטער, איז מיר פאָרגעקומען, זאָגט ווייטער דער פויער, דאָס בילד, וואָס כ'זע יעדעס מאָל, ווען כ'קום מיט מיין וואָגן אויסלאָדן די וואגאָנען. כ'זע דאָ אויסגעמאָגערטע און פארש-מירטע פנימער פון די ארבעטער וואָס גייען ארויס פון די אטעליערן, פונעם דעפאָ, כ'האָב כמעט קיינמאָל אויף זיי נישט געזען קיין שמייכל. די אָפגעריסענע קינדער, וואָס שפילן זיך אויף דער נאסער שווארצער ערד, וואָס איז באשיט מיט צעריבענע קוילן. די אויסגעדייווערטע ווי-בער, וואָס קאָכן דאָרט אויף די פליטעס, וועלכע שטייען כמעט אלע אינדרויסן. וואָסזשע, די זענען פארברעכער? די וואָס ארבעטן אלע יאָרן

און פארדינען אזוי פיל, כדי קוים איבערצוקומען דעם טאָג? כ'האָב געזען, אז דער גלח רעדט נישט צו דער זאך. ס'האָט מיך אויפגערעגט. כ'האָב אים דאָרט געוואָלט שטעלן עטלעכע פראגן. כ'האָב געוואוסט, אז באלד וועט ער מיך פארשיטן מיט פסוקים פון דער הייליקער עוואנ-געליע און אויך מיך דערמאנען אז ס'זענען פאראן געזעצן אין רומע-ניע; אז דאָס לאנד איז נישט הפקר פעטרישקע און דער עיקר, ער וועט מיך באלד מאכן פאר א באָלשעוויק און די זשאנדארן וועט אריינ-פאלן א געבראָטענע טויב אין מויל אריין. כ'וואָלט מיך אלץ אָנגעסג-טענהט. כ'האָב אָבער געוואוסט, אז כ'וועל דאָ גאָרנישט אויפטון מיט מיין אָרעמען לשון. פון וואנען זאָל איך קענען שענער רעדן אָדער פארש-טיין אזעלכע ווערטער ווי דער גלח שיט דאָ אזוי פונעם ארבל ארויס? און היינט די בעלי-גופים, מיט זייערע סאמעטענע וועסטלעך און גיריקע אויגן, וועלן מיך איינשלינגען און דער עיקר, ווי כ'האָב שוין געזאָגט, דער זשאנדאר. דאָס איז אן אומגליק וואָס האָט נישט קיין גלייכן.

— כ'האָב מיך אזוי פארעדט, אז כ'האָב ווי פארגעסן וואָס פע-טראקע האָט זיך אָנדערציילט.

דער אלטער טעאָדאָר פארדייט א ציגאר, מאכט אָנשטרענגונגען, ער זאָל אלץ דערציילן וואָס זיין געפלאָנטער זון פעטראקע, וועלכער האָט כמעט קיין איין גוטן טאָג נישט געהאט אין זיין לעבן, האָט דערציילט. ווייל א חוץ דעם וואָס דאָס קינד זיינס האָט נישט געהאט קיין מעגלעכקייטן צו לערנען, האָט ער געמוזט פון זיין פריסטער יוגנט ארבעטן שווער אויף סטורדזאס פעלדער און וועלדער און שפעטער אויפן שלאכטפעלד.

ווען ער האָט געגעבן א צי פונעם ציגאר, און געגעבן א הוסט, האָט ער זיך דערמאנט אין זיין פויערטע, וואָס האָט אים באגלייט ס'גאנצע לעבן זיינס און אים איבערגעלאָזט אויף דער עלטער אליין

— אוי, דער הוסט! דאָס איז געווען איר מלאך-המות!

באלד האָט זיך באוויזן פעטראקע מודאָרס. ער איז געקומען, זאָגט ער, צו העלפן דעם אלטן, ווייל ער איז פריי, מחמת ער האָט זיך צע-קריגט מיטן אויפזעער פונעם וואלד, און יענער האָט אים פון דאָרטן ארויסגעטריבן. איצט וויל ער צוהעלפן דעם אלטן, וועגן וועלכן ער האָט נישט איינמאָל געטראכט, אז ס'וואָלט שוין פון לאנג כדאי געווען, ער זאָל זיך אָפּרוען די אלטע אויסגעמוטשעטע ביינער. א רחמנות כאפט אים אָן, זאָגט ער, ווען ער זעט אים, דעם פאָטער זיינעם, בשעת ער גייט אָנ-פאָיען די פערד. — מילא, זאָגט ער, די עלטער מיט אירע פאָלגן קאָן

קיינער נישט אויסמיידן. אָבער פּאַרוואָס גייט ער אום דער טאַטע זיינער מיט די אויגן אַראָפּ, שטענדיק פאַרקלערט? ער קוקט נאָר אַהין, צום בית עולם. און ווען ער האָט אַ פרייע שעה, גייט ער אַהין און קומט אַהיים נאָך אָפּגעקאָכטער.

משהלע קוקט אויף דעם יונגען פעטראַקע, וועלכער זעט אויס אַ סך עלטער ווי ער איז. צווישן זיינע איינגעפאַלענע באַקן און זיין ברייטן צעאַקערטן שטערן, האָבן געפונקלט צוויי שוואַרצע אומרואיקע אויגן. משהלע פרעגט אים, צי ער וויל טרינקען אַ גלעזל בראָנפן.

— כ'וועל טרינקען, פאַר וואָס נישט? ענטפערט פעטראַקע און קוקט אויף משהלען מיט פאַרדאַכט.

— קוק אים גלייך אין די אויגן, האָט דער אַלטער געזאָגט צום זון. ער איז נישט נאָר מיר געפעלן, אָט דער משה, נאָר אויך דיין אומגעקומענער מאַמען אויך. כ'דערמאָן זיך ווען מיר, איך מיט דיין מאַמע, זענען געפאָרן אין דער מלחמה-צייט, זוכן דיין געביין, און אין די באַנען זענען די פענצטער געווען אויסגעזעצט, האָט די מאַמע דיינע גיך געכאַפּט איר שאַפּענעם פעלץ און מיט אים פאַרשטעלט דאָס פענצטער, לעבן וועלכן ס'איז געשטאַנען צונויפגעדריקט אָט דער משה, וואָס איז געווען אָנגעטאָן מיט אַ ציינענעם אַנצוג און מיט אַ דין אויסגעריבן אייבערציעל.

דער שענקער האָט געבראַכט דריי גלעזלעך בראָנפן. אַלע האָבן אָנגעקלאַפּט מיט די גלעזלעך, דער אַלטער פויער האָט צוגעווונטשן, אַז ס'זאָל שוין מער קיין מלחמה נישט זיין און, אַז די עלטער זאָל ער כאָטש אָפּלעבן בשלום צוזאַמען מיט זיין פעטראַקען. איר, דער מאַמען, איז נישט באַשערט געווען, זי זאָל זען דעם זון, איר פעטראַקען, אַהיימקומען אַ גאַנצן, נישט קיין פאַרקריפּלטן. נישט איינמאָל פלעגט זי מיר זאָגן: — כ'וואָלט אים געוואָלט זען אפילו אָן אַ האַנט, אָדער אַ פוס, אבי כ'זאָל אים שוין אַמאָל זען. ס'איז איר נישט באַשערט געווען, נעבעך.

*

פעטראַקע לייענט:

טראָץ דער מסירת-נפשדיקייט פון די אַרבעטער-מאַסן, איז זיי נישט געלונגען דורכצופירן דעם קאַמף צום ענדגילטיקן נצחון. ס'האָט אויסגעפעלט אַ פעסטע האַנט און אַ געזונטער כוח, וואָס זאָל געווען אָנפירן

מיט ווירדע און זיכערקייט צום זיג, צום אויסלייז — און אָרגאניזירטע ארבעטער-פארטיי.

די פארהעלטענישן פון דער הויפט-שטאָט און אינעם לאנד זענען געווען גינסטיקע וועגן דער איבערשטאלטונג פון דער געזעלשאפט.

די פראָלעטאריער זענען געווען פאראָרעמט, די פויערים זענען באַראבעוועט געוואָרן, זייער ביסל אָרעמקייט איז צוגענומען געוואָרן אין דער צייט, ווען ס'האָט געהערשט דער קריגס-צושטאנד.

אין די יאָרן 1917—1920 זענען געשטיגן מיט 4—5 מאָל די פרייזן לגבי די הכנסות. דריי פערטל פון די סחורות, וואָס האָבן זיך גע-פונען אין די שטעט, זענען פון די דייטשע רויבער צוגענומען געוואָרן. די באפעלקערונג האָט מען געלאָזט שטארבן פאר הונגער. די טויערן פו-נעם לאנד זענען ברייט געעפנט געוואָרן פאר די אמעריקאנישע, ענגלישע און פראנצויזישע אימפעריאליסטן, מצד דער פאראייניקטער בורזשואזיע מיט דעם באָיארנטום.

„די פארבינדעטע" האָבן אין זינען געהאט ארויפצווארפן א גרויסן מס אויפן לאנד, און אויף אזא אופן עס נאָך מער אונטערטעניק געמאכט דעם פרעמדן קאפיטאל איז געלונגען צו פארכאפן כמעט אלע אונ-דוסטריעלע און באנק-אונטערנעמונגען.

די ארבעטער-לוינען אין יאָר 1918 זענען געווען אזוי נידעריק, כמעט נישט צום גלייבן. לאָמיר דאָ הערן די שטים פון דעם וואָס איז געווען איינער פון די, וואָס האָבן דערשטיקט די עקאָנאָמישע פאָדערונגע-פון די ארבעטער. דאָס איז דער באוווסטער פאָליטיקער טראנקו-יאש. דווקא ער, האָט אויף א פארלאמענט-זיצונג, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 11-טן יוני 1918 מודה געווען, אז: — „אין גאנץ קלאפט דער הונגער אין די טירן... מען געפינט נישט קיין פאָפּשוי-מעל די הויפט-שפייז פאר דער באפעלקערונג, וועלכער קאָן מיט גאָרנישט דערזעצט ווערן. פון ברויט שמועסט מען נישט, ווייל דאָס איז געוואָרן א גאָר גרויס לוקסוס-ארטיקל... די אָנגעשטעלטע באקלאָגן זיך: מיר קומען באָרוועס און נאקעט צו דער ארבעט; ס'שטארבן אונדזע די קינדער פאר הונגער, מיר קאָנען שוין מער נישט אויסהאלטן. פון הונדערט ביז הונדערט פופציק ליי א חודש, דאָס הייסט פון דריי ביז פינעף ליי א טאָג דארף מען עסן, זיך אָנטוען, בא-צאָלן דירה-געלט, האלטן קינדער אין שול א. א. וו."

די שרעק האָט ארומגענומען דעם מלך מיט זיינע מלאכי-חבלה, ווייל זיי האָבן געזען די קלעפ, וואָס די קאפיטאליסטישע אָרדענונג האָט

געכאַפּט פון דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך-אונגאַרן אינעם יאָר 1918, ווו די מאָנאַרכיעס פון די לענדער זענען אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן, גיריקע פאַרכאַפּערס האָבן זיך געלאָזט צו אַנעקסיעס פון פרעמדע טעריטאָריעס. די היגע און אויסלענדישע היענעס האָבן געאַרבעט אויף אַלע אופנים, מיט אַלע כוחות, צו דערשטיקן דאָס פייער.

די שטומע פון די אַרבעטנדיקע פון דער גאָרער וועלט האָט זיך געלאָזט הערן. זי האָט אין אַ געוויסער מאָס אָפּגעשוואַכט די מלחמה-רופן, ווי אויך די לאַפּעס, וואָס האָבן זיך געוואָרפן צו דערשטיקן דאָס שענסטע, וואָס דאָס צוואַנציקסטע יאָר הונדערט האָט געבוירן. בלויז אין געפלאָסן. די רעוואָלוציע האָט זיך אַלץ מער פאַרשטאַרקט און בייגעקומען די שטאַרקסטע און פאַרביסנסטע שונאים.

אינעם וואַלד האָט זיך געהערט דאָס שעפּטשען פון די פּאָרלעך וואָס זענען נאָרוואָס געווען אין דער קרעטשמע.

דער דיכטער האָט געוואָלט אַז די יום-טובדיקע שטימונג פונעם היינטיקן אָוונט, זאָל האָבן אַ השפּעה אויף די וואָכעדיקע טעג. ער האָט געוואָלט אַריינברענגען די חברים אין זיינע וויזיעס פון אַ גליקלעכער צוקונפט. נאָך עטלעכע רגעס האָט ער אָנגעהויבן ברומען אַן אַלטן ניגון, אין וועלכן ער האָט איינגעפּאַסט די ווערטער: — „און ס'וועט קומען אַ צייט, ווען מ'וועט שוערדן, שפּיזן און כלעריי געווער, צעטאָפּען און מאַכן פון זיי נוצלעכע זאַכן פאַר פּויערים“. ווען ער האָט ווייטער געוויקלט זיין וויזיע: — אַז „די וועלט וועט פול זיין מיט וויסן, ווי דער ים מיט וואַסערן“, איז ער ממש אַריין אין התלהבות. ער איז שוין טאַקע געווען אַריינגעלעבט אין משיחס-צייטן. די שיינע שרה האָט ער אַרומגעכאַפּט, געהאַלדזט, געקושט, געטראָגן אויף די הענט און אויסגעשריגן „צו דעם האָבן מיר געהאָפּט, לאָמיר זיך פרייען און לוסטיק זיין!“

די נאַכט איז געווען פול מיט כישוף. שטיל איז זיך געשטאַנען דער וואַלד אין קעניגרייך פון דער פינצטערניש. ביי די ברעגן האָבן די שוואַרצע פלעקן, דאָ און דאָרט, אונטערגעשטראָכן דעם ציטער פון דעם לבנה-זילבער, וואָס האָט פאַרכאַפּט די אָדערדיקע שטעזשקעס. דאָ האָבן זיי געשוועבט צווישן די ווייסע רינגעלעך, וועלכע זענען באַלד פאַרשוווּנדן געוואָרן, בשעת די ביימער האָבן געגעבן אַ ציטער, גערירטע פון די פּאָרלעך, וואָס זענען געקומען צום ערשטן מאָל אַהער אין וואַלד אַריין, אים אויפגעוועקט פון זיין דרימל. מערי און משהלע זענען געגאַנגען באַנאַנד. זי האָט געזען גאָלדענע רינגלעך, וואָס אָט זענען זיי, און אָט

פארשווינדן זיי. דאָס שפּיל האָט איר פאַרשאַפט פרייד און ליידן צוגלייך. משהלע איז גאָר צעמישט געווען. אין זיין מוח האָט זיך געבאָמבלט דער „וגר זאב עם כבש"... ווי איז דאָס מעגלעך?...

— דיכטער! זייט מוחל, וואָס זאָגט איר דאָרטן, אַז דער וואָלף און דאָס שעפעלע וועלן לעבן בשלום? וויאַזוי איז דאָס מעגלעך?! האָט משהלע מיט אַן ערנסט פּנים געקוקט אויפן דיכטער, מיט גרויס תרעומות.

— יאָ, יאָ, ביסט גערעכט! ס'איז טאַקע אַ גרויסע פראַגע, טייע-רינקער!

פון זיינע אויגן האָט זיך אָפּגעטאָן דער שטראַל און ער האָט איינ-געגראָבן די בליקן אין דער ערד.

שרהלעס עלעגאַנטע טריט האָבן ביסלעכווייז געוועקט דעם דיכטערס געמיט. ער כאַפּט זי ווידער אַרום. שפּיגלט זיך אין אירע אויגן. זעט דאָרט די גאַנצע וועלט... ער וויל זיין מיט איר, מיט איר אַליין.

— קום! זאָגט ער צו איר.

— וווהין? פרעגט זי.

— אויפן אינדזל.

— וואָספאַרא אינדזל?

— זעסט נישט? ער ווייזט איר אַ נישט באַדעקטן שטח, אויף וועלכן דאָס לבנה-זילבער באַלעבאַטעוועט.

— ניין! היינט נישט, האָסט פאַרגעסן, אַז דער פּאַפּאַ האָט אהיים-גערופן? און די מאַמע!

— וואָס מאַמע, ווער מאַמע?

פונעם וואַלד האָט זיך געהערט דאָס ליד „מאַרגאַריטקעלעך". אַלע האָבן מיטגעזונגען און אַן עק האָט גענומען צו דער צוויבערגנאַכט.

# קאפיטל XVII

אין דרויסן האָט זיך דער פרילינג געלאָזט הערן.

דאָס ווינטל וואָס האָט געגלעט די שטילע כוואַליעס פונעם טערעט, האָט זיך אַלץ מער געהויבן העכער — אין שטעטל אַריין, מיטנעמענדיק די יונגע זאַפטיקע ריחות פון די פלידערביימער. פון משהלעס פנים האָט זיך אָפּגעטאָן די נאַכט. די פינצטערקייט פון זיינע אויגן האָט אַלץ מער אָפּגעטראָטן, אויף זיין פנים האָט אָנגעהויבן הערשן דער אויפגאַנג, וואָס האָט אים מיטגעריסן. ער גייט, ווי זיין שטייגער איז געווען, פאַרטראַכט דאָסמאָל ווערט אים אַלץ ליכטיקער אין מוח. ער פילט זיך גוט. די זונען־שטראַלן, וועלכע האָבן זיך אַלץ מער פאַרשטאַרקט, האָבן אַריינגע־בראַכט אין משהלעס געמיט אַן אָנגעגנעם בענקעניש. דער טרויעריקער ניגון, וואָס ער פלעגט הערן פונעם בייגל־פאַרקויפער יערן גאַנץ פרי, האָט אים היינט געקלונגען לעבעדיקער; ס'האָט אים אויסגעוויזן, אַז דער שטענדיקער טרויער, וואָס האָט זיך געלאָזט הערן אין דעם קול פונעם בייגל־פאַרקויפער, איז ערגעץ אַנטרונען געוואָרן. דאָס קרייען פון די העגער, דאָס מעקען פון די שאָף און רינדער האָבן אים אויסגעוויזן, איז פול מיט שירה; אפילו משה שוחט מיט זיינע קלייגע, פאַרשלאָפענע און טריבע אויגן האָבן אים אויסגעוויזן, אַז אַ פרייד באַהערשט זיי. אַלץ, וואָס ער האָט געזען, געהערט, האָט ביי אים היינט געהאַט אַ גאַנץ אַנ־דער פנים.

ס'אַ קליינקייט! נעכטן איז ער דאָך אויסגעלייזט געוואָרן. ער וועט דאָך שוין מער נישט דאַרפן טראָגן דעם עול פון פרנסה. דער פאָטער איז אים דאָך אהיים געקומען נאָך 4 יאָר גע־וונדקייט!

דאָס קומען פונעם פאָטער האָט אים נישט אזוי געפרייט, ווי דער נחת פון דער מאמען, וואָס האָט געמיינט, אז זי האָט אראָפּגעוואָרפן דעם עול פונעם קאָפּ. און דער עיקר דעם צער גידול־בנים, וואָס האָט זי אויסגעמאטערט מער ווי אלץ. זי, די מאמע זיינע, די בריה נפלאָה, וואָס האָט באוויזן וונדער אין משך פון די פארשאָלטענע פיר יאָר פון נויט און פיין, איז שטענדיק געשטאַנען ווי אַנמעכטיק לגבי דער פראגע, וואָס וועט זיין דער תכלית פון אירע קינדער?

זי וואָלט זיך געוועז אן עצה געגעבן. דער שכל־הישר אירער האָט זי נישט אָפּגענאַרט. זי איז אָבער פאָרט געווען געבונדן צום אלטן, צו דעם אָנגענומענעם כלל, אז דער מאן איז דער, וואָס דארף אָנווייזן דעם וועג פונעם בני־בית, איבערהויפּט דעם וועג פון די זכרים. זי האָט געבעטער געפילט, אז דער תענוג פון צוריק קומען פון איר מאן וועט לאנג נישט דויערן. זי האָט געוווסט, אז ער איז פונעם אלטן שטייגער, און זיין עקשנות האָט זי אויך נישט פארגעסן. און אפשר האָט זי זיך געקלערט, האָט אויף אים געווירקט ווין... ס'איז דאָך א וועלט־שטאָט, אפשר האָט ער זיך געביטן, און וועט נישט ווייטער ווייקן אין דעם אלטן בעקן... זי האָט אָבער באלד אוועקגעטריבן פון זיך אָט די געדאנקען. גיין! ער וועט שוין בלייבן אזוי ווי ער איז געווען. מילא, האָט זי זיך געטראכט, וואָס קאָן זי טון? זי איז נישט מער ווי אן אשה. טאקע נישט קיין פארשלאָפענע, אָבער פאָרט אן אשה, און היינט איז זי טאקע א שיין ביסל אראָפּ פון די כוחות. ס'איז עפּעס א קלייניקייט פיר יאָר, לאנגע ווי דער גלות, מיט פינף קינדער אין מלחמה־צייט. ס'כאַפּט אָן א שוידער, וואָס זי איז דורכגעגאנגען! זי יאָגט פון זיך אוועק די געדאנקען, וואָס ווימלען איר אין קאָפּ. שבת זאָל זיין! פועלט זי ביי זיך. זי מוז האָבן מנוחה. דעם לעצטן געדאנק און באשלוס, האָט מען געזען אויף איר ענערגיש פּנים, וואָס איז פּלוצעם רויק געוואָרן.

די ערשטע טעג האָבן טאקע געשמעקט מיט יום־טוב, מ'האָט געזען נאָר זיסע פּנימער. יעדער איז ווי צופרידן געווען. נאָר דאָס האָט לאנג נישט געדויערט. די כאראקטערן זענען געבליבן די זעלבע ווי פריער. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די ווידערשפּרוכן, דער טאטע האָט באמערקט, אז די קינדער זענען ווייט פון פרום, כאָטש זיין שטרענגע השגחה האָט איבערגעלאָזט שטארקע שפּורן אויף די יונגע נשמהלעך, וועלכע ער האָט מאָדעלירט נאָך זיין ווילן. ווי שטייט דאָרט ערגעץ געשריבן: „כחומר ביד היוצר“. ס'איז אָבער שוין ווייט נישט דאָס, וואָס ער האָט איבערגע־

לאָזט. ער האָט איבערגעלאָזט יראַ-שמימניקעס, און דאָ האָט ער געטראָפן, רחמנא-לצלן... ער וויל גאָרנישט אזוי ווייט דענקען. ס'כאפּט אים אָן א מורא. ניין! האָט ער זיך געקלערט — ס'קאָן נישט אזעלעכס געמאָלט זיין, זיינע קינדער זאָלן חס-ושלום נישט דאווענען, דאָס קאָן ער זיך נישט פאָרשטעלן. עפּעס האָט אים דער יצר-הרע געוואָלט ערגעץ פארפירן, ער זאָל קאָנען קלערן אויף זיינע אייגענע קינדער אזעלכע משונהדיקע-געדאנקען? ער האָט גיך געכאפּט דאָס לײלער, וואָס האָט געהאָנגען אויפן אייזערנעם בעטל און זיך געלאָזט אין מקוה אריין.

טרויעריק איז געבליבן די מאמע — „ס'הויבט זיך שוין אָן"... האָט זי געזאָגט, „כ'פּיל אז היינט וועט שוין זיין א ביטערער טאָג". שיילנדיק די קאַרטאָפליעס רעדט זי ווייטער:

— די נאכט האָט ער מיך געהאלטן אין איין אויספרעגן, דער טאַטע אייערער: פארוואָס איך האָב געדארפט פארדינגען דאָס צימער דעם לערער, און אויב כ'האָב עס שוין פארדינגען, צו וואָס האָט מיר געטויגט כ'זאָל אויסנעמען א תנאי, ער זאָל לערנען מיט מענדלען? צי ווייס איך נישט, אז די לערער, דאָס זענען סם, וואָס פארסמען די יוגנט? כ'זאָג אייך דעם אמת, כ'האָב געפילט דעם טעם פון טויט, ווען ער האָט עס מיר געזאָגט. מיינע תשובות האָבן אים נישט באפרידיקט. כ'זע פאָר, אז ס'וועט זיך אָנהויבן א גאנצער גיהנום אין שטוב. און דיך משהלע, בעט איך, זאָלסט מיר נישט אָנטון קיין יסורים. כ'ווייס, אז דיינע געדאנקען פליען ווייט, ווייט אוועק; כ'ווייס, אז מיטן דאווענען האָסטו דיך געזעגנט, און מיטן לערנען שטייסטו אויך שמאָל — טו מיר צוליב און וויז נישט ארוים אזוי בפרהסיא דיינע נייע דרכים. ס'וועט דיר נישט לוינען און אויך נישט מיר, טו דאָס צוליב שלום-בית.

משהלע האָט געקוקט מיט גרויס רחמנות אויף דער מוטער זיינער. איר פּנים האָט אים דורכגענומען. ער וואָלט זי זייער געוואָלט פאָלגן. ס'האָט זיך אין אים אָנגעהויבן א קאמף: פון איין זייט — די מאמע וואָס איז אים אזוי טייער און ליב, פון דער אנדערער זייט — דאָס געוויסן, וויאזוי קאָן ער גיין דאווענען, אז ער גלויבט שוין נישט מער? לערנען וואָלט ער נאָך ווייטער, ווייל דאָרט טאקע אין די אלטע ספרים זענען פאראן אזויפיל שיינע זאכן, מיט וועלכע ער איז מסכים איצט אויך, זיי זענען אָבער איינגעהילט אין א רעליגיעזן און צומאָל אין א מיסטישן שלייער! און דער עיקר, ער האָט דאָך אזויפיל צו לייענען און צו לערנען, דאָס וואָס עס איז אים נישט באקאנט און וואָס איז אזוי נויטיק אין

לעבן. דער מאמעס צער האָט ער פאַרשטאַנען, האָט געוווּסט, אַז אין תוך איז זי מיט אים מסכּים, ווײַל זי האָט דאָך אויף זיך גענומען נאָך אַן עול אויפֿן קאָפּ, באַדינען און באַוואַשן דעם לערער, ווען זי האָט געשטעלט אַ באַדינג צו לערנען מיט די קינדער, אָבער נישט, פאַרדינגט זי נישט דאָס צימער. זאָל ער איר פּשוט אָפּזאָגן? איז שיין אַזוי? איז אָפּנאַרן בעסער? מאָראַלישער? ער האָט זיך נישט געקענט קיין עצה געבן. ענדלעך האָט ער געזאָגט:

— מאַמעניו, מיר פאַרשטייען זיך דאָך אויפֿן וווּנק, וואָס טויג אַ סך טענהן. איך וועל אַזוי טון און דו וועסט מיר אַזוי צוהעלפֿן, אַז דער מאַטע זאָל נישט מיטאַמאָל געוווירן ווערן פון מײַנע אָפּנויגן פֿון זײַן דרך, מיר וועלן עס מאַכן אַזוי, אַז ס'זאָל נישט קומען צו אַ גרויסן בראָך.

די מאַמע האָט אויף משהלען געקוקט מיט באַוווּנדערונג און מיט מורא, און געענטפֿערט אַ האַרטע נוס דער מאַטע דײַנער. ער איז אַ נוקם ונוטר, נאָר, אַ ברירה האָב איך? שווער איז דאָס לעבן, וואָס איז פאַר־משעפּעט צו אַלטע סלופּעס!

— איך גיי אַ ביסל אַרויס, — האָט משהלע געזאָגט צו דער מו־טער. זיי נישט אַזוי פאַרדאַגהט, דאָס לעבן איז שטאַרקער פֿון אײַזן, און אַלץ וועט זיך גיין אויף זײַן גאַטירלעכן וועג. ביידע שמייכלען באַ־געגענען זיך, ער גייט מיט שטילע טריט אַוועק.

# קאַפּיטל XVIII

אויפן הויף איז שוין לאַנג געשטאַנען דער שניידער, דער באַלעבאָס, מיטן קעסטעלע פאַרזשאַווערטע און אויסגעקרוממטע צוועקעס, וואָס האָט זיך קיינמאָל נישט אויסגעלײדיקט, פון וועלכן ער האָט מזכה געווען די פאַרפוילטע און קרומע ברעטלעך, וואָס האָבן געדינט פאַר אַ פּלויט צווישן זיין באַלעבאַטישקייט פון יענער זייט און פון דער זייט פּלויט. דאָס אייניקל זיינס, אליהו, אַ סטודענט שוין, וואָס איז אַהיים געקומען אויף דער פּסח־וואַקאַנס, העלפט אים צו, לאָזט אים נישט אַרויף גיין אויף דער לייטער, וואָס איז צוגעשפּאַרט צום דאַך, צו וועלכן דער אַלטער האָט זיך געלאָזט. אליהו, איז געשווינד אַרויף אויפן דאַך און האָט צוגעקלאַפּט די עטלעכע שינדל, וואָס האָבן דאָרט געפעלט.

— איצט וועט זיך שוין נישט פאַרקילן דאָס קעלבעלע וואָס איז ערשט געבוירן, דער רעגן וועט עס שוין נישט מער וואַשן.

דער אַלטער שניידער, ביי וועלכן מ'האָט זעלטן געזען אַ שמייכל, האָט אים געדאַנקט און באַלד זיך ווייטער גענומען צו זיין אַרבעט.

— וואָס טוט שמעון — האָט משהלע געפרעגט — האָט ער מיר עפּעס באַפוילן? און וויאַזוי גייט דאָרט ביי אייך די אַרבעט?

— שמעונען האָט מען אַרויסגעוואָרפן פון דער פאַקולטעט. ער איז זייער פאַראומערט, ער לאָזט זיך אָבער נישט, און אַרבעט טאָג און נאַכט. ביי־טאָג אין פאַבריק און ביינאַכט לערנט ער און גייט אום מיט פאַרשי־דענע שליחותן. דיר האָט ער געשיקט עטלעכע בראָשורן, וועלכע כ'וועל דיר איבערגעבן. זאָלסט אָבער צו מיר נישט קומען, ווען די מאַמע מיינע איז אינדערהיים, ווייל ווי דו ווייסט, לאָזט זי מיך נישט טון קיין שום

ארבעט. זי זאָגט, אז מיך דארף גאָרנישט אָנגיין, ווי נאָך מיינע קורסן, שפּעטער, זאָגט זי, ווען דו וועסט ענדיקן, וועסטו שוין זען, וואָס דו האָסט צו טון.

אוירעל, דער בלינדער, וואָס שפּילט דאָ די ראָל פונעם לייטישן און צומאָל טאקע אויך דעם גוטן ברודער, איז אין דער פאקולטעט א גוטער כלב. לערנען, ווי דו ווייסט, לערנט ער ווייניק, און קען ווייניק, ער איז אָבער דאָרט גוט אָנגעזען, מחמת ער איז טעטיק אין די קוזיסטישע רייען. די רעכטע פּראָפעסאָרן האלטן פון אים. ער האָט שוין אויסגעלערנט די מלאָכה פון קאטעווען. נאָר נישקשה! ער האָט גענוג געלייזט. זיי האָבן די העזה צו קומען אין די ארבעטער-רייען, אין די פאבריקן, כלומרשט זיי מדריך זיין אויף דעם „פּאטריאָטישן" וועג. די ארבעטער אָבער, ווייסן מיט וועמען זיי האָבן צו טון און מ'איז זיי מכבד, ווי עס געהער צו זיין.

— ס'וואָלט כדאי געווען, אז די חברים אונדזערע, זאָלן זיך צונויף קומען אין די דאָזיקע וואקאנס-טעג. מ'איז אזוי אָפּגעריסן. קיינער פון אונדז איז נישט בכוח צו ענטפערן אויף די פראגעס, וואָס שטייען אויף דער טאָג-אָרדענונג — מיט פעסטקייט, מיט איבערצייגונג. ס'הערשט א נישט-זיכערקייט צווישן די טאָן-געבער. ס'נויטיקט זיך אויפקלערונג. מיר דארפן אויסנוצן די פרייע טעג און מער אינפאָרמירן אונדזערע מענטשן.

אָט זענען דאָ נישט לאנג אראָפּגעקומען דעלעגאציעס פון בוקארעשט און פון יאס, „אויפקלערן" די מאסע, אז קיין אנדערער וועג איז נישט פאראן, כדי בייצושטיין דער אנטיסעמיטישער כוואליע, ווי זיך פארמאכן אין אייגענעם געטאָ. און עס האלטן אין איין קומען פארשידענע דעלעגא-ציעס, אזעלכע וואָס ווילן באלעבאטעווען; אויף די רעליגיעז-געשטימטע, אויף די פרייערע, אויף ארבעטער און באלמעלאָכעס, איבערהויפּט אויף דער יוגנט. ס'איז א מישמאש אין די קעפּ. און אָט די דעלעגאציעס, אין וועלכע ס'נעמען אָנטייל אויך זייער טאלענטירטע מענטשן, — אָבער פארקויפטע, — פריידיקן, שרייבן, אגיטירן פאר נאציאָנאלער איזאָלאציע דאָס געשעעט אויף דער יידישער גאס. אויף דער נישט-יידישער גאס, גייט דער קאמף אויך לערך אויף דעם וועג, דער וועג פון נאציאָנאלע איזאָלאציע, היטן זיך פון דער „צעשטערערישער" קאָמוניסטישער לערע, קעגן דער ווירקונג פון די פאָרגעשריטענע געדאנקען. אויך דאָ האָבן אָנגעהויבן צו ארבעטן די פארשידענע נאציאָנאליסטישע קלובן. אלע ווילן פארכאַפּן דעם נישט אויפגעקלערטן מענטש.

שבת נאָכמיטאָג, באַלד נאָכן שלאָף, האָבן זיך די שטאָט־באַלעבאַ־טים געאײַלט אין שול אַרײַן, הערן די דרשות, מיט וועלכע די בוקאַרעשטער „דאָקטוירים אין הלכות פּאָליטיקע" און יאָסער סתם „לײַטישע ײדן" זענען געקומען מזכה זײַן „די פינצטערע מאַסע, וואָס ווייסט גאָר גאָר־נישט".

באַלד איז די שול געווען פֿול. דער שטאָט־עושר, דאָס „ציגענע בערדל", איז געזעסן אויף זײַן שטאָט אין מזרח־וואַנט, נאָענט צום אָרון־קודש; לעבן אים, די חשובע געסט. ער האָט אָנגעהויבן צו געבן לשון:
— רבותי! — האָט ער געזאָגט — מיר האָבן הײַנט דעם כבוד צו האָבן צווישן אונדז אַזעלכע פּערזענלעכקײטן, דאָקטוירים, ײדן מיט ײדישע הערצער, וואָס ס'טוט זיי וויי, וואָס ײדן זענען נישט אחדות. זיי ווילן, אַז אַלע, אָן אונטערשיד פֿון אָרעם און רײַך, זאָלן הערן דאָס קול פֿון דער צײַט און מאַכן יד־אחת, כדי בײַצוקומען די שונאי־ציון. און דער עיקר, די הולטײַעס, וואָס האָבן אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ און ווילן פֿאַרפֿירן די כנסת־ישראל אויף אַ פֿרעמדן וועג, אַ נישט־ײדישן. זיי, וועלכע האָבן די עזה צו רעדן וועגן זייערע אינטערעסן און נישט פֿאַר די אינטערעסן פֿונעם כלל, דאַרפֿן דאָ געשטעמפּלט ווערן פֿון די חשובע געסט, וועלכע קענען און ווייסן אַלע שמערצן פֿון אונדזער אומה. זיי וועלן אויפֿוועקן דאָס פּינטעלע ײד, וועלכע די נישט באַהאַוונטע ווילן עס פֿאַרשוועכן".
דאָס אַלץ האָט ער געזאָגט אַזוי געשווינד, אַז מ'האָט אים קוים געקאָנט פֿאַרשטיין.

— „איך וועל נישט מאַריך זײַן — האָט ער געשלאָסן — און וועל איבערגעבן דאָס וואָרט דעם דאָקטער מאַנפֿרעד רײַפֿער.
— וועמענס פֿערד?
— וואָס פֿאַר אַ פֿערד?
— צו וואָס פֿערד?
— אַרוים מיט די פֿערד! האָבן זיך געהערט קולות, וואָס זענען געקומען פֿון די הינטערשטע רייען.
דאָס „ציגענע בערדל" האָט אָנגעהויבן צו טאַנצן...
— סטײַטש, היתכן? איז נאָך אַזעלכעס געהערט געוואָרן? מ'זאָל באַלײדיקן אַזעלכע חשובע געסט, אַזעלכע דאָקטוירים, אַזעלכע גדולים וואָס שמן אין לאַנד?

די ווערטער, וואָס דאָס ציגענע בערדל האָט געזאָגט, האָבן קוים געהערט אפילו די גאַנץ נאָענטע. דער עולם האָט אויפגעהויבן א טומל. ס'איז געוואָרן איין געשריי דאָס גאַנצע בית-מדרש.

שלום גריידינגערס עלנבויגנס האָבן זיך געמאַכט פלאַץ. ער האָט באַלד אָנגעהויבן צו שיטן מיט ווערטער, וועלכע נאָר ער אליין האָט פאַרשטאַנען, זיין פּנים. איז געוואָרן געל, ער האָט געזוכט די דאָזיקע שקצים, וואָס לאָזן נישט הערן די געערטע לייט. זיינע קולעקעס זענען געווען גרייט, אַראָפּצופאַלן אויף דעם סטודענט, ארום וועלכן ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער שטורעם.

ער איז אויף א מאָמענט שטיין געבליבן... ער האָט דערזען דעם סטודענט, זייער א קרוב, ס'האָט זיך אים געביטן דאָס פּנים, ער איז רויט געוואָרן. געשריגן: — דו! דערויף האָב איך מיך נישט געריכט! דו, צווישן די ליידאַקעס, צווישן די כאַלאַדראַנצן? נאָר צוליב דיין מאַמען וועל איך דיך שאַנעווען און נישט מכבד זיין מיט קלעפּ, וואָס דו האָסט ערלעך פאַרדינט. טראָג דיך אָפּ פון דאַנען!

— אוועק!

— פאַרקויפטער!

— לאַטרינען-עקספּלואַטאַטאָר!

— אויפגעקומענער עושר!

— פאַרעטער!

אזעלכע אויסרופן האָבן זיך געהערט פון צווישן די, וואָס זענען געשטאַנען ארום דעם סטודענט.

די דרשה, איז אין יענעם שבת מער נישט געהאַלטן געוואָרן. מען האָט זי אָפּגעלייגט.

אויף די גאַסן איז געווען פריילעך, מ'האָט געהאַלטן אין איין דיסקוטירן, דאָס, וואָס ס'איז פּאָרגעקומען אין שול.

פאַרשידענע רעדלעך האָבן זיך געמאַכט און צעפאַלן.

— וואָס איז היינט אזוי פריילעך ביי אייך? האָט געפרעגט מילוצע, דערנענטערנדיק זיך צו א רעדל, אין וועלכן גריידינגער האָט געהאַלטן אין איין אַניטירן: — „האָט איר געהערט אזעלכעס? ביי אונדז אין שטעטל איז נאָך אזעלכעס נישט פּאָרגעקומען!" דערזענדיק דעם פּריץ האָט גריידינגער גיך אַראָפּגעצויגן דעם הוט, קנעכטיש באַגריסט.

— קאָנע מילוצע, האָט גריידינגער געזאָגט, ס'איז שוין געווען א שיינע מעשה. איך וועל אייך שוין דערציילן.

דער פּריץ איז באַלד אַוועק, ער האָט נישט געוואָלט, אַז עמיצער זאָל אים זען, ווי ער חברט זיך מיט „זשידאָנעס."

אוירעל, דער בלינדער און מירטשעא מיט זייער באַנדע, האָבן שפּאַצירט אויפן טראָטואַר, שיקנדיק חוזק־שמייכלען צו די פאַרבייגייער; זיך נאָכגעקרומט די יידן, ווי זיי רעדן — יידיש.

באַלד האָבן זיי דערזען אַז אַפּיש, אין וועלכן מ'האָט מודיע געווען אַז אינעם „אונירעא"-זאַל וועט מען שפּילן יידיש טעאַטער. זיי האָבן אים אָפּגעריסן, ווייטער געשפּעט און געחוזקט.

סרול, שמעונס ברודער, מיט זיין חברה־העקער און רייטער האָבן זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן. זיי זענען צו, צו דעם פּרימאַרס זונדל, אים אָנגעכאַפּט ביים גאָרגל, אויסגעשטשירעט די ציין: — „דיין טאַטן זאָלסטו נאָכקרומען!" — ס'איז געוואָרן אַ געשלעג. דעם פּרימאַרס זונדל, מירטשעא, האָט געכאַפּט יענע קלעפּ.

דעם אַנדערן טאָג איז די פּאָליציע באַפאַלן סרולס היים מ'האָט קיינעם און גאָרנישט געטראָפן. אין קלוב, אין די קאַפעהייזער האָט מען געהאַלטן אין איין דיסקוטירן די געשעענישן.

— ס'איז צו אַ גרויסע חוצפּה, אַז „זשידאַנעס" זאָלן וואַגן אָנצוּרירן אַ רומענער, אַפילו ווען זיי זענען גערעכט, האָט זיך אָנגערופן סימיאָן, אַ פּויער, וואָס איז געווען אָנגעטון האַלב פּויער, האַלב שטאָטמאַן. באַלד האָט דומיטריו, אַ מייסטער פון די באַן־אַטעליערן, צוגעגעבן: — עפּעס האָבן זיי צופיל אויפגעהויבן די קעפּ; אין די אַטעליערן איז אויך נישט רויק. מ'לאָזט נישט רוען די אַרבעטער, מ'פאַרקלאַפּט זיי די קעפּ מיט פאַרשידענע טעאָריעס. דער עיקר: מ'העצט פאַר אַן אַלגעמיינעם שטרייק. ס'איז שוין די העכסטע צייט, אַז די ליבעראַלע פּאַרטיי און דער אינערן־מיניסטער זאָלן זיך אַריינמישן, טאָמער נישט באַלד, וועט זיין צו שפּעט.

ער האָט געקוקט אויף מילוצען. ער האָט געוואָלט זען, וואָס פאַר אַ רושם זיינע ווערטער האָבן געמאַכט אויפן פּריץ.

ס'האָט זיך פאַרשפּרייט אַ מוטנער שמייכל אויף דער געלער אויסגעצויגענער הויט פונעם פּריץ.

דומיטריו, האָט געזען, אַז ס'איז אַ שעת־הכושר, האָט ער באַלד פאַרגעשטעלט סימיאָנען:

— אָט דער, וועט אונדז אַ סך העלפן אין דער אַרבעט. ראשית, איז ער אַ פּויער, והשנית, איז ער אַן אויסגעפּרוווטער, דריטנס, קען ער

שרייבן און האָט אויך א חיתוך-הדיבור. ער איז א פּראקטישער מענטש ער וויל דערגרייכן; אויפקומען, זיך קאָנען בויען א הייזל, זיך פאַרשאַפן ערד און באַלעבאַטישקייט, ווי עס געהער צו זיין. דומיטריו ווארט נישט אויף קיין ענטפער און רעדט ווייטער: דער סאקעלאַריע דאַרף אויך אריינ-געצויגן ווערן אין דער ארבעט. ער איז א שוסטער, האָט א גוט פּה-קדו-של, א שיינער יונג און נעמט אויס ביים פּראָסטן עולם, ער איז נישט קיין שיכור, ער וויל מאַכן קאַריערע ס'אינטערעסירט אים נישט, צי ער וועט געפעלן אָדער נישט זיין קלאס, ער וויל אויפקומען און אויפקומען. קאָאנע, זעט איר, איך וואָלט נאָר זיי ביידע פאָרגעשלאָגן פאר אזשוטאָר דע פּרימארן[1] דער עולם וועט גאָרנישט קאָנען זאָגן. דער איז א פּויער און דער אנדערער א שוסטער. וואָס דאַרף מען מער?

מילוצע, איז געווען איבערגליקלעך. ער האָט אויך נישט אנדערש געטראכט. ס'האָט אים אָבער נישט געפּאסט, אז ער זאָל דאָס פאָרשלאָגן, ער האָט דאָך געהאט אזויפיל אָפּנעמער אויף די צוויי הויפּטפּאָסטנס, און האָט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן.

— איך בין מיט דיר מסכים דומיטריו! דו ביסט קלוג ווי דיין ברודער מיכאי. ווער, מיינסטו, קומט אויפן פּאָסטן פון פּרעפעקט? טאקע ער, דער ברודער דיינער, וואָס איז אויך אזוי רויט ווי דו, נאָר ער האָט נישט אזא אויסגעפּרעסענעם קארק ווי דו. און דיך אליין וועלן מיר אויך אין זינען האָבן. זאָלסט נאָר שטענדיק זיין אויף דער וואך און אונדז מודיע זיין, וואָס ס'טוט זיך ביי אייך, אין די אטעליערן. און דער עיקר זען וואָס מער איינפלוסרייכע ארבעטער און דער עיקר מייסטערס אָפּרייסן און אריינברענגען אין אונדזערע רייען. דאָרט, אין זייערע רייען, וועלן זיי קיינמאָל גאָרנישט דערגרייכן!!

דומיטריום אויגן האָבן געברענט, ער איז פול געוואָרן מיט הנאָה. אויף דערויף האָט ער אזויפיל צייט געוואַרט, צו דערלעבן, צו הערן טאקע פונעם אָנפירער פון דער ליבעראַלער פּארטיי, אזעלכע טייערע ווערטער. אויב זיי וועלן געהאלטן ווערן, וועט דאָס טאקע הייסן: אויפריכטונג, אויפקום, אלץ...

מיט גרויס הנאָה האָט ער זיך געזעגנט פאַרן פּריץ. זיין פעסטער האַלדז-און-נאַקן האָבן אים אָבער נישט דערלויבט, אז דער קאָפּ זיינער זאָל דערגרייכן די ערד.

---

[1] געהילפן פון בירגער־מייסטער.

סימיאָן פלעגט צו מאָל שפּילן א „טאָטש" אין דאָרף זייגעם, אין די פאַנטאַנעלעס. אָבער שפּילן אזוי, ווי מ'שפּילט דאָ אין קלוב האָט ער קיינמאָל נישט. בערעלע, האָט באלד דערשמעקט, אז דער דאָזיקער וועט ווערן אזשוטאָר דע פּרימאַר, און, אז ס'קאָרטעט אים צו דערגיין די שפּילן, וואָס ווערן געשפּילט אין קלוב. אז ער וויל זיך מענטשלען.

— „פּאָקער" וויל איך נישט שפּילן, נאָר אים פאַרשטיין, וואָלט איך געוואָלט, האָט געזאָגט סימיאָן צו בערעלען.

בערעלע האָט אים באלד געענטפערט:

— זיכער! ס'איז נאָך נישט פאַר אייך דער „פּאָקער-שפּיל", איך וועל אייך אויסלערנען צו שפּילן ווי ס'געהער צו זיין א „טאַבינעט", א „דערדל" און דער עיקר א „פּיקעט".

— נישט מיטאַמאָל! האָט דער מיטן העמד איבער די הויזן און מיטן שוואַרצן וועסטל געזאָגט.

— אוודאי, פאַרלאָזט אייך אויף מיר.

— נישט אזוי האַלט מען די קאָרטן! האָט דומיטריו צו סימיאָנען געזאָגט, און בשעת מעשה טאַקע זיי אים סאָרטירט און צונויפגענומען סימיאָנס פינגער, וואָס זענען געשטאַנען ווייט איינער פונעם אַנדערן. אָט אזוי, קאַליקע. וואָס מיינסטו וואָס, אז דאָס איז דער היי-גאָפּל, אָדער די קאָסע?

סימיאָן האָט געקוקט אויף אים, א ביסל באַליידיקט און א ביסל פאַרשעמט, ער האָט זיך אָבער אָנגענומען מיט מוט און געזאָגט:

— נישקשה כ'שעם זיך נישט, נישט מיט דער קאָסע און נישט מיטן היי-גאָפּל, זיי זיכער, אז כ'וועל די תורה גיך אויסלערנען. ווייסט גאַנץ גוט, אז שרייבן און לערנען קאָן איך בעסער פון דיר, וואָס האַלטסט זיך פאַר א גאַנצן וויסער.

כ'האָב דיך נישט געוואָלט באַליידיקן חס-ושלום, האָט דומיטריו ליבלעך צו אים געזאָגט. אזוי איז מען זיך נוהג דאָ אין קלוב, מ'זוכט איינס ס'אַנדערע צו טאַקיגירן, אַרויסווייזן די קענטעניש און דער עיקר מ'זאָל זיך צוגעוווינען צו דיסקוסיעס און זאַפּאָרטיקע, שלאָגפאַרטיקע ענטפערס. ווייסט נישט, דאָס איז דאָך ערב-פּאַרלאַמענט?

דער פּויער האָט צו אים געשמייכלט, דאָס האָט געהייסן, אז ער איז אים אויף דער העלפט מוחל.

— דער רעגן האָט מיך דורכגעווייקט, האָט גריידינגער אַריינקומענדיק געזאָגט דומיטריון. אים אַוועקגערופן (גערעדט ווי צו זיך), כ'האָב

הײנט געהאַרפּט איבערגעבן די באַראַקעס. ס׳איז מיר הײנט גאָרנישט גוט געגאַנגען. כ׳װײס נישט, װו מײן קאָפּ איז געװען, כ׳האָב אפילו דעם שי־רעם און רעגנמאַנטל נישט גענומען, כ׳בין אַזוי געפלױגן. ס׳האָט זיך מיר אױסגעװיזן, אַז ס׳װעט גײן װי שטענדיק, אײנס צװײ און פאַרטיק. בײם איבערגעבן, האָב איך אָנגעטראָפן אױפן אמתן כלב... ער װיל גאָר אַזױ װי ס׳שטײט געשריבן אין דעם „קאָיעט דע פאַרטשינגע[1]": די ברעטער זאָלן זײן פון ערשטער קאַטעגאָריע, די סלופּעס, די בלעך, די זאַװיסעס און דער עיקר, אַלץ זאָל זײן װי ס׳געהער צו זײן. כ׳װעל דיר זאָגן דעם אמת, כ׳האָב הײנט געהאַט גרױס עגמת-נפש. ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן, כ׳האָב אים געמאַכט סמנים, אים געגעבן אָנצוהערן, אַז ר׳זאָל נישט זײן קײן גולם, אַז כ׳װעל אים צופרידנשטעלן, גאָר גײ שרײ חי וקים, אומזיסט! דאָס איז עפּעס אַ נײער, ערשט אַראָפּגעקומענער. כ׳װײס, אַז ביז ענדע װעל איך מיט אים דורכקומען. אָבער אינדערװײל געפעלט מיר נישט דער עסק.

— דו, דומיטריו, דו האָסט דאָך מיט מיר געאַרבעט צוזאַמען, האָב איך נישט געהאַלטן װאָרט, אַז כ׳האָב עפּעס צוגעזאָגט? האָט עמע־צער מיר עפּעס פאַרצװאָרפן?

— לאָז, קאָאַנע מױסע! האָט צו אים געמאַכט דומיטריו, איך װעל אים שױן אַראַנזשירן. כ׳קען אים, ער איז פון יענע לײט, פון די, װאָס אַניטירן װעגן שטרײקן, סינדיקאַטן, שמינדיקאַטן. כ׳װעל אים שױן שטעלן צום צעטל, קאָאַנע מױסע, כ׳האָב אַ פאָרשלאַג, לאָמיר אַריבער גײן צו סאַלאָמאָן שטערן, נעמען אַ שפּריץ, עפּעס פאַרבײסעכץ און נעמט אײך נישט צום האַרץ.

— אַז דו זאָגסט אַזױ! — און מ׳איז געגאַנגען.

אין קרעטשמע זענען געזעסן ליפּאָװאַנעס[2], מיט ברײטע בערד, אין הױלע קעפּ, מיט צעבראָכטעטע, געקעסטלטע רױטע העמדער. אױפן טיש זענען געלעגן: פּעק מיט הערינג, געשטאַנען גרינע גלעזער, פולע און לײדי־קע װײן-פלעשער. לעבן זײ זענען געזעסן אָדער געשטאַנען, יונגע און על־טערע ליפּאָװאַנקעס, אָנגעטאָן אין ברײטע ציטענע, געפאַלדעװעטע קלײ־דער, כמעט אַלע מיט שירצן, די לופּט אין געװען טונקל און רױכיק; אַ שװערער, זױערער ריח האָט זיך אױסגעמישט מיט דעם רױך, װאָס האָט

---

1 פאַרפליכטונגס-בױגן.

2 קאַצאַפּעס.

געלאָזט הערן, אז די העקערס זענען דאָ, און, אז אויף די קוילן, בראָטן זיך כל־טוב: גראשיצעס, לעבער, אנטרעקאָטן, מושקן, געהירן.

שטערן האָט געהאט גוטן ווײן. די ליפּאָוואנעס זענען געווען גע־טרײע קונים. שטענדיק, ווען זײ האָבן פארקויפט זײערע סחורות, בוראקעס און פלאקס, פלעגן זײ קומען אהער און זיך לאָזן ווױלגײן. זײערע ניגונים האָבן זיך געהערט אויסער דער קרעטשמע, ביז אויף דער צווײטער גאס. אין קרעטשמע שמועסט מען נישט, אז עפּעס אנדערש האָט מען נישט געהערט.

די פּריצים און מלוכה־באאמטן פלעגן דאָ האָבן זײער מקום־מנוחה אין א באזונדער צימער. אהין זענען ארײנגעקומען מויסע און דומיטריו.

— א! גוט וואָס איר זענט געקומען. כ'זאָג אײך דעם אמת, אז אזא גלעזל ווײן איז אין ערגעץ נישט צו קריגן, האָט מיט א שווערער צונג געזאָגט כינקו. ס'איז אזוינס ווי אזעלעכס!

כינקו, איז געווען א ריזיקער, א הויכער און א ברײטבײנערדיקער פּארשוין. זײנע הויזן האָבן באקומען א קײלעכדיקן און שפּיציקן אויסזע. דער מאָגן זײנער איז געווען א בכבודיקער, א כלי־קיבול. בײזע צינגער זאָגן, אז ער האָט אין זיך געקאָנט ארײנגיסן א פינף־זעקס ליטער ווײן. איבערהויפּט ווען ער האָט געהאט פאר א פּארטנער אברהם ציגײנער. שמועסט מען נישט, אז דער פארבײס, האָט נישט באטראָפן ווײניקער פון א דעקא ווײן און אז דאָס גאנצע געבראָטנס איז אנטרינען געוואָרן.

— יאָ, כ'זאָל נישט פארגעסן. דו, מויסע, ס'איז דיר אָנגעקומען געלט און א פראכט צו מיר אין באנק. איך זאָג בטבע נישט אזעלכע זאכן אין קרעטשמע, דו ביסט אָבער אברהם ציגײנערס גוטער ברודער, האָב איך דיר געזאָגט. די ווערטער האָט ער זײער שווער ארויסגעזאָגט, ווײל די צונג איז אים א ביסל געלעגן אין קימפּעט. ער האָט זיך אָבער געמענטשט. קײנמאָל נישט פארגעסן, אז ער איז א דירעקטאָר פון א באנק און דארף זיך פירן אָנשטענדיק. ער פלעגט ארויפקומען אין שטעטל יעדן טאָג, ווי אז ערלעכער ייד גײט דאווענען.

— וואָס ביסטו אזוי אָנגעכמורעט? — האָט אברהם ציגײנער דעם געוועזענעם סטאָליער געפרעגט. ער האָט אים באלד אָנגעגאָסן א כוס. כינקו, האָט געבעטן דימיטריון ער זאָל זיך זעצן און אויך פארזוכן פונעם אמתדיקן גלעזל משקה. מען האָט אָנגעקלאפּט די גלעזלעך.

לעבן די שטאַם־געסט: כינקו, אברהם ציגײנער, פלעגן ארײן קומען אין דער קרעטשמע דער שעף פון דער פּאָליצײ, די יונגע אדוואָקאטן,

בקיצור די סמעטענע פונעם שטעטל.

גריידינגער, האָט באלד באשטעלט עטלעכע ליטער וויין, צוויי גארני-טורן געבראָטנס און איז ווייטער זיך געזעסן צוגעלייגט.

— וואָס איז געשען, די שיפן זעגען דיר אונטערגעגאנגען? די פרנסה איז נישט אזוי פוילגלדיק? כ'מיין, אז דו האָסט זיך נישט אויף וואָס צו באקלאָגן. א דירה האָסטו דיר געמאכט א גאנץ לייטישע, די קינדער דיינע האָב איך געזען פריִער און מונטער, וואָס איז? און דער צי-גיינער האָט אים געגעבן א גוטברודערישן קלאפּ אין דער פּלייצע, צוגע-בויגן זיך צו אים און געקוקט אים גלייך אין די אויגן.

דומיטריו, האָט ארויסגענומען דאָס ווייסע טיכל, זיך אָנגעהויבן ווישן דעם שווייס, וואָס האָט אָנגעהויבן קאפּען פון אים.

— קענסט אים נישט! ער דערציילט נישט. איך ווייס אָבער, וואָס מיט אים איז געשען: ס'איז אראָפּגעקומען צו אונדז א נייער באאמטער פון יאס, ווען מ'האָט געשיקט ער זאָל איבערנעמען די ארבעטן, וועל-כע ווערן געליפערט די אמעליערן. איז דאָס א פארשטאָפּטער קאָפּ, נאָר דולן קאָן ער. דאָס וואָלט מיך נישט אזוי געארט. ער איז אָבער א קרי-כער, ער קריכט צווישן די ארבעטער, שושקעט זיך שטענדיק מיט די ארבעטער, מאניפעסטן און בראָשורן האָבן זיך געמערט זינט ער איז אראָפּ געקומען. ס'דאכט זיך אים, אז קיינער באמערקט נישט, ווי ער האלט אין איין בונטעווען די ארבעטער. אָט דער וויל ווערן א גאנצער מאכער. ער וויל כלומרשט היטן דאָס פארמעגן פון דער מלוכה. ער איז א פאטריאָט! ער האָט זיך גוט אָנגעפרעגט, ער מיינט, אז מיר שלאָפן, און ער וועט טון, וואָס ס'וועט זיך אים גלוסטן. כ'האָב שוין צוגעגרייט, מענטשן מ'זאָל אים היטן די נשמה.

דעם פּאָליציים אויערן זענען אויסגעשפּיצט געוואָרן. זיינע קיילעכי-קע פולע באקן האָבן געגלאנצט. ער האָט געהאלטן אין איין ציען פונעם לעדערנעם ציגאר. זיינע טרפהנע אייגעלעך האָבן זיך באהאלטן אונטער די הויט-דעקלעך. ווען דער עולם איז געווען פארנומען מיטן אָנקלאפּן די גלעזער, ווי דער מנהג איז, האָט ער געגעבן א ווונק צו דומיטריון. יענער האָט פארשטאנען, וואָס דאָס הייסט. ער זאָל קומען נאָך מיטאָג, ווען קיינער איז נישטאָ אין אמט. און אלץ וועט זיין אין דער בעסטער אָרדע-נונג. דומיטריו האָט צו אים העפלעך געשמייכלט. זיין בהמהשע צורה איז פול געוואָרן מיט חזירישער הנאָה.

די סעודה האָט זיך געענדיקט. כינקו, האָט זיך גענומען דעם ברייטן שווארצן קאפעליטש. שטערן האָט געבראַכט דעם חשבון, זיך געזעגנט און געביקט, געזוכט ארויסוויייזן א שמייכל, עס איז אים אָבער נישט געלונגען, ווייל ס'האָט אים געטאַטשעט דער וואָרעם... ער דארף היינט דעקן וועקסלען, טאקע אין כינקוס באנק אויך. ער ווייסט נישט, פון וואַנען נעמט מען און ווי מען גיט זיך אן עצה.

אברהם ציגיינער, האָט באלד פארשטאנען שטערנען, ווייל ס'איז נישט דאָס ערשטע מאָל.

— וויפל דארפסטו, סאָלאָמאָן? האָט דער ציגיינער אים געפרעגט.

— 10.000 ליי, פינף נאָר פאר קאָנו כינקוס באנק, און דאָס איבעריקע דארף איך היינט באצאָלן דעם קאָנו מילוצע.

— קאָאנע כינקו! — האָט זיך אברהם ציגיינער געווענדט צו כינקון פארשיבט די צאָלונג וואָס דער זשופין סאָלאָמאָן דארף היינט צאָלן.

כינקו, האָט געגעבן א געפגרטן שמייכל, וואָס האָט געהייסן, גו יאָ, וואָס וועט דערפון ארויסקומען?

— ס'וועט זיין אין אָרדענונג, האָט דער חנוודיקער ציגיינער צוגעגעבן. סאָלאָמאָן האָט א ביסל לייכטער אָפּגעאָטעמט.

אויפן וועג, ווענדט זיך דומיטריו צו גריידינגערן.

— נו, ווי געפעלט דיר, כ'האָט שוין צוגעגרייט דעם דרך. ער וועט שוין האָבן א וויסטן סוף, דער וואָס דערקוטשעט דיר, דער קוילער דיינער. יאָ, כ'האָב דיר פארגעסן צו זאָגן, אראָפּלאָזנדיק די בליקן און ווישנדיק זיך דעם רויטן קארק. דעם שטערן, האָט ער געקלאפט מיט דעם נאָסן טיכל, און גלייך ווי ער האָט זיך אין עפּעס דערמאָנט, זיך אָנגעשטרענגט צו קוקן גריידינגערן אין פנים. ענדלעך געזאָגט: די שינדל מיט די צוועקעס, וואָס דו האָסט מיר געשיקט פארן שייער, ווי אויך די עטלעכע טכויערלעך זענען נישט געווען קיין איי, איי, איי! כ'מאך דיר, חלילה נישט קיין פאָרוואורף. ווי זאָגט מען ביי אונדז א ווערטל: „אז מ'שענקט דיר א מתנה א פערד, עקזאמיניר אים נישט די ציין". נאָר דאָס מאָל וועל איך דיר בעטן, חבריש, אז די בלעך און די פארב, וואָס כ'דארף האָבן פארן דאך, זאָלן נישט זיין פון קיין שלעכטן סאָרט. פארגעס נישט, אז איך בין נישט קיין מלוכה-אינסטיטוציע... און האָט זיך צעלאכט.

ווען גריידירגער איז אהיים געקומען, האָט אים זיין ווייב, פאולינא, צוגעטראָגן די טעלעגראמע וואָס איז ערשט נישט לאנג אָנגעקומען:

„קומט תיכף, מיטן ערשטן צוג, קיין יאס! איליע קאָזשאָקארו".

— ס'איז שוין ווידער א צרה! האָט גריידינגער געזאָגט. דער כלב וויל מיך אוודאי אויסנוצן. צו אים קומען אָן די אלע רעקלאמאציעס וועגן די ארבעטן פון דער אייזנבאן. ס'איז זיכער אים שוין ארייננעפאלן די רעקלאמאציע פון דעם טפש יאָרדאקעסקו. וויפל כ'האָב זיך נישט גע-פרווט, כ'זאָל אים ארייגלייגן אין דער לאפע, ס'האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן, ער האָט זיך זיינס געטון. כ'וועל צוגיין צום קאָנו מילוצע און אים ווייזן, וואָס פארא צרות ס'טוט מיר אָן דער יאָרדאקעסקו, דער באָל-שעוויק. דאָס וואָלט נאָך גאָרנישט געווען, וויל פון דעם וואסילעסקו! וועל איך באלד פטור ווערן, כ'האָב שוין אראנזשירט היינט אין קרעטשמע. אָבער וואָס טוט מען מיט דעם גזלן, מיט דעם קאָזשאָקארון? כ'וועל דארפן אָפגיין דאָרט מיט א שטיק בלוט! צוריק שמועסנדיק וואָלט עס מיך נישט געארט אזוי שטארק. וואָס טוט מען אָבער, אז ער פירט מיך אין באָד אריין... נעמט די מנה-יפה און טוט זיך זיינס, וויאזוי ס'האָט זיך שוין נישט איינמאָל געטראָפן! נישט איינעם האָט ער ארייננעלייגט אין קרימינאל אריין! נאָר דער קאָנו מילוצע קאָן זיך מיט אים אן עצה געבן כ'וועל אים טאקע זאָגן, אז ס'ליגט אין א סכנה דאָס געלט, וואָס ער האָט מיר אויסגעליגן. דאָס וועט אים נישט לאָזן רוען, און ער, מיט זיינע פארבינדונגען, וועט אים שוין אָנלערנען, ער זאָל זיך מער נישט נאָכגעמען נאָך יעדער נישט-באגרינדעטער רעקלאמאציע. עס איז אים גרינגער געוואָרן אויפן הארץ.

— ס'איבלט מיך! — האָט ער זיך אָנגערופן צו זיין ווייב, וואָס האָט זיך געדרייט ארום אים, און געהאלטן אין איין קוקן אויף אים. זי ווייסט, אז מ'טאָר אים נישט דערצערנען, יעדעם וואָרט וואָלט ארויסגע-בראכט א שטורעם.

— כ'וועל הייסן ווארוואראן, זי זאָל דיר מאכן א שווארצע קאווע — האָט זיך פאולינא אָנגערופן.

— גוט, — האָט דער מאן באשטעטיקט — זיי אזוי גוט און גרייט מיר צו א ביסל וועש און אלץ וואָס איז נויטיק. כ'פאָר אוועק.

— גאָט האָט דיר שוין געהאָלפן א פאָרעכץ! וואָסזשע, מיינסט טא-קע, אז איך בין אזא בהמה און פארשטיי נישט דיינע אָנשטעלן? ערשט נעכטן האָט ציראלע, אן אויסגעפוצטע מיטן ווייסן פוטער, וואָס דו האָסט איר געמאכט, זיך צעלייגט א פוס איבער א פוס אויף מענדלס דראָשקע, געפאָרן ווי א גאנצע גרעפין; אהין, קיין יאס. פאר מיר מאכסטו א פאר-ביטערט און אן אומגליקלעך פנים, די טעלעגרעמע איז אויסגעשטעלט

און געשיקט געוואָרן טאקע פון איר אליין . פון דיין געליבטער, די טייע-רע מעצאָצע, וואָס וואלגערט זיך אוים מיט יעדן, כ'זאָל וויסן, וואָס ס'-זאָל דיך נישט טרעפן... וועסטו היינט נישט פאָרן!

זי האָט געטופעט מיט די פיס און פון אירע אויגן האָבן געשפריצט פונקען, זי האָט אינגאנצן געציטערט. ער האָט אויף איר א שיפן קוק געטון, וואָס האָט באטייט, אז ער וועט שוין מער קיין וואָרט נישט אויס-רעדן און ער וועט זי לאָזן אזוי, זי זאָל זיך קאָכן, ביז צו זיין אומקערן. ער איז צוגעגאנגען צום קאסע-קאסטן, ארויסגענומען פון דאָרט א פאק מיט באנקנאָטן, מיטן טשעק-ביכל, גענומען דעם טאש און איז אוועק, אָן א גוטן טאָג. ארויסקומענדיק, האָט ער א פייף געטאָן און באלד איז שוין געווען א פיאקער לעבן אים.

— צום קאָנו מילוצע, האָט ער באפוילן.

נאָך א האלבער שעה איז ער ארויסגעקומען, באגלייט ביז צו דער טיר פונעם קאָנו מילוצע, וועלכער האָט אים נאָכאמאָל איבערגעחזרט, ער זאָל נישט האָבן קיין שום יסורים, אז נאָך איידער ער וועט אָנקומען קיין יאס, וועט דער ענין שוין דערליידיקט ווערן. — כ'גיב שוין א טעלעפאָן, און אלץ וועט זיין אין דער בעסטער אָרדענונג. גריידינגער האָט זיך צום דריטן מאָל געזעגנט, באגריסט מיטן קאפעליוטש און געפאָרן צו דער באן.

אין צוויי שעה ארום איז ער געווען אין יאס. ווען ער איז אריינגע-קומען אין איליע קאָזשאָקארום ביוראָ, און געפרעגט אויף איליען, האָט אים א שיין, באחנט מיידל, געענטפערט, אז דער שעף איז אוועק, נאָך פון נעכטן אין דער פרעפעקטור און איז נישט מער צוריקגעקומען. דער ענטפער האָט גריידינגערן בארויקט און אויך אויפגערודערט, — „וויים איך, האָט ער זיך געקלערט, ווי א זאך מאכט זיך? עס קאָן זיין, אז דער פריץ מילוצע, האָט אים פארזאָרגט, דאָרט אויף א גוט אָרט... וואָס טוט מען אָבער, אז דער הונט האָט אויך ברייטע פלייצעס און די זאך וועט זיך פארפלאָנטערן נאָך מער? מ'האָט שוין געהערט פון אזעלכע גע-שיכטן... צו וואָס טויג אים אָבער, זיך צו לייגן אליין שטיינער אויפן הארצן? ער וועט בעסער טעלעפאָנירן דעם קאָנו מילוצע און ער וועט שוין וויסן, אויף וואָספארא וועלט ער געפינט זיך" געזאָגט און געטאָן.

— האלאָ, קאָנו מילוצע! דאָ איז גריידינגער. דעם פארשוין האָב איך נישט געטראָפן אין ביוראָ. כ'וויים נישט, וואָס צו קלערן.

— האָב קיין עגמת נפש נישט. ער וועט שוין מער נישט קומען צו זיין אמט. די דעקלאראציע איז אין גוטע הענט. וואָסזשע, איך האָב קיין

וואָרט ניִשט? איך, אז איך זאָג עפּעס צו, איז דערליידיקט! ווען דו וועסט אהיים קומען, וועל איך דיר אלץ דערציילן.

— הארציקן דאנק, קאַאנע מילוצע! כ׳וועל אייך אייביק דאנקבאר זיין. זייט געזונט!

— צום ווידערזען!

גריידינגער האָט א ביסל פריי אָפּגעאָטעמט. באלד איז אים פאָר-געקומען די סצענע פון דער היים. ציראלע איז אים פאָרגעקומען פאר די אויגן. דאָס לעצטע מאָל, ווען ער האָט זיך מיט איר געזען, האָט זי אים גאָרנישט געזאָגט, אז זי וועט פאָרן קיין יאס. פארוואָס? זי האָט עפּעס פאר אים צו באהאלטן? זי האָט דאָך אים נישט נאָר איינמאָל געזאָגט, אז ביי איר זענען קיין סודות נישט פאראן, זאָל דאָס זיין אמת, וואָס זיין פאולינא האָט אים געזאָגט? ס׳איז נישט מעגלעך! ווי גוט וואָלט געווען, ווען זי איז טאקע דאָ, האָט ער ביי זיך געטראכט אפשר האָט זי אים געוואָלט מאכן א סורפּריז? איי, פון וואנען האָט זי געוווסט, אז ער פאָרט קיין יאס? מסתם האָט זי געפרעגט דעם פּאָסט-טרעגער און ער האָט איר אויסגעזאָגט! יאָ! ס׳איז באשטימט אזוי. זי ווינט אקעגן, זיצט אין קליי-טל, און זעט יעדן, וואָס קומט אריין און גייט ארויס פון דער טיר. ווו קאָן ער זי אָבער טרעפן? זי וועט זיך מסתם באווייזן. ער האָט באשלאָסן אריבער צו גיין צום האָטעל „טראיאן". דאָרט וועט ער זיך זיכער באגע-גענען מיט באקאנטע. זי וועט זיך זיכער באווייזן. ארויסגייענדיק פון „קאָנטינענטאל", דערזעט ער, פון דער ווייטנס א באקאנטע דראָשקע. ווער זאָל עס זיין? ער קאָן שווערן, אז ס׳איז וורמבראנד דער גוט באזיצער, דער קארגער. ווען דער איינשפּענער איז נענטער צוגעקומען האָט ער טאקע דערקענט יענעמס געקנייטשטן, רויטן קארק. באלד האָט האָט ער דערזען דאָס קאלטע פּנים, די באקאנטע פענסנע, וואָס האָט געגלאנצט אויף זיין שמאָלן פּנים. דער גוטבאזיצער איז געקומען זיך טרעפן אין האָטעל „טראיאן" מיטן סוחר, וואָס האָט געוואָלט ביי אים אָפּקויפן דעם ווייץ.

— וואָס הערט זיך עפּעס אין שטעטל? — פרעגט וורמבראנד קאלטבלוטיק.

— אלץ איז אין דער בעסטער אָרדענונג. אייער ברודער מאכט עס נישט שלעכט. זיין שטילע באנק גייט זייער גוט. זיין פארמעגן וואקסט פון טאָג צו טאָג.

— און וואָס הערט זיך ביי אייך? — האָט גריידינגער געפרעגט.

— נישט באַזונדערס. דאָס לעבן איז לאַנגווײַליק! איצט איז אין ווײַנגאָרטן אַ ביסל לעבעדיקער. ס'איז געקומען צו גאַסט מײַן פּלימעניצע. זי וועט בײַ מיר פאַרווײַלן ביז ס'וועלן פאַרטיק ווערן אירע טאָאַלעטן, וועלכע זי האָט זיך דאָ באַשטעלט.

מ'האָט אויך געשמועסט וועגן די געשעענישן, וואָס קומען פאָר, ד. ה. די צוגרייטונגען צום שטרייק.

— ס'איז בײַ דער מאַכט אַ שטאַרקע האַנט. — האָט באַמערקט וואָרמבראַנד — ס'וועט זיך זיי אָפּגלוסטן צו מאַכן שטרייקן. אפילו אין דאָרף פילט זיך די האַנט פון די אַניטאַטאָרן, איבערהויפּט צווישן די גאַנץ אָרעמע פּויערים. אַ טייל דאָבן געוואַגט אויפצוהייבן די רידלען קעגן מײַן אויפזעער. ר'האָט זיי אָבער אָנגעלערנט. זיי זענען שוין אין דער פּרעפּעקטור און זיי וועלן האָבן זייער ערלעך אויסקומעניש. אין דאָרף קאָן מען זיי גרינג בײַשטײַן, אין שטאָט אָבער, אין די פאַבריקן איז נישט אויסצוהאַלטן פון זיי. אײַן זאַך הערט מען נאָר: שטרייק, שטרייק, אַרבעטער-ראַטן אין די פאַבריקן, העכערע געהעלטער און נאָך אַ סך אַזעלכע גוטע זאַכן. אַ גליק, וואָס מיר האָבן אויך וועמען זיך צו פאַרלאָזן. דער גענעראַל אַווערסקו האָט אָנגעלערנט די פּויערים אין יאָר 1907, ווען ס'האָט זיך זיי געגלוסט צו מאַכן אַן אויפשטאַנד, ער וועט זיך מיט די אַרבעטער אויך אַן עצה געבן. כ'האָב נישט קיין דאגה!

גרײַדינגער, האָט זיך צוגעהערט מיט קאָפּ צו דעם אַלעמען, וואָס דער פּריץ האָט אים דערציילט. ס'האָט זיך אָבער אים געבאָמבלט אין קאָפּ„ ציראַלע“, „ציראַלע“ וווּ זאָל זי זײַן איצט? ער וואָלט זיך מיט איר, אַזוי גוט פאַרווײַלט, איצט, ווען אויף זײַן האַרץ איז אים אַזוי אָנגעזאָליעט. וואָס זשע, ס'קומט אים נישט? ער טאָר זיך נישט פאַרגינען? ער איז ווייניק איבערגעשטאַנען? אַ קלייניקייט! ביז ער האָט נישט געהערט פון קאָנו מילוצעס מויל אַליין, אַז אַלץ איז דערלייזדיקט, האָט ער גאָרנישט געוווּסט, אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער גייט אַרום.

ער איז געבליבן זיצן אַליין, בײַם טישל, וואָרמבראַנד איז שוין לאַנג אַוועק צו זײַנע געשעפטן.

— וואָס זיצ איך דאָ, ווי אַ גולם? — האָט ער זיך געטראַכט — לאָמיך בעסער אַראָפּגיין זיך דורכשפּאַצירן, אפשר וועל איך זי באַגעגענען.

גייענדיק אַזוי, פּאַמעלעך. האָט ער געזען אין דער אויסלאַגע זייער שיינע און פיינע שטאָפן. ער האָט זיך דערמאַנט, אַז דער פאָטער זײַנער,

דער סטאָליער, האָט אים נישט איינמאָל געבעטן, ער זאָל אים קויפן א מאנטל. ס'איז אָבער דאָ צו טייער. איבריקנס, — האָט ער זיך גע־טראכט — אפשר האָט ער, אינעווייניק, ביליקערע שטאָפן.

— כ'וואָלט געוואָלט קויפן א שטאָף, אזוי, פאר אן עלטערן מענט־שן ווענן א מאנטל. — האָט ער זיך געווענדט צום פארקויפער.

דער פארקויפער האָט אָנגעהויבן אָנצוווארפן פארשידענע שטאָפן. ס'איז אים גאָרנישט געפעלן. דער שטאָף איז צו טייער, דער אנדע־רער איז צו ליכטיק, דער דריטער איז צו אָפּגעבליאקעוועט. דער עיקר, ער האָט נישט געקויפט, טרייסטנדיק זיך, אז ער וועט אים שוין ערגעץ קויפן א ביליקן פארטיקן מאנטל. איי ס'איז טאנדייט מאכט נישט אוים! ער איז שוין אן אלטער, דער טאטע זיינער, און צוריק געשמועסט, וואָסזשע, ס'וועט אים נישט געפעלן! ער וועט זיך שוין איבערבעטן. א ברירה וועט ער האָבן?

אויף דער שוועל, ביים ארויסגאנג, שלאָגט ער זיך אָן אָן צירעלען, וואָס איז געקומען אין איין אָטעם אהער צו קאהאנען, זען דעם נייעם אויסוואל שטאָפן און עכט זיידנווארג, וואָס איז ערשט אָנגעקומען.

גרייידינגערס הארץ האָט האסטיקער אָנגעהויבן קלאפן. ער האָט געוווסט, אז ער וועט מוזן זיך אָנטון א כוח און אראָפּשלינגען. ער קען זי שוין. דאָס פאָריקע מאָל האָט אים נישט געהאָלפן, ער האָט איר גע־מוזט קויפן דאָס בעסטע און שענסטע פוטער. דער רוח האָט זי אָנגע־טראָגן אהער, פונקט צו קאהאנען! דער איז דאָך באקאנט אלס דער טייערסטער סוחר פון יאס. נאָר פארפאלן! ער האָט באשלאָסן זיך אויפ־צופירן ווי א דזשענטלמען, נישט ווי קיין סטאָלעריוק. ציראלעס בלויע אויגן און שמאָל פיסקעלע האָבן זיך פארטיפט אין די פיינע שטאָפן, אין וואונדערבארע, עכט זיידענע סחורות, וואָס דער פארקויפער האָט איר געהאלטן אין איין פאָרלייגן.

— יאָ, דאָס איז זייער שיין ווענן שלאָף־רעק, און דאָס איז הארציק ווענן א שטוב־ראָק. ווענן א מאנטל וואָלט איך געוואָלט אן עכט ענגלישן שטאָף, בעטראוו קאָליר. כ'וועל דיר זאָגן דעם אמת, טייערע, ווען כ'האָב אזעלכן געזען ביי ווורמבראנדס טאָכטער, איז מיר אויסגע־גאנגען די נשמה. זאָג דו, בין איך נישט שענער פון איר? אויף מיין קערפער וועט זיך ערשט ארויסזען די שיינקייט און די פיינקייט פונעם שטאָף. זאָג! וועל איך דיך נישט בדלות שטעלן מיט מיינע אויסטערלישע פארלאנגען? כ'בין זיכער, אז דו וועסט מיר נישט אָפּזאָגן. דו ביסט

דאָך תמיד אזא טייערער און אזא גוטער. ווען כ'וואָלט געוווסט, אז ס'איז דיר שווער, וואָלט איך אפילו נישט געהאַט די העזה דיר פאַר־צושלאָגן. נאָר דער אדוואָקאט טודאָריצע, האָט מיר געזאָגט, אז דו האָסט די לעצטע טעג איבערגעגעבן אן ארבעט, גאָר א גרויסע, אזוי, אז די ווערט פון עטלעכע שמאטעס האָבן ביי דיר קיין שום באטייט.

זי האָט אין זינען געהאַט ארויסצווייזן אירע פערלדיקע ציין און ארויפציען אויף איר געזיכט דאָס שמייכעלע, וואָס ס'האָט זיך באהאלטן אין אירע חן־גריבלעך.

— וואָס פרעגסטו שאלות? הייס אָפשניידן, און לאָמיר שנעל ארויספאָרן צום קאָפּוי!

די צוויי גרויסע פּאקעטן, האָט צירעלע, געהייסן אהיים שיקן. ארויס־גענומען פון איר טאש טרינק־געלט און דערלאַנגט דעם שיק־יינגל.

— אך! האָב איך געכטן דאָ געזען א זייגערל; איז דאָס שיין גע־ווען! נאָר אין חלום קאָן מען זיך אזעלכס פאָרשטעלן. כ'בין נייגעריק צו וויסן צי מ'האָט עס שוין פארקויפט. איך וויים, אפשר וועל איך האָבן גליק און עס נאָך געפונען.

פּלוצעם איז זי שטיין געבליבן פארקלערט... אפשר וואגט זי צו פיל? ס'איז נישט פּראקטיש, מיטאמאָל, וועלן אלץ איינשלינגען? פארפאלן, זי האָט שוין געזאָגט. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אז זי איז ארייננעפאלן אין מרה־שחורה, און ס'טוט איר באנג, וואָס זי האָט זיך צו אים אזוי געווענדט, גלייך ער וואָלט געווען איר איינציקער באשערטער און געליב־טער.

ער האָט גיך באשלאָסן, מ'זאָל גיין זען דאָס צירונג.

אויף איר פּנים האָט זיך אָנגעהויבן בייטן דאָס קאָליר, ס'איז אלץ ליכטיקער געוואָרן...

# קאפּיטל XIX

די זון האָט געשיקט אירע לעצטע שטראַלן זיך אָפּרוען אויף יענער זייט וואַלד. א חברה אַרבעטער זיצן, פאַרכאַפּטע פון די רעפּעראַטן, וואָס גיבן איבער א קלאָר בילד וועגן דעם אינלענדישן און אויסלענדישן מצב.

מיט א פאַרכאַפּטן אָטעם הערן זיך צו די אָנוועזנדע, ווען דער סטודענט ווייזט אָן, אַז אין אונדזער לאַנד האָט די שוואַרצע מאַכט אַריינגעבראַכט: פּיין, הונגער, טויט. אונדזערע בעסטע זין ווערן געכאַפּט, געקאָוועט אין קייטן און אַריינגעוואָרפן אין די נאַסע און פינצטערע קעלערס.

— די אַרבעטער-ראַטן, וואָס זענען געווען אָנערקענט פון די אונטערנעמונגען, זענען פאַרפאָלגט און צעלאָזט געוואָרן אָן קיין שום מאָטיוו. דאָס מיליטער איז אויפגעהאַלטן געוואָרן אין די פאַבריקן. די אויפרעגונג צווישן די אַרבעט איז געווען געוואַלטיק גרויס.

— די רעזאָלוציע שטעלט פעסט, — זאָגט ווייטער דער סטודענט — אַז די שטעלונג פון דער רעגירונג איז נישט קיין צופעליקע, אַז זי איז איינע פון אירע הויפּט-יסודות פון איר פּאָליטיק קעגן דעם אַרבעטער-קלאַס, שאַפנדיק א פאַרקריפּלט געזעץ, וואָס נעמט צו דאָס רעכט פון דעם אַרבעטער זיך צו פאַרטיידיקן, ווי אויך זיין רעכט אויף אַרבעט. אַלע דירעקטע און אומדירעקטע פּראָטעסטן האָבן נישט געהאָלפן.

די רעגירונג וויל פאַרגעזעצלעכן דעם טעראָר, וואָס הערשט.

דער באַשלוס, וואָס די רעגירונג האָט אָנגענומען אָפּצושאַפן דעם באַלאַגערונגס-צושטאַנד און די צענזור — נאָך די פּראָטעסטן פון גאַנצן לאַנד — איז נישט דורכגעפירט געוואָרן. אַזוי אַז די קריגס-געריכטן משפּטן ווייטער די ציווילע באַפעלקערונג, די פּאָליטישע און פרעסע-

דעליקטן, כאָטש די קאָנסטיטוציע דערלויבט נישט. אין די צונעקומענע טעריטאָריעס איז דער טעראָר נישט צום איבערפּראָגן. הונדערטער זענען ארעסטירט און פאַרפּייניקט געוואָרן אין די קאָמאַנדאַמענטן, אויפן סמך פונעם מינדסטן חשד, אָדער אינסצענירונגען פון דער סיגוראַנצע.

די קריגס-געריכטן פאַרהאַלטן חדשים-לאַנג אין די פּרעווענטיווע ארעסטן. אַן א שיעור ארבעטער ווערן דאָרט געמוטשעט און וואַרטן אומזיסט, ס'זאָל קומען די צייט פון משפּט.

דער דאָזיקער טעראָר-רעזשים, איז פאַרשטאַרקט געוואָרן אין דער לעצטער צייט. ארבעטער וואָס ארבעטן יאָרן לאַנג אויף איין פּלאַץ אין פאַרשידענע שטעט, ווערן ארויסגעשיקט פונעם לאַנד, אָדער צוריק אין זייערע געבורטס-ערטער, ווו זיי האָבן נישט די מעגלעכקייט צו פאַרדינען אויף חיונה. אַלע אינטערווענצן, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן צו דער רעגירונג, אין וועלכע מ'האָט מודיע געווען וועגן די שווידערלעכקייטן, וואָס קומען פאָר, האָבן גאָרנישט געהאָלפן.

געמענדיק אין אַכט, אז אַלע אינטערווענצן, וואָס זענען גע-מאַכט געוואָרן דורך ביטעס, פּראָטעסטן האָבן נישט געבראַכט קיין שום רעזולטאַט, האָט דער אַלגעמיינער ראַט באַשלאָסן, אז:

אין נאָמען פון דער אָרגאַניזירטער ארבעטערשאַפט זאָל א דעלעגא-ציע פונעם גאַנצן לאַנד מודיע זיין דער רעגירונג, אז אויב ביזן 20-טן אָקטאָבער 1920 וועלן נישט פאַרווירקלעכט ווערן די פאָדערונגען:

1„. רעספּעקטירן דאָס רעכט זיך צו אָרגאַניזירן און אָנערקענען די דעלעגא-ציעס פון די ארבעטער-ראַטן אין אַלע אונטערנעמונגען.

2. צוריקציען דאָס מיליטער פון אַלע פאַבריקן, זאַוואָדן און אטעליערן.

3. שטרענג פאַרביטן די דירעקציעס פון די אונטערנעמונגען, זיך אריינצו-מישן, אונטער סיי וואָס פאַר א פאָרם, אין די אָנגעלעגנהייטן פון די ארבעטער און צוריקנעמען אַלע ארבעטער, וואָס זענען ארויסגעוואָרפן געוואָרן.

4. אָנערקענען די פאָדערונגען, וועלכע זענען פאָרמולירט געוואָרן פון די ארבעטער פון די מלוכה-אינסטיטוציעס, סיי דאָרט, ווו ס'האָבן פונקצי-אָנירט ארביטראַזש-קאָמיסיעס, סיי דאָרט, ווו אַזעלכע קאָמיסיעס זע.ען נאָך נישט פאָרמירט געוואָרן.

5. דאָס אָפּשטעלן דורכצופירן דאָס געזעץ וועגן דעם רעגלאַמענטירן פון די קאָלעקטיווע ארבעטס-קאָנפליקטן, ביז ס'וועט דורכגעפירט ווערן אן אנדער געזעץ, וואָס וועט רעספּעקטירן די געווונענע רעכטן, וואָס זענען אויסגעקעמפט געוואָרן דורך דעם ארבעטער-קלאַס.

6. דאָס עפעקטיווע און קאָמפּלעקטע אָפּשאפן פון באלאגערונגסצושטאנד און פון דער צענזור:

א) דאָס אָנערקענען די פולשטענדיקע רעכט און פרייהייט פאר אָרגאניזירן, פארזאמלונגען און פאר פרעסע-פרייהייט.

ב) דאָס אויפלייזן די קריגס-געריכטן, אלע ציווילע פּראָצעסן; פּאָליטישע און פרעסע-דעליקטן זאָלן איבערגעפירט ווערן צו די ציווילע אינסטאנצן.

ג) ארויסנעמען דאָס מיליטער פון דער ציווילער אדמיניסטראציע אין די צוקעקומענע טעריטאָריעס.

ד) א סוף מאכן צום סיסטעם פון גוואלד-ארויסשיקונגען און ארויסטרייבונגען.

7. צוריקגעבן די אויטאָנאָמיע פון די קרייז-קאסעס פון זיבנבירגן און מאָדיפיצירן דאָס פארזיכערונגס-געזעץ פונעם אלטן רעגאט אויפן יסוד פון אויטאָנאָמיע-פרינציפּ, באראָטנדיק זיך מיטן ארבעטער-קלאס דורך זיינע באפולמעכטיקטע פארטרעטער.

די אָרגאניזירטע ארבעטערשאפט פונעם גאנצן לאנד וועט גערופן ווערן דורך אן אלגעמיינעם שטרייק, אויסצוקעמפן די אלע רעכטן און פרייהייטן פון וועלכע ס'הענגען אָפּ די לעבנס-אינטערעסן.

אלגעמיינער ראט".

...,,די שווארצע-מאהניקעס האָבן אויפגעהויבן די קעפּ. די רעאקציאָנערע פרעסע פארטונקלט די מוחות — שווער קומט אונדז אָן יעדער מאניפעסט, יעדע פארזאמלונג. אונדזערע איבערגעבענע חברים ארבעטן אָן אויפהער וועגן אָרגאניזאציע, אויפקלערונג. זיי ווייסן גאנץ גוט, אז דער זיג וועט זיין זייערער, כאָטש די מאכט פארביטערט, פארפאָלגט זייער לעבן, שיסט, טרענקט. דער רעוואָלוציאָנערער כוח וואקסט אָן אויפהער. קיין שום קראפט וועט אים נישט קאָנען בייקומען. זייט גרייט! אָרגאניזירט די ארבעטער! און גיכן וועט איר באקומען דעם באפעל, אוועקצולייגן די ארבעט, שטרייקן, ביז אונדזערע שונאים וועלן אונדז מוזן נאָכגעבן אונדזערע צייטווייליקע פאָדערונגען". ער לייענט פונעם מאניפעסט וואָס איז ארויסגעלאָזט געוואָרן פון דער אָרטיקער קאָמיסיע פונעם יאסער סינדיקאט:

,,די גאָלד- און קוילן-גרובן פון זיבנבירגן וועלן בלייבן שטיין, די באנען וועלן זיך נישט רירן פונעם אָרט, די פעטראָל-געגנטן וועלן פארגליווערט ווערן, די זאוואָדן וועלן נישט הודיען, די ווארשטאטן וועלן דערטרונקען ווערן אין שטילקייט, אלץ וועט זיך אָפּשטעלן. און אין דער שרעקלעכער בית-עולם שטילקייט פאר די אָנפירנדיקע קלאסן וועט דער ארבעטער מיט פארלייגטע הענט און קריצנדיק מיט די ציין ארויסווייזן זיין גבורה,

דעם כוח פון געבענטשטער ארבעט, וואָס וועט שטיין בלייבן דורך דעם דערקלערן פונעם אלגעמיינעם שטרייק.

„ווען? אין וועלכן טאָג? און ווו?

„אומעטום ווו די ארבעט הערשט, אומעטום ווו די ארבעטערשאפט איז באוווסטזיניק, אומעטום ווו די נויט, דער הונגער און די בענקשאפט צו א בעסער לעבן טרייבט די ארבעטער צום קאמף, וועט דערקלערט ווערן דער אלגעמיינער שטרייק.

„דאָס איז די גרויסע שלאכט, וואָס ווארט אויף אונדז, דאָס איז די צוקונפט, וואָס באוועגט אונדז, דאָס איז די אָרעמקייט וואָס לאָזט אונדז נישט מער רוען.

„הערט, ארבעטער, ווי פון דעם דעם רעש פון די זאוואָדן, פונעם אָטעמען פון די פאבריק־קוימענס, פון דעם קלאפעריי פון די האמערס, פון אונדזערע אָרעמע כאטעס, פון אונדזערע טאָג־טעגלעכע צרות, פון די גריבער, פון די תפיסות און קאזארמעס רייסט זיך ארויס און ווערט פאר־טיפט אין אונדזערע הערצער דער רוף:

„זאָל לעבן דער אלגעמיינער שטרייק!!!

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

„דער אלגעמיינער שטרייק דערנענטערט זיך, זאָגט זיך אָן, פון אונדזערע הערצער דארף ארויס דער קאמפס־אלארם, דער איינציקער אויסרוף:

„זאָל לעבן דער אלגעמיינער שטרייק!"

באגייסטערט איז געווען די חברה. אלע זענען דורכגענומען געוואָרן פון די רייד, וואָס זענען ארויסגעזאָגט געוואָרן מיט אזוי פיל ברען. יעדער האָט גענומען מאניפעסטן, כדי זיי צו פארשפרייטן צווישן די ארבעטער.

משהלע האָט איבערגעלייענט מיט גרוים אויפמערקזאמקייט דעם מא־ניפעסט, ווי אויך די רעזאָלוציע פונעם 11־טן אָקטאָבער 1920. דערנאָך האָט ער גענומען דאָס וואָרט און געזאָגט:

— אלץ איז שיין און גוט, מיר דוכט זיך אָבער, אז די רעזאָלוציע איז נישט אין איינקלאנג מיט דער פלאמפייערדיקער רעדע דיינער. דו האָסט גערעדט פון אלע די, וואָס ווערן דערנידעריקט און געפייניקט. און דער רעזאָלוציע ווערט נישט דערמאָנט דער פויער! וואָס זשע, ער איז שוין אויסגעלייזט! אים פעלט שוין גאָרנישט? כ'האָב ערשט מיט צוויי

וואָכן צוריק געהאַט די געלעגנהייט צו זיין אויף א גוט ווו ס'ארבעטן פּויערים, וועלכע זענען געקומען אזש פון סיגעט. כ'האָב געזען דעם באָרדעי אין וועלכן זיי ווינען, דאָס איז א פּשוטער גרוב, איבערגעדעקט מיט א דאך פון שטרוי, וואָס איז נישט העכער געווען ווי א מעטער פון דער ערד און פון וועלכן ס'האָבן זיך ארויסגערוקט איבער פערציק פּויערים. ווען דאָס טירל האָט זיך געעפנט, איז ארויס א מיאוסער ריח, אין וועלכן די אָפּגעהאָרעוועטע פּויערים האָבן זיך געשטיקט א גאנצע נאכט. וואָס זשע, וועגן זייערטוועגן האָט מען נישט אפילו געטאָרט דערמאָנען? ווער זאָל זיך אָנעמען זייער קריוודע? אויב נישט די באוווסטזיניקע ארבעטער? און היינט, די אָרעמע באַלמעלאָכעס און די איבעריקע בידנע אָרעמקייט אין שטעטל?

— כ'האָב געמיינט, אז ס'וועט אויך דערמאָנט ווערן, אין דער רעזאָלוציע, דער קאמף פון דעם העראָישן סאָוועטישן פּראָלעטאריאט, וואָס זענען באפרייט געוואָרן פון צארישן יאָך, וואָס גאַרט נאָך אויפבוי; קיין וואָרט ווערט נישט געזאָגט וועגן די ווראנגעלס, דעניקינס און פּעטליורעס, וואָס ווערן אויפגעהאלטן אויף אונדזער ערד. אָט די גזלנים, וואָס האָבן פארגאָסן אומשולדיק בלוט, די שווארצע מאות, וואָס האָבן געשאָסן, געהאָנגען און פארברענט די בעסטע זין פון די רוסישע פעלקער די קאָמוניסטן, וואָס האָבן מקריב געווען זייער לעבן אין שווערן אָבער מוטיקן קאמף פאר יושר, פאר גערעכטיקייט; וואָס האָבן צעריסן די קייטן, מיט וועלכע די פעלקער פונעם צארישן רוסלאנד זענען געווען געקאָוועט זייט דורות; וואָס האָבן פארדאמט און פארמשפּט די שווארצע מחנות, וואָס האָבן פּאָגראָמירט הונדערטער טויזנטער אומשולדיקע יידן, אויף זייער בלוטיקן וועג.

וויאזוי קענען מיר צוקוקן, ווי די שונאים פון דער וועלט-באפרייונג שארפן די מעסערס אויך דאָ אין לאנד, ווו זיי האָבן איבערגעגעבן די מאכט דעם תּליון, גענעראל אווערעסקו, וועמענס הענט זענען פארשמירט און אויסגעווייקט אינעם בלוט פון די עלף טויזנט פּויערים וועלכע האָבן געשמאכט נאָך ערד, נאָך ברויט, נאָך פרייהייט?

— אָט דער גענעראל, דער געטרייער משרת פון דער אָליגארכיע, איז גרייט לויטן באפעל פון די אימפּעריאליסטישע בלוטזויגער און דער רומענישער מאָנארכיע, צו באפאלן דאָס באפרייטע סאָוועטישע לאנד. ער איז גרייט צו פירן צו דער שחיטה גייע הונדערטער טויזנטער פּויערים און ארבעטער, וואָס וועלן פאלן אויף דער ליבער סאָוועטישער ערד, קעגן זיי-

ער ווילן און קעגן זייערע אינטערעסן. די תלינים האָבן באוויזן זייער מיי-וואָלאָנישע ארבעט אין דעם באפרייטן אונגארן. אָט נישט לאנג, אין חודש יולי, האָבן זיך באוויזן אמעריקאנישע קריגס-שיפן אין קאָנסטאנצא. נאָך עטלעכע טעג איז געהאלטן געוואָרן א זיצונג אונטערן פאָרזיץ פונעם קעניג, ווי מ'האָט שטודירט דעם פאָרשלאג, אז רומעניע זאָל, צוזאמען מיט פוילן, פירן קריג קעגן דעם באפרייטן רוסלאנד· דאָס אלץ איז קיין סוד נישט.

— אין דער סאָציאליסטישער פרעסע זענען פארעפנטלעכט געוואָרן ארטיקלען, געשריבן, פון באוווסטזיניקע חברים, אין וועלכע ס'איז אָנגע-וויזן געוואָרן די געפאר, וואָס לויערט מצד דער אָליגארכיע, אז „דער פראָלעטאריאט פון רומעניע, אלע פעלקער פון דעם לאנד, נויטיקן זיך אין שלום, זיי טאָרן נישט זיין קיין כלי-זין און די הענט פון די אינלענ-דישע און אויסלענדישע רעאקציאָנערן...״ זיין חוב איז אָפּצושטעלן יעדן טראנספּאָרט פון טרופּן, פון מלחמה-מאטעריאלן, צו שטערן סיי וואָס-פארא הילף, וועלכע די רעגירער ווען געבן דעם רעאקציאָנערן פוילן אָדער ווראנגעלן.

— פון הונדערטער טויזנטער ברוסטן דארף זיך הערן דער אויס-געשריי : „אראָפּ די הענט״ ! „נידער מיט דער מלחמה!״ „מיר ווילן זאָ-פאָרט שלום מיט רוסלאנד !״.

נאָכדעם וואָס משהלע האָט ארייננעלייגט אין קעשענע די צייטונג „דער סאָציאליזם״, האָט ער א מאך געטאָן מיט דער האנט, אז ער האָט נאָך נישט געענדיקט. פון זיינע שווארצע אויגן האָבן אָנגעהויבן צו פליען פונקען. אויפהויבנדיק די הענט, האָט ער זיך צעפלאקערט :—וואָספארא קא-מף איז דאָס, אז מ'זאָל שטיין מיט פארלייגטע הענט אין דער היים. די סיגוראנצע וועט דאָך ארעסטירן אלע פירער, אלע פאראנטוואָר-טלעכע. מיר ווייסן, אז זיי גייען נישט אום מיט זיי מיט הענטשקעס. דער שטרייק געהערט צו די אלע, וואָס לעבן פון זייער אייגענער פראצע. אלע דארפן ארייננעצויגן ווערן אין קאמף, אלע דארפן ארויס אין דער גאס און דערמאָנסטרירן פאר זייער רעכט, פאר שלום. אין די דעמאָנ-סטראציעס דארפן אָנטייל נעמען אָרעמע פויערים, שטאָטלייט, אלץ וואָס איז נעפייניקט און געפלאָגט. מיר גייען צוזאמען מיט די פאָרגעשריטענע זין פונעם פראָלעטאריאט פון דער גאָרער וועלט. מיר זענען נישט קיין אָפּגעריסענער אבר. מיר שפאנען פאָרויס און אלע שטרויכלונגען, וואָס

מ'וועט אונדז שטעלן אין וועג, וועלן צעשמעטערט ווערן פון דער ריזיקער ארבעטער-מאסע.

וואסיליו קאָנסטאנטין, וואָס האָט געקוקט משהלען אין מויל אריין, האָט זיך אָנגערופן:

— דער יונגערמאן האָט ארויסגעוויזן זיין חריפות אין אנאליזירן א פּאָליטישן דאָקומענט. דאָס איז נישט אוועק צו מאכן מיט דער האנט. זיין צעהיצטקייט ווייזט ארויס איבערגעגעבנקייט צו אונדזער זאך. מיר אָבער דארפן זיין דיסציפּלינירט און מוזן אויספירן דעם באפעל, גאנץ פּינקטלעך. מיר זענען דאָ נישט געקומען קריטיקירן די רעזאָלוציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן און באקאנט דער גאנצער ארבעטערשאפט פונעם לאנד.

די אָנוועזנדע האָבן זיך איבערגעקוקט. מ'האָט געזען, אז די אויפקלערונג, וואָס קאָנסטאנטין האָט זיי געגעבן, האָט זיי נישט איבערגעצייגט. קאָנסטאנטין אליין האָט זיך אָפּגעגעבן חשבון, אז זיינע רייד האָבן נישט דערגרייכט דעם ציל. ער האָט אויפסניי גענומען דאָס וואָרט און מיט אן אָנגעשטרענגט פּנים געזאָגט:

— כ'זע, אז מיינע רייד האָבן אייך נישט איבערגעצייגט. איך דארפט און מוזט אָבער וויסן, אז אין דעם איצטיקן מאָמענט קאָן מען נישט פּאָלעמיזירן. ס'איז אויך נישט קיין צייט וועגן דעם. דער שטרייק מוז דורכגעפירט ווערן. די פּראָלעטארישע אייניקייט טאָר נישט צעשפּאָלטן ווערן! איך פארלאנג פון יעדן פון אייך, אבסאָלוטע געהאָרכזאמקייט. טאָמער נישט, איז אונדזער שטרייק א פארלוירענער.

די לעצטע ווערטער פונעם מאניפעסט, וואָס דער עקזעקוטיוו־ראט פון דער אלגעמיינער סינדיקאטן קאָמיסיע האָט ארויסגעלאָזט, אז: „אין דער צייט פונעם שטרייק, זאָל יעדער זיצן אין דער היים, אז ס'ווערט קיין שום דעמאָנסטראציע נישט געמאכט, כדי נישט צו שטיצן דעם פּלאן פון די פּראָוואָקאטאָרן", האָט געגרילצט אין די אויערן.

— מילא, — האָט משהלע געזאָגט, — אפשר בין איך צו יונג. און ער איז ארויס, אינאיינעם מיט די אנדערע חברים, פון דער זיצונג, וועלכע האָבן אויך געטראכט:

— פּלאי־פּלאים, צו געווינען א שלאכט מיט פארליינטע הענט און מיט א פארשטאָפּט מויל!

דער דאָזיקער געדאנק האָט אים פארשאפט אזויפיל אומעט, אז ער איז ארומגעגאנגען ווי א צעדולטער, נישט ווויסנדיק, וו זיך אהין צו טון און וואָס אָנצוהייבן. מ'טאָר נישט שווייגן! האָב איך דען געשוויגן?

וואָס קאָנען זיי טאָן די חברים? זיי האָבן באַקומען אזא באַפעל, קאָנען זיי דען עפּעס אַנדערש טון? און, אז איך בין אַרויס פון די כּלים און געזאָגט, וואָס איך טראַכט, וואָס איך פיל, האָב איך עפּעס אויפגעטאָן? איבעריקנס, ווער ווייסט, אפשר האָב איך מיר טאַקע אויפגעפירט ווי א נישט דיסציפּלינירטער חבר. איז דען יענער חבר נישט גערעכט געווען מיטן זאָגן זיינעם: „ס'איז שוין שפּעט, פאַרפאַלן, מיר מוזן זיין דיסציפּלינירטע סאָלדאַטן"!

— ס'כאַפּט מיך אזש אָן א ציטער, ווען כ'קלער, אז מיט פאַרלייגטע הענט קאָן מען געווינען א קאַמף, איבערהויפּט מיט אַזעלכע גזלנים.

ווידער שטייט פאַר זיינע אויגן. דער „גענעראַל-שטרייק". ער זעט, ווי גאַנצע פאַבריקן, אוזינעס, קליינע וואַרשטאַטן בלייבן אומבאַוועגלעך, זיי רירן זיך נישט. אויף די גאַסן מאַרשירן: אַרבעטער, איניינעם מיט אָרעמע פּויערים, און א קול, וואָס קומט פון די טיפסטע טיפעניש שרייט: ברויט! פרייהייט! ערד! זאָל לעבן דער פּראָלעטאַריאַט! זאָלן לעבן די רוסישע סאָוועטן! זאָל לעבן דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל!

קומענדיק אהיים, האָט ער זיך גענומען צו זיינע טאָג-טעגלעכע אַרבעטן. דער קאָפּ אָבער איז אים געווען דאָרט, אין דער וועלט פונעם גענעראַל-שטרייק. דעם אַנדערן טאָג, דעם דריטן, און די אַלע איבעריקע טעג, האָט ער אויסגעפירט אַלע התחיבותן, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען. די ספקות, נישט קלאָרקייט, האָבן אים געמוטשעט. ער האָט אויף זיך געפילט זייער א שווערער לאַסט. ער האָט זיך אָבער נישט געלאָזט דערשלאָגן. וויסנדיק, אז דאָס איז די גרעסטע קללה, און מיט דערשלאָגנקייט וועט ער נישט העלפן, נישט זיך און נישט אַנדערע, וועלכע וואַרטן, אז די מער באַוווסטזיניקע חברים זאָלן צו זיי רעדן קלאָר, אָן דרייעניש און אָן פאַרדרייעניש, גאָר פּשוט און פּראָסט. ס'איז אן אומזין זיך אַריינצולאָזן אין חקירות. דעם טאָג פונעם גענעראַל-שטרייק דאַרף ער אויפנעמען יום-טובדיק. דאָס איז א היסטאָרישע דאַטע אינעם קאַמף פונעם רומענישן אַרבעטער-קלאַס. ער דאַרף זיין פריילעך און מוטיק. נישט אַרויסווייזן קיין שוואַכקייט. ס'איז דאָך א חיות צו זען, ווי א גאַנץ פאָלק שטייט אויף און פאַרלאַנגט גערעכטיקייט. דאָס איז דאָך א פּאָזיטיווע זאַך, וואָס קיינער קאָן עס נישט מבטל מאַכן.

דעם צוואַנציקסטן אָקטאָבער 1920, האָט די רעגירונג געדאַרפט אויספירן די פאָדערונגען, וואָס די סאָציאַליסטישע דעלעגאַציע האָט איר איבערגעגעבן אין נאָמען פונעם אַרבעטער-קלאַס פונעם לאַנד.

די רעגירונג אָבער אָנשטאָט נאָכצוגעבן די מינימאַלסטע פאָדער־ונגען האָט געענטפערט מיט ארעסטן, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן דעם 20־טן אָקטאָבער.

צענער טויזנטער ארבעטער, נישט האָבנדיק קיין שום אָנווייזונגען פונעם צענטער, האָבן זיך געלאָזט מיט גרויסן שווונג אין קאמף אָן קיין ווירקלעכער אַ פירונג. אין דער זעלבער צייט זענען מאסן ארבעטער און אָנפירער, וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט פרייוויליק איבערגעבן, ארעסטירט געוואָרן.

א פארכמארעטער טאָג איז דעמלט געווען, דער אומעט האָט ארום־גענומען דעם מענטש, דעם בוים, די געביידעס. אַלץ ארום איז איינגעהילט געווען אין טרויער.

פון אויבן גיסט א רעגן, אין די הערצער טריפט בלוט, עס גייען צום קלוב א סך אַרבעטער, וואָס ווילן וויסן, וואָס ס׳הערט זיך דאָ און צי ס׳איז געקומען עפּעס באַפעלן פונעם צענטער.

דער פּרעפעקט, דער פּראָקוראָר און די קאָמאנדאנטן פון די זשאנ־דארן און מיליטער זענען אויפן פּעראָן. יעדע עטלעכע מינוט קומען אָן טעלעפאָנישע און מינדלעכע ידיעות, אז מ׳האָט ארבעטער־פירער ארויס־גענומען פונעם צוג און אין די וועלדער געטאָן זייער רעכט. דער קאָמאנ־דאמענט איז זייער פליסיק. באַפעלן פאלן ווי דער האָגל. די הייזער, וואָס זענען באשטימט געוואָרן פאר תפיסות, זענען צו ענג. די שפּע איז גרויס.

— אין וואלד אריין פירט זיי! און גיט זיי א לעקציע, ס׳זאָל זיך זיי און זייערע קינדער און קינדס־קינדער אָפּגלוסטן צו שטרייקן, צו שטעלן אין סכנה אונדזער מלוכה און זי פארוואנדלען אין א באָלשעוויקישע! ווייזט ארויס אייערע פּאטריאָטישע געפילן און ראטעוועט דאָס פאָטערלאנד!

— האָט זיך געהערט די אייזערנע שטים פונעם קאָמאנדאנט.

פאר יעדן וואגאָן פון אלע באנען, וואָס זענען אָנגעקומען, זענען געש־טאנען „שפּינען“, וואָס האָבן געגלאָצט אויף יעדן אָנגעקומענעם. אין די וואגאָנען זענען די אַגענטן ארומגעגאנגען ווי די פארסמטע מייז. געלאָפן אהין און צוריק, נישט חלילה דורכלאָזן קיין איינציקן פון די באוווסטע אקטיוויסטן.

א סך ארבעטער האָבן זיך באהאלטן אין וואלד. זשאנדארן און מי־ליטער־לייט האָבן געזוכט, געשנישטערט, זיי נאָכגעיאָגט, געכאפּט, דערלאנגט מיט דער הילצערנער זייט פון דער ביקס, געבונדן זיי צו דיביימער, גע־

שפּיגן אויף די קעמפּער ווי אויף געמיינע אינסעקטן. — „פּערעטער!“ האָבן זיי אויסגערופן, לויטן באַפעל פון די גרויסע, די עלטסטע...

די מאָרד-באַנדע, צופרידן פון איר אַרבעט, האָט באַשלאָסן, אַז ס׳-וואָלט נישט שלעכט געווען, זיך גיין אונטערלענען דאָס האַרץ. אַ קלייניקייט, צו געפינען זיך אין אַליאַרם-צושטאַנד שוין איבער 24 שעה! איז מען איבערגעגאַנגען צום רעסטאָראַן, נישט ווייט פון דאַנען. דאָ איז שוין געווען צוגעגרייט אַלערליי מאכלים, פון בראָנפן און וויין, שמועסט מען נישט. דער באַלעבאָס האָט זיך געניגט פאַר די גרויסע באַאַמטע, באַדינענדיק ער אַליין דעם טיש, וואָס איז געווען באַצירט מיט בלומען.

מ׳האָט אָנגעהויבן זשליאָקן. אַלע מאָל האָט אַן אַנדערער גדול אויפגעהויבן דעם כוס. יעדער האָט געוואָלט אַרויסווייזן זיין גרייטקייט, צו שטאַרבן פאַרן ווילזיין פונעם מלך און פאַר דעם היימלאַנד. דער הויפּט-אַגענט האָט אין זינען געהאַט, אַז אפילו דאָ, אין מיטן דער שמחה, זאָל-ער טון זיין חוב. דערזעענדיק, ווי אַן אַרבעטער איז אַריינגעקומען און פאַרלאַנגט אַ גלעזל בראָנפן, האָט ער זיין לייב-אַגענט שוין אַרויסגעשיקט, ער זאָל נאָכפאָרשן, אויב דער דאָזיקער איז נישט געקומען עפּעס נאָכשפּיאָנירן. כדי נישט צו מאַכן קיין פעלער, האָט דער אַגענט שוין געהייסן דעם סאָלדאַט, וואָס איז נישט ווייט געשטאַנען, אַז ער זאָל אים פירן צו זיינע לייט, צו די, וואָס עס געפעלט זיי נישט די איצטיקע אָרדענונג. ער איז תיכף אַריינגעקומען, איבערגעגעבן דעם ראַפּאָרט און זיך גענומען צום פרעסן און צום זויפן.

— זאָל לעבן די אַרמיי, וואָס האָט אונדז געראַטעוועט פון די באָל-שעוויקעס! — האָט אויסגעשריגן דער פּרעפעקט.

— הוראַ! הוררראַ! — האָבן אַלע געענטפערט.

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט, און דער קאָמאַנדאַט, — וועלכער איז „לייטיש“ דערצויגן געוואָרן, האָט זיך צורעכט געמאַכט די קראַוואַטע און געזוכט, אַז די האַלטונג זיינע זאָל זיין אין אָרנטלעכע, — האָט געענטפערט:

זאָל לעבן די רעגירונג, וואָס וואַכט טאָג און נאַכט פאַרן ווילזיין פונעם פאָלק. כ׳זאָג אייך דעם אמת, איך באַוואונדער די טאַקטיק פון אונדזער גענעראַל. ער איז אַ חכם! דער מלך, ווען ס׳י וועט זיך עפּעס אַ סכנה פאַר דער מלוכה, ווענדט ער זיך תיכף צום דאָזיקן געניטן גענעראַל, ער האָט פאַרשטומט דאָס מויל פון די פּויערים אין יאָר 1907, ער וועט דאָס מאָל פאַרשטאָפּן מיט בליי די מיילער פון אָט די בעטלער, וואָס אָנ-שטאָט צו דאַנקען, וואָס מ׳גיט זיי אַרבעט, רודערן זיי אויף דאָס גאַנצע

לאנד, אלץ לויטן באפעל פון מאָסקווע, איך וואָלט זיי אויסגעשאָסן אָן רחמנות. דער גענעראַל האָט אָבער טאַקט. ער וואָלט דאָס געטאָן, ער קוקט אָבער ווייטער, ער האָט מורא פאַר דער אַרבעטער-וועלט, וואָס וועט אָג-מאַכן אַזאַ רעש, וואָס מ׳וועט אים נישט קאָנען איינשטילן חדשים-לאַנג. מיר דאַרפן זיך נישט לאָזן פאַרפירן פון סענטימענטן. מיר דאַרפן זיין דיסציפּלינירט און דורכפירן דעם באַפעל, ווי ס׳געהער צו זיין.

— זאָל לעבן דער גענעראַל! וואָס וועט ראַטעווען דאָס לאַנד, צום צווייטן מאָל, פון די ווילדע לייט, וואָס ווילן אַליין פאַר זיך איינפירן גערעכטיקייט.

ס׳האָט געעפנט די מיר אווירעל, דער בלינדער, הינטער אים איז נאָכגעגאַנגען מירטשעאַ, מיט הכנעה זיך גענויגט און באַגריסט די אָנוועזנדע.

דער פּרעפעקט האָט זיך געאיילט אים פאָרצושטעלן: — דאָס איז איינער פון די סטודענטן, אויף וועלכן מיר לייגן גרויסע האָפענונגען. דער פּראָפעסאָר קוזאַ לעקט זיך פון אים די פינגער. אַלע בליקן האָבן זיך מיט אַ מאָל געביטן, אַלע האָבן אָנגעהויבן צו שמייכלען.

— אַוודאי, דאַרפן מיר זיי האָבן. מיר דאַרפן פאַרצענפאַכן די נאַ-ציאָנאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע — האָט דער פּרעפעקט געזאָגט — מ׳קאָן זיך נישט פאַרלאָזן נאָר אויפן באַיאָנעט. מ׳דאַרף פירן די יוגנט, איבער-הויפּט די סטודענטן, אויפן אולטראַ-נאַציאָנאַליסטישן וועג. מ׳טאָר נישט דערלאָזן, אַז די באָלשעוויקעס, וואָס שטופּן זיך אומעטום, זאָלן פאַרס-מען אונדזער יוגנט מיט זייערע שעדלעכע טעאָריעס. אין נאָמען פונעם רומענערטום הויב איך מיין כוס פאַרן געזונט פונעם גרויסן רומענער, פּראָפעסאָר קוזאַ!

אַלע גלעזער זענען צונויפגעקלאַפּט געוואָרן.

— צום געזונט פונעם פּראָפעסאָר קוזאַ!

דער באַלעבאָס, וואַסיליו, האָט זיך אויך געבראַכט אַ גלאָז און מיט אונטערטעניקייט זיך דערנענטערט צום פּרעפעקט, אַ ביסל געציטערט און געזאָגט:

— אויך מיין זון איז אַן איבערגעגעבענער תלמיד פון קוזאַן, דער-לויבט מיר אויסצוטרינקען פאַר זיין געזונט.

פּעטריקע, דער ווייגבורש, אַ פערצניעריק בחור האָט די גאַנצע צייט געזאָגט. ער האָט נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס מען האָט דעם פּעטער יאָניקע, וואָס איז ערשט פריער דאָ געווען און אויסגעטרונקען אַ קווערטל בראָנפן, אַרעסטירט און געשיקט געוואָרן „צו זייגע לייט, צו די וואָס ס׳געפעלט

נישט די איצטיקע אָרדענונג"! וואָס באַטייט „אָרדענונג", האָט ער נישט פאַרשטאַנען, ער האָט געהאַלטן אין איין קוקן אויף יענעם אַגענט, וואָס האָט דאָס דאָזיקע פאַרברעכן באַגאַנגען. ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין קוראַזש איבערצופרעגן.

באַלד איז אַריינגעקומען פּעטראַקעס פֿאָטער, דער פּויער, וואָס פֿלעגט קומען יעדן טאָג אָנלאָדן און אויסלאָדן די וואַגאָנען. דאָס מאָל האָט ער נישט געהאַט וואָס צו טון, ווײַל איבעראַל איז געווען פֿאַרמאַכט.

— דערלאַנג נאָר אַהער אַ גלעזל ווײַן, — האָט ער זיך געווענדט צו פּעטריקען. וואָס ביסטו הײַנט עפּעס אַזוי ברוגז? — האָט ער געפֿרעגט.

— נענע טעאָראָ, האָט פּעטריקע געענטפֿערט מיט אַ טרויעריק קול און געקוקט צו דעם מיט די שטײַפֿע וואָנסעס, וועלכער האָט נישט לאַנג אַרעסטירט זײַן פֿעטער. דער אָ פֿון דאָרטן האָט הײַנט אַרעסטירט דעם פֿעטער יאָניקע. ווער ווייסט, וואָס מיט אים וועט געשען?

אָפּזאָגנדיק די דאָזיקע ווערטער, האָט ער זיך ווײַטער גענומען וואַשן די גלעזער און אָנפֿילן מיט ווײַן פֿאַר די זויפֿערס. ער וואָלט זיי שוין געוואָלט זען פֿון יענער זײַט טיר, כּדי זיך קאָנען דורכשמועסן מיט זײַן באַלעבאָס, כאָטש ער ווייסט, אַז ער וועט בײַ אים גאָרנישט קאָנען פּועלן. ער וועט אָבער גישט רוען, ביז ער וועט נישט זען, וואָס מ'קאָן טון, כּדי אים אַרויסצוראַטעווען פֿון זייערע לאַפּעס.

דער אַלטער פּויער איז באַלד אַוועק. דורכפֿאָרנדיק דעם מאָצקער וואַלד האָט ער געזען, ווי מענטשן זענען געווען צוגעבונדן צו די ביימער. דאָס זענען געווען די דאָזיקע אַרבעטער, וועלכע האָבן געוואָרפֿן די אַרבעט. איינער פֿון די געבונדענע האָט צו אים געשריגן מיט אַ פֿאַרחלשט קול, אַז ער זאָל אים ברענגען אַ ביסל וואַסער פֿון דעם נאָענטן ברונעם. ווען דער פּויער האָט אים צוגעטראָגן אין זײַן ערדענער כּלי אַ ביסל וואַסער, האָט ער באַקומען אַ סטוסאַק פֿונעם זשאַנדאַר, וואָס איז געשטאַנען און געהיט, אַז קיינער זאָל נישט צוקומען צו די געפֿאַנגענע.

— דאָס זענען באָלשעוויקעס! — האָט דער זשאַנדאַר געשריגן. — מ'טאָר אויף זיי קיין רחמנות נישט האָבן. און אויב דו וועסט נישט באַלד אַוועק פֿון דאַנען, וועסטו האָבן דעם זעלבן פּסק.

דער אַלטער פּויער האָט זיך געצלמט, געהויבן די אַקסלען און איז אַוועק.

אויפֿן וועג האָט ער זיך צוגעזונגען אַ טרויעריקע „דוינע", גע-קלערט, פֿאַרוואָס מענטשן זענען אַזוי שלעכט און מוטשען איינער דעם

אנדערן. זענען דען די סאָלדאטן און זשאנדארן נישט קיין זין פון פויערים און פון ארבעטער? פארוואָס מוטשען זיי זייערס גלייכן? ער האָט זיך דערמאָנט, וואָס זיין זון, פעטראקע, האָט אים דערציילט, וואָס ס'האָט זיך אָפּגעטאָן אין יאָר 1918, ווען ער איז געווען א סאָלדאט אין בוקארעשט. ער האָט זיך אויך דערמאָנט, וואָס דער דיכטער האָט דערציילט וועגן די דעמלטיקע געשעענישן און האָט פארשטאנען, אז איצט קומט דאָס זעלבע פאָר אין גאנצן לאנד און נישט נאָר אין בוקארעשט. ווען ער איז אהיים געקומען און גענומען אויסשפאנען די פערד, קומט צו אים צו דער זון זיינער, פעטראקע, און פרעגט אים, וואָס ס'הערט זיך עפּעס אין שטאָט, ווייל דאָ גייט אום א קלאנג, אז ס'קומען דאָרט פאָר אזעלכע זאכן, וואָס איז נישט צום גלויבן. מ'זאָגט, אז מ'הרגעט און מ'שלאָגט דאָרטן מענטשן. גאוורילע און אנדערע פויערים האָבן דערציילט, אז אין די וועלדער הערן זיך קנאלן פון ביקסן און פון מאשינענגעווער. איז דאָס אמת? האָט ער אין איין אָטעם איבערגעפרעגט.

—ס'איז אמת, זון מיינער. מיין נשמה איז פול מיט ווייטעק. כ'ווייס נישט, וואָס מ'קאָן טון. ס'איז א מבול, אן אומגליק. זשאנדארן און סאָלדאטן יאָגן נאָך פשוטע מענטשן. כ'בין זיכער, אז זיי זענען מיט גאָרנישט שולדיק. וואָס וויל מען פון זיי? לויט ווי איך פארשטיי, ווילן די ארבעטער א בעסערן לוין. וואָסזשע, ס'קומט זיי נישט? זיי דארפן האָרעווען און נישט האָבן דאָס נייטיקסטע פאר זייערע משפחות? איך פארשטיי דאָס נישט. מיין פויערשער שכל סטייעט מיר נישט, כ'זאָל דאָס קאָנען באגרייפן. איי, מיר צאָלט מען דען בעסער פאר מיין האָרעוואַניע? איך בין כאָטש איינער אליין, אן אלטער, וואָס דארף איך דען, זיי זענען אָבער יונגע מענטשן און דארפן אלץ קויפן, און אז זיי האָבן נישט מיט וואָס? וואָס זאָלן זיי טון? איך בין געפאָרן אויפן וועג און ארייננגעקלערט אין דעם דאָזיקן ענין. פארוואָס זאָלן זיך נישט פאראייניקן די פויערים מיט די ארבעטער? זיי זענען דאָך די, וואָס שאפן אלץ אויף דער ערד! פארוואָס זאָל יעדער קעמפן באזונדער, פאר זיין רעכט צו לעבן אויף דער וועלט, ווו זיי שאפן אלץ און האָבן גאָרנישט? מילא, מיר זענען פויערים, אָבער זיי... צווישן די ארבעטער, זענען דאָ מענטשן מיט אָפענע קעפ, ערלעכע, א סך פון זיי, וואָס האָבן זיך מקריב געווען פאר זייערע ברידער, ליגן שוין יאָרן אין די תפיסות. פארוואָס זענען די אנדערע קעמפער, וואָס זענען נישט ארעסטירט, אזוי קורץ געשלייערט און קומען נישט אהער צו אונדז, צו די פויערים פון דאנען, און פון גאנצן לאנד, און צוזאמען

אָפּשטעלן די ארבעט, און איינגעם פירן דעם קאמף? וואָסזשע, ס'שטייט זיי נישט אָן, מיט אונדז פּויערים צו פירן איינגעם דעם קאמף? אָט די נארישקייט פארשטיי איך נישט.

דער אלטער האָט גיך גענומען דעם עמער, זיך געלאָזט צום ברונעם, כדי אָנצופּאָיען די פערד.

דער זון, פּעטראקע, נעמט אים ארויס דעם עמער פון דער האנט און גייט ברענגען וואסער.

— מירן וועגן דעם נאָך רעדן, האָט אים דער זון, א פארקלערטער, געענטפערט.

# קאפיטל XX

אין קלוב זענען געזעסן די שטאם-געסט, ווארטנדיק מיט אָפענע מיילער נייעסן פון אונטן, פון די אַטעליערן. דומיטריו, מיטן רויטן קאַרק, האָט איבערגעגעבן די לעצטע ידיעות, אז: די באָלשעוויקעס לאָזן זיך נישט; אז דער באפעל, אז אלע באן-ארבעטער זענען מאָביליזירט און דארפן אין 24 שעה זיך מעלדן צום מיליטער, איז אָפגעוואָרפן געוואָרן; אז די, וואָס ווערן אויפגעהויבן מיט געוואלט, ווילן נישט גיין אין באַנער-רעגימענט. די באָלשעוויקישע פראָפּאגאנדע האָט זיי אזוי פארפירט, אז ביי זיי איז מער ניחא צו מאכן די שווערסטע אינסטרוקציעס, ווי אויסצופירן זייער פראָפעסיאָנעלע ארבעט — זאָגט דומיטריו ווייטער, כ'וויים נישט ווען און וויאזוי האָבן זיי געקאָנט ווירקן, אז אפילו אלטע לייט פון 65 יאָר האָבן ליבער געמאכט די שווערסטע מיליטער-איבונגען, איידער ברעמזן די באן-ליניע, וואָס מאָנט זייער קליינע באמיונגען.

מילוצע, אויפהייבנדיק די נאָז פון דער צייטונג, פארלירט נישט די געלעגנהייט צו געבן א שטאָך דעם פלאפּלער דומיטריו.

— אנו, זאָג מיר נאָר, וואָס איז געוואָרן פון דיינע פארזיכערונגען, אז די ארבעטער וועלן נישט הערן די באפעלן פונעם צענטער און אויב אפילו יאָ, וועלן זיי זיצן אין דער היים מיט פארלייגטע הענט? אין דער אמתן אָבער זעען מיר, אז אלע האָבן אוועק געוואָרפן די ארבעט און נישט נאָר זיי זיצן נישט אין דער היים, פארקערט, זיי זענען אראָפּגעקומען און א גרויסער טייל אגיטירן, רודערן אויף די באפעלקערונג. איר זענט בלויז א מויל מאכער. איר וועט זיך זיכער בארימען מיטן דורכפאל פונעם שטרייק, אז דאָס איז אייער ארבעט. גייט בעסער אראָפּ, גייט צו זיי, אין זייערע היימען,

איבערצייגט די משפּחות, אויב איר קאָנט זיי נישט איבערצייגן, אַז דער שטרייק איז אַן אומזין, האָט קיין ממשותדיקן ווערט און אַז ער וועט דער־שטיקט ווערט דורכן מיליטער. וואָס זוכט איר אין קלוב?

— ער האָט צוטרוי צום מיליטער—האָט סימיאָן, ציניש, זיך אָנגערופן.

— ער האָט מורא זיך אהין צו באַווייזן. ער היט זיך אָט די גאַנצע ליפּ, ווייל איינע האָט מען אים שוין געשפּאָלטן — האָט זיך א צווייטער אָנגערופן.

— ס'איז נישט פּאָליטיש, אַז דער שטרייק זאָל נאָר מיט געוואַלט צעשמעטערט ווערן. מיר דאַרפן פירן א מינדלעכע פּראָפּאַגאַנדע, פון מע־נטש צו מענטש, און ווייזן, אַז זייער וועג איז נישט קיין פּאַטריאָטישער. מ'דאַרף זיי אויך צוזאָגן, אַז מ'וועט א מאָל זייערע פאָדערונגען דערפולן, אָבער נישט מיט אַנאַרכישע מיטלען קאָן מען ארויסרופן גענאָד מצד דער רעגירונג, וואָס איז אָנגעפירט פון אונדזער בעסטן גענעראַל, וואָס האָט באַקו־מען צוטרוי פון דעם מלך אליין, אונטער וועמענס הערשאַפט מיר האָבן דערלאָ־בערט די נייע געביטן. מיר דאַרפן פּראָפּאַגירן פאַר אים, ארויסווייזן פאַר יעדן זיין מעכטיקייט און זיין גענאָד.

דומיטריו, האָט זיך נישט געקענט קיין עצה געבן. זאָל ער נאָכגעבן אלץ? וועט עס הייסן, אַז ער האָט טאַקע גאָרנישט געטאָן; זאָל ער אקעגן־רעדן? האָט ער מורא, אַז מ'זאָל אים גישט ארויסשטעלן פון זיין פּאָ־סטן און אים שיקן צו שווערער ארבעט. ער האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און געזאָגט:

— איר זאָלט נישט מיינען, קאָנע מילוצע, אַז דאָס איז א גרינג שטיקל ארבעט... איבערצוצייגן די ארבעטער, אַז דער מלך איז זייער פריי־נט, זייער באַשיצער, זייער פאָטער. איר דאַרפט נישט פארגעסן, אַז די ארבעטער, האָבן צוריק מיט צוויי יאָר טאַקע דעם מלך מיט זיין יורש אָפּגעשטעלט אויף די בוקארעשטער גאַסן און זיי האָבן געמוזט מאַכן א ויברח. די ארבעטער-מאַסן קאָן מען נישט איינעמען מיט צוזאָגעכצער. מ'דאַרף זיי טאַקע תיכף ממש עפּעס געבן. זיי גלויבן נישט. וואָס אָנבאַ־טרעפט די פּאָליטישע פאָדערונגען, דאָס איז אַן אַנדערע געשיכטע. אקעגן די דאָזיקע פּאָדערונגען וועט אפשר גרינגער זיין אונדזער אקציע, ווייל נישט אַלע ארבעטער זענען באַוווסטזיניק און פארשטייען, אַז מ'קאָן נישט אָפּטיילן עקאָנאָמישע פון פּאָליטישע פּאָדערונגען. ביי אייך איז דאָס גאַנץ גרינג. אין דערווירקלעכקייט אָבער איז דאָס גאַנץ אַנדערש. די באָלשעוויקעס האָבן נישט קיין רו-פּלאַץ. פאַר זיי איז נישט גענוג וואָס

זיי פראָפּאגירן מאָסקווער-אידייען, טאָג-טעגלעך, ביי דער ארבעט. נאָך דער ארבעט, זעט מען זיי ווייטער צווישן די ארבעטער, אין זייערע היי-מען, קלובן אָדער אנדערע געהיימע פּלעצער וווּ זיי באגעגענען זיך. כ'פארשטיי אייך איבערהויפּט נישט. איצט ווען די געמיטער זענען אזוי אויפגערודערט, איצט, ווען עס זידט ווי אין א קעסל, שיקט איר מיך כ'זאָל אגיטירן. ווו איז אייער פארשטאנד?

דעם פּריצס פּנים האָט זיך אָנגעהויבן צו בייטן, דומיטריו, האָט זיך אָפּגעגעבן חשבון, אז ער איז צו ווייט פארפאָרן. איבערהויפּט דאָ, אין אן עפנטלעך לאָקאל. ער האָט א ביסל אראָפּגעלאָזט די שטימע און האָט אָנגעהויבן צוריק צו כאַפּן. — יאָ, האָט ער ווייטער געזאָגט, — איר האָט אונדז געלערנט וויאזוי אומצוגיין מיט די דאָזיקע לייט. איר האָט אונדז אפילו אָנגעוויזן וואָסערע צייטונגען, זשורנאלן און ביכער מיר זאָלן באנוצן צו אונדזער ארבעט. מיר אָבער, האָבן זיך נישט געגוג צוגעהערט צו אייערע גוטע עצות. מיר האָבן זיי טאקע אָנגעוויזן דעם וועג, אָבער מיר האָבן דאָס נישט געטאָן שטענדיק. אזוי אז די שעדלע-כע פּראָפּאגאנדע האָט מער אויפגעכאפּט, יאָ, מ'מוז זאָגן דעם אמת, זייערע פּראָפּאגאנדיסטן זענען מער איבערגעגעבן זייער זאך. מיר זענען זייער א סך ארונטער געבליבן. מיר זענען אָבער זיכער, אז נאָכ-דעם וואָס דער שטרייק וועט דערשטיקט ווערן, וועלן מיר נישט האלטן פאר גרינג אָפּצוהיטן דעם נאציאָנאליסטישן קערן אין סאָציאליסטישן שאָלעכץ. זייט רויק, קאָנע מילוצע, פון דעם שטרייק וועלן מיר א סך אָפּלערנען און פירן אונדזער ארבעט אויף א געהעריקער הייך.

דער פּריץ, האָט געמאכט א מינע פון אן אומבאהאָלפענעם און געזאָגט:

— מיר וועלן אייך נאָך שענקען צוטרוי אויף א האלב יאָר.

די אנדערע האָבן געשמייכלט.

סימיאָן, האָט אים אָבער געגעבן א שטאָך:

— האָסט אים געפירט אין באָד אריין... זע פארליר נישט דעם טערמין. האלט זיך אין דער מעלה!

אומעטום האָט מען גערעדט פון די געשעענישן. אינעם קאפעהייזל וואָס מעכל דער קרומער האָט ערשט געעפנט, זענען געקומען אין די טעג ווען זיי האָבן קיין ארבעט נישט געהאט, אויך אזעלכע געסט, וואָס פלעגן וויסן גאָר פון איין זאך: ארבעטן פון גאנץ פרי ביז אין דער שטאָק פינצטערער נאכט. דער שטרייק האָט אראָפּגעשלעפּט די שוסטערס

פון זייערע נידעריקע בענקלעך, וואָס זענען געווען איבערגעצויגן מיט צעריסענעם אלטן לעדער, די סטאָליערס, די מוירער, די העקער־יונגען, זיי האָבן געפילט, אז דאָ שפיגלט זיך אָפּ א דראמע, וואָס האָט אויך א שייכות מיט זיי. ווערן זיי דען נישט עקספּלואַטירט? אפילו ווען זיי זענען נישט אָנגעשטעלטע ביי יענעם. דער פאקט גופא, וואָס זיי ארבעטן אָפּ זייער גאנץ לעבן און גייען ארום אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן און דעם גרעסטן טייל פון זייער לעבן, האָבן זיי נישט געגעסן ווי מענטשן, שטענדיק געשלונגען די סלינע. און אלץ אָן שום אויסזיכט אויף עפּעס בעסערס. ס'קומען דאָ אויך אריין קליינע סוחרימלעך, וועלכע באצירן די פּאָליציעס פון זייערע קלייטלעך מיט ליידיקע שאכטלען, כדי צו פארשטעלן דעם דלות, וואָס בושעוועט אין זייערע קלייטלעך, פאר וועלכע זיי דארפן באצאָלן שווער דירה־געלט, דעם באוווסטן פריץ סטורדזא, וועמען ס'איז ווייניק פעלדער און וועלדער, נאָר ער האָט אויך זיך אויסגעבויט דירות מיט קלייטן, געבויטע פון זיינע קנעכט, וואָס זענען פארשווארצט געוואָרן זייער גאנץ לעבן. זיי האָבן געפילט, אז דאָ האנדלט זיך וועגן גערעכטיקייט, וואָס ווערט פארלעצט מצד די באהערדן, מצד דעם מיליטער. ווער איז געווען מערער באַוואָלט פון זיי ביי יעדער געלעגנהייט, ווען זיי האָבן געדארפט אָנקומען צו זיי? אין מיליטער, שמועסט מען נישט, אז מען האָט פון זיי חוזק געמאכט, באליידיקט, געשלאָגן, געהרגעט, פארמשפּט אויף יאָרן שווערע תפיסה, וועגן אויסגעטראכטע, נישט געשטויגענע, נישט געפלויגענע־פארבאָטן. ס'האָט זיך געפילט אין דער לופט. אז דער סדר־העולם, וואָס האָט אויסגעוויזן, אז ער וועט שטענדיק שטיין אויף די פיס און וועט זיך קיינמאָל נישט איבערקערן, שאָקלט זיך, וואקלט זיך און מיט געוואלד זוכן אים די באצווינגער איינצוהאלטן, מעג דאָס קאָסטן טייכן בלוט און ימים צרות און אנגסטן. אין דער לופט האָט געשוועבט דער צער און צאָרן, וואָס האָבן זיך געזאמלט זייט דורות, פון די געפּלאָגטע, פון די געפּייניקטע, וואָס האָבן זיך צוזאמען געשמאָלצן מיט די צרות און ליידן, וואָס די גאנצע ארבעטערשאפט האָט געהאט אויסצולייזן פון די אכזריותדיקע אויסנוצער און באצווינגער. די צייט איז געווען צייטיק. דער בלאָטער איז געווען אָנגעצויגן. ס'האָט געריסן דאָס גאנצע לייב, ווייל ס'אין געווען פול מיט אייטער. די ידיעות, אז דאָס גאנצע לאנד האָט אָפּגעשטעלט די ארבעט, האָט אָנגעפולט די מאכטלאָזע מיט האָפענונג, אז אָט באלד וועט זיך באוויזן די שטארקע האנט, וואָס וועט זיי ארויספירן פון דער פינצטער־

ניש, וואָס איז אייגגעהילט אין צרות און פיין, אין דלות, אין חוזק און אין אויסזיכטלאָזיקייט. ווי א שטארקער האָגל אין א שלאקס־רעגן אין מיטן פעלד, אזוי האָט אויף זיי געווירקט די טרויריקע בשורה, אז די פרייהייטס-קעמפער ווערן פארפאָלגט, געכאפט, ארויסגעריסן פון זייערע היימען, דורך די ווילדע ברואים וואָס ווילן זייער גן־עדן נישט פארלירן, און פייניקן, שלאָגן, הרגענען זיי, א סך זענען צוגעבונדן צו די ביימער, מ'לאָזט נישט צו צו זיי. א תשעה-באָב-שטימונג האָט זיי אלע ארומגענומען. אנטשל דער סטאָליער קומט אריין, ער איז געווען ביי איליע דאָגארון, וועלכער האָט פארלאנגט הילף פאר די פארמאכטע, און זאָגט: — מ'קאָן שוין מער נישט אויסהאלטן! ער צעשרייט זיך: וואָס? מיר קאָנען זיצן, זיך אויקען און ווייקען, ווען ארום אונדז קומט פאָר א שלאכט פאר גערעכטיקייט, פאר פרייהייט, און מיר דאָ, וואָס טוען מיר? לאָמיר זיך צונויפלייגן פון אונדזער אָרעמקייט און אריבער-שמוגלען אהין, אין די וועלדער, עטלעכע זעק מיט ברויט, פרוכטן און קעז. אונדזערע יאטן וועלן דאָס שוין אדורכפירן. א נו, סרול, לאָמיר זען וואָס דו קאָנסט! דו קאָנסט דאָך דעם מאָצקער וואלד, ווי די דלאָניע פון דיין האנט, זע און פיר אוים דאָס שליחות, אזוי ווי דו קאָנסט און אזוי ווי דיר פאסט!

יחיאל שוסטער, וואָס פלעגט זיצן, ווי צוגעקאָוועט צום ווארשטאט ס'גאנצע לעבן זיינס, אין וועמענס פנים ס'האָבן זיך אָפגעשפיגלט אלע געלע בלעטער פון דער גאנצער וועלט, דער וואָס האָט קיינמאָל נישט ארויסגעזאָגט זיין אייגענע מיינונג, דער וואָס פלעגט זעלטן ווען קומען צווישן מענטשן, א חוץ ימים-טובים, איבערהויפט שמחת-תורה. ער וואָס איז געווען א שטענדיקער קרבן, ווען ס'איז אריינגעקומען עפעס א קנעפל, קעגן וועמען ער פלעגט א פיפס נישט טאָן און אוועקגעבן א האלבע וואָך האָרעוואניע, אָדער גאָר א גאנצע וואָך מי און מאטערניש, אויב ער האָט נאָר געהאט, און טאָמער נישט, האָט ער זיך אָפגעבעטן ווי ביי א גזלן, אז דער באקשיש-מאן זאָל נישט ברוגז ווערן און אריין קומען די אנדערע וואָך, וועט ער אים אם־ירצה־השם צוגרייטן דאָס וואָס אים קומט, אי דאָס נאָך מיט גרוים דאנק. אלע באאמטע, פון קליין ביז גרוים, האָבן אים געקענט און געוווסט, אז זיין וואָרט איז הייליק און זיי האָבן מסכים געווען מיט זיין בקשה. ער פלעגט דעמלט פריי אָפ אָטעמען און אין זיינע אויגן פלעגט זיך אויסדריקן אזוי פיל דאנקבארקייט און אונטערטעניקייט, גלייך ווי יענער האָט אים געטאָן די גרעסטע טובה און נישט אויסגעריסן ביי אים דעם ביטערן ביסן, וואָס

פלעגט אים אזוי שווער אָנקומען נאָך שווערער ארבעט. יענע וואָך, וואָס אים איז באַשערט געווען צו ארבעטן פאר די בלוט-זויגער, פלעגט ער אויפשטיין פיר א זייגער אינדערפרי און ארבעטן ביז צוועלף באנאכט. נ'שט ווי זיין שטייגער איז געווען, פון זעקס אינדערפרי ביז צען אויפ-דערנאכט, כדי ער זאָל נאָך קענען עפּעס פארדינען פאר זיין ווייב און קינדער. דער כוח פונעם כלל, האָט אויף אים אזוי געווירקט, אז עס האָט אין אים זיך פּלוצעם דערוועקט דער מוט, וואָס פלעגט אנטרינען ווערן, ווען אן אָנשיקעניש פלעגט אריין צו אים, ווען ער איז געווען אײנער אליין אויפן ווארשטאט און אים אוסגעקוועטשט ווי א לימענע. זיינע מידע און אָפּגעבליאקעוועטע אויגן זענען מיט אמאָל לעבעדיק געוואָרן. אויף זיין געל פּנים האָט מען דערזען, אז עפּעס רויטלט זיך דאָרט. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט:

— קום אריין אנטשל, און נעם ביי מיר די פּאָר פּויערישע שיך וואָס כ'האָב זיי צוגעגרייט צו פארקויפן אויפן נעכסטן יאריד. פארקויף זיי, אָדער שענק זיי אײנעם, וואָס דארף זיי דאָרטן האָבן. מיט מיין קליינעםביישטייער וויל איך העלפן אָט די וואָס האָבן דעם מוט זיך קעגן צו שטעלן, אָט די וואָס לעבן פון יענעמס האָרעוואניע, און ווען יענע ווילן פאר זיך און פאר זייערע ווייבער און קינדער מער א שטיקל ברויט, פארשטאָפּט מען זייער מויל מיט קוילן.

דאָס האָט געמאכט זייער א גרויסן רושם אויף די פארזאמלטע. יעדער האָט אים געקענט פאר א נעבעכל. וואָס קאָן קיין צוויי נישט ציילן, פאר אזעלכן וואָס פלעגט זיך שרעקן, ווען ער האָט דערהערט דעם שאָרך פון א בלעטל. און אלע האָבן זיך אָנגעהויבן צו טאַפּן און די קעשענעס, ווער ס'האָט דאָרט עפּעס געפונען האָט שוין צוגעטראָגן זיין ביישטייער, און ווער נישט, האָט זיך מתחייב געווען, אז ער וועט באלד אריינברענגען, הן מזומן, הן אין קענגווערט, מ'זאָל מאכן דערפון געלט און העלפן די דאָזיקע וואָס זענען זיך מוסר-נפש, מעג מען זיי בינדן, הענגען און שלאָגן און זיי געבן נישט נאָך, זיי גייען נישט צו דער ארבעט ביז וואנען זיי וועלן נישט באקומען א באפעל פון דער צענטראלע פון בוקארעשט.

צאליק מיט סרולן, האָבן זיך גענומען צו דער ארבעט. איבערפּעקלען אהין און וואלד אריין דאָס עסנווארג און די עטלעכע מלבושים.

— מיר דארפן דאָ זייער אויפמערקזאם ארבעטן. מ'דארף זיין רואיק, נישט היציק, אלאָ נישט קאָנען מיר אריינפאלן גלייך אין וואָלפּס פּיסק אריין. ווארף ארויף א זאָטל אויפן לאָשעק. — האָט צאליק גע-

זאָגט — און שטעל דיך אָפּ ביי דעם אלטן טאָדאָר, דער וואָס קומט יעדן טאָג אהער צו דער באַן. דו ווייסט וווּ ער וווינט?

— געוויס. נאָר איינמאָל בין איך געווען ביי אים — האָט סרול געענטפערט. — מיט זיין פעטראקען האָב איך זיך נישט איינמאָל גע־טראָפן און ארומגעשמועסט פארשידענע ענינים. ער איז איינער פון יענע, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין שטרייק פון 13 טן דעצעמבער 1918. ער איז א גוטער יאט. ער האָט דעמלט נישט געוואָלט פאָלגן דעם באַ־פעל צו שיסן אויף די ארבעטער.

— זייער גוט — האָט צאליק צופרידן געזאָגט — זאָג זיי, אז איינער פון זיי זאָל אהער קומען. בעסער וואָלט געווען, אז טאקע דער אלטער אליין זאָל קומען מיט א וואָגן היי אָדער שטרוי. ווייסטו וואָס? — איז זיך צאליק מיישב — זאָלן זיי ביידע קומען. איך וועל זיך מיט זיי שוין איינפארשטיין.

— גוט, האָט סרול געזאָגט.

— אָבער פייל אויסן בויגן, נישטאָ קיין צייט צו פארלירן.

— ווי אן אָדלער, איז סרול געפלויגן אויף זיין פערדל. ס'האָט לאנג נישט געדויערט און ס'זענען אָנגעקומען די פויערים.

— הערט אויס ברידער — האָט צאליק צו זיי געזאָגט, — מיר דארפן העלפן אָט די וואָס זענען אין וואלד. הן די געכאפטע, הן די וועל־כע באהאלטן זיך אוים. וויאזוי מיינט איר דארפן מיר דאָ האנדלען, כדי דורכצופירן אונדזער פלאן אויפן בעסטן אופן?

פעטראקע, א געזונטער יונג מיט ברייטע פלייצעס, גיט זיך א רייב די נאָז, און רוקט ארויף זיך דאָס היטל, קוקט זיך ארום, צי ס'זענען נישטאָ נאָך אנדערע מענטשן, טוט א טיפן זיפץ און זאָגט:

— אוודאי דארפן מיר העלפן די געפאנגענע און די פארפאָלגטע. ס'איז אָבער א גרויסע סכנה, פאטרולן דרייען זיך ארום דעם וואלד. אויך אויף די שטראָזן זענען זיי פול. כ'וויים נישט וויאזוי מ'קאָן צו זיי צו־קומען.

דער אלטער טאָדאָר קוקט אויף די פארזאמלטע, פלוצעם רייסט ער אוועק זיינע בליקן און קוקט ערגעץ ווייט... אויף זיין געקאָרטשעטע פנים באווייזט זיך א שמייכל. ער פרייט זיך וואָס ער האָט געפונען אן אויס־וועג:

— הערט אויס, — רופט ער זיך אָן — ס'איז פאראן א וועג, א זייטיקער, וואָס פירט און וואלד אריין. מיר דוכט זיך, אז דאָס איז דער

איינציקער וועג ווו מיר קאָנען אהין אריין. אָבער וואָס טוט מען, אז אינמיטן וואַלד באגעגענען אונדז די פארשאָלטענע פאטרולן וואָס ווערן אָנגעפירט פון אָפיצירן? מיט די פשוטע סאָלדאטן וואָלטן מיר נאָך געקאָנט דורכקומען, מיר רעדן דאָך אויף איין לשון און זיי זענען דאָך אויך זין פון פויערים און ארבעטער! די אָפיצירישע קלעפּ און זייערע שפּיוול ליגן מיר נאָך ביזן היינטיקן טאָג אין טעם, נאָך פון יאָר 1907. ביי מיינע יאָרן, ווייס איך נישט צי כ'וואָלט נאָך געקאָנט אזעלעכס איבערשטיין. כ'וויל זייער העלפן, נאָר וויאזוי?

צאליק האָט געוואָרט, אז דער אלטער זאָל ענדיקן, און דערנאָך אזוי געזאָגט:

— הערט אוים ברידער. זיכער איז די ארבעט נישט קיין גרינגע און זי קאָן ברענגען גרויסע צרות. די אלע אָבער, וואָס זענען אין וואלד, ווי אויך די וואָס זענען געקומען פון פארשידענע טיילן פונעם לאנד, האָבן נישט גאָכגעקלערט אזוי פיל. זיי האָבן געוווסט, אז זיי האָבן נאָר איין איינציקן וועג, דעם וועג פון קאמף, מעג ער זיין פול מיט שטעכעלקעס. זיי זענען אויף אלעמען איינגעגאנגען. זעלבסטפארשטענדלעך, דארף אלץ זיין גוט צו געטראכט. מיר דארפן אלץ זאָל אדורך גוט. הערט אוים מיין עצה. לויט ווי איך ווייס, איז דאָרט פאראן א קאפּאָראל, וואָס האָט געדינט צוזאמען מיט פּעטראקען. אויב איר וואָלט זיך געקאָנט מיט אים פארבינדן, וואָלט געווען אויסגעצייכנט גוט. כ'מיין, אז דאָס איז מעגלעך און אָט וויאזוי. איר פאָרט ארוים גאנץ פרי אין וואלד אריין און נעמט זיך דאָרטן האקן האָלץ. ער וועט מסתם דאָרטן ארומער דורכגיין מיט זיין פאטרולע. דו, פּעטראקע, וועסט אים אָפּשטעלן און זיך מיט אים דערפרייען, ווי מיט אן אלטן גוטן ברודער. מיר וועלן דיר מיטגעבן עט־לעכע פלעשער פלאָמען-בראָנפן. און אזוי ארום, וועסטו קאָנען דורכפירן דעם פּלאן. די עטלעכע זעק וועסטו איבערלאָזן אונטערן סטויגל היי, און די וואָס וואַרטן אויף אונדזער הילף, וועלן אויף אזא אופן באקומען אָט דאָס ביסל, וואָס מיר האָבן זיי געשיקט.

— א גוטער איינפאל — האָבן דער אלטער מיטן זון צוגעש־טימט — און מ'האָט זיך גענומען צו די עטלעכע זעק און זיי ארייננגע־וואָרפן אין וואָגן.

— ווען דער האָן וועט קרייען צום דריטן מאָל אין דער נאכט, וועלן מיר ארויספאָרן אין וואלד אריין. — האָט דער אלטער פויער, א צופרידענער, געזאָגט.

די זון האָט צו ביסלעך ארויסגעשטויסן די נאכט. אונטן, הינטער די ביימער, וואָס האָבן פון זיך אראָפּגעוואָרפן דעם גרעסטן טייל בלעטער, זענען געשטאנען אויף די פיס מענטשן, מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ און פארמאכטע אויגן. ארום זיי איז געווען א מאסע געלע בלעטלעך, וואָס האָבן געיאָגט איינס ס'אנדערע, גלייך זיי וואָלטן געווען דער שליח-ציבור פון די טרויעריקע געמיטער, ווען זיי האָבן זיך אנגעלעט, וועמענס נאַקעטע פיס זיי האָבן געגלעט.

דאָס ווינטל, וואָס האָט זיך געלאָזט הערן דורך די פארוויאנעטע בלעטער און דורך די כמעט נאקעטע ביימער, האָט זיך אלץ פארגרעסערט ביז ס'האָט אָנגעהויבן צו געוואלדעווען און שרייען — איך בין מער קיין ווינטל נישט, כ'בין א גאנצער ווינט. קאָנסטאנטין, וואָס איז אויך געווען איינער פון די געבונדענע, האָט געהערט אינעם שטורעם, וואָס זאָגט זיך אָן, דעם ברויז, וואָס האָט אָנגעפילט די הערצער פון די קעמפער. באלד האָט זיך אים פארוואלגערט ערגעץ דאָרט, אין זיך, אן אָנהויב פון ספקות. די אָנמאכט האָט אים געוואָלט בייקומען. מיט אמאָל האָט ער געגעבן א פעם-טן שאָקל מיטן קאָפּ און אלע געלע בלעטער מיט די שווארצע מחשבות זענען פארשווונדן געוואָרן. ער האָט געעפנט די אויגן. נישט געלאָזט די אויגן-הייט-לעך אראָפּפאלן. ער האָט דורכגענומען די שווארצע כמארעס, וואָס האָבן זיך נעגומען יאָגן אויפן הימל מיט א געשווינדקייט און אלץ נעביטן זייערע שרעקלעכע געשטאלטן. אין זיינע אויגן האָבן זיך באוויזן שרפות וואָס האָבן צעטאָפּעט די שרעקלעכע כמארעס און ער האָט ווידער דערזען די מילדע זון מיט אירע אומצאָליקע שטראלן, וואָס ווערן ארייגדרינגען און אָנפילן מיט לעבן, מיט מוט, מיט פרייד, אָט די אלע וועמען מ'האָט מיט געוואלד, מיט ביקסן, מיט באיאָנעטן, פארטריבן פון איר שיין, אין די פינצטערע קעלערס, אין די פארשאָלטענע תפיסות.

ס'האָט אָנגעהויבן צו גיסן. פון די הוילע צעשויבערטע קעפּ איז דאָס וואסער ארויף גלייך אויף די כמעט נאקעטע לייבער, וואָס זענען דאָ און דאָרט געווען צוגעדעקט מיט די שטיקער שמאטעס וואָס זענען פריער געווען העמדער. די קערפּערס האָבן אָנגעהויבן ציטערן. די חיות אָבער, וואָס זענען געשטאנען און זיי געהיט, האָט גאָרנישט נעארט. פון צייט צו צייט זענען דורכגעגאנגען סאָלדאטן וואָס האָבן שוין נישט געקאָנט מער צוקוקן צו די ליידן. זיי האָבן מער ווי מיט א ברום, איינגעוויקלט אין א קללה, זיי נישט געהאָלפן. פּלוצעם איז אָנגעקומען, רייטנדיק, דער קאָמאנ-דאנט און באפוילן זיי אויפבונדן און אונטער א שטרענגער וואך אָפּפירן אין די קאזארמעס. באָרוועסע און נאקעטע, האָט מען געטריבן די קעמ-פער. זיי זענען געגאנגען מיט געהויבענע קעפּ כאָטש נישט איינמאָל האָט די מידקייט זיי שיעור נישט גובר געווען.

# קאַפּיטל XXI

פיר א זייגער נאָכמיטאָג. פילט משה פידאַלע, אז זיין סוף איז געקומען. האָט ער דען נישט אַלץ געטאָן, געפּרוווט צו טאָן, כדי ער זאָל נישט קומען דערצו? געשטאַנען צוגעבונדן צום קלייטל, נישט דורכגעלאָזט קיין איין דורכגייער אָן ער זאָל אים אָנביטן זיינע סחורות? סחורה מ'-שטיינס געזאָגט! ווען דאָס וואָלט געווען גאַנגבאַרע סחורה, וואָלט ער צו דעם אומגליק נישט געקומען. ער קאָן זיך נישט מאַכן קיין פאָרוואורפן, אז ער האָט נישט געוואָלט קויפן גאַנגבאַרע אַרטיקלען. ער דערמאָנט זיך, ווי ער פלעגט אַרומלויפן אין יאַס, ווי א פאַרסמטע מויז, ווי ס'איז נאָך גע-ווען א לאָך, כדי צו קויפן סחורה, וואָס בעסערע און וואָס ביליקערע. אָבער דאָס איז שוין לאַנג געווען. דעמלט ווען ער האָט ערשט גענומען דאָס מזומן ביי דער גראָבער רחל. דעמלט האָט מען זיך איבער אים גע-שלאָגן. מ'האָט אים אָנגעוואָרפן די גאַנגבאַרסטע סחורה, מ'האָט געפילט, אז ביי אים איז דאָ א מזומנער פראַנק. אַזוי איז דאָס אַמאָל געגאַנגען. סוחרים האָבן נישט געהאַט פון וואַנען צו וויסן, אז דאָס געלט איז גע-ליגנס. געלט איז געלט. איינגיכן האָבן זיי אים פאָרגעשלאָגן צו נעמען נאָך עטלעכע שטיקלעך סחורה, וואָס זענען ערשט אָנגעקומען פון לאָדזש. ער פלעגט די פאָרגעלייגטע סחורה באַקוקן, באַטאַפּן, זי צוגעטראָגן צו דער ליכט. יאָ, — האָט ער דעמלט געענטפערט — די סחורה געפעלט מיר. כ'וועל אייך אַריינשיקן דאָס געלט, אָדער איך וועל מיך אַליין אַריינ-כאַפּן און אייך באַצאָלן מיט דאַנק. אַזוי איז געגאַנגען א שטיק צייט, מ'-האָט אָנגעוואָרפן סחורה. ער פלעגט נישט וועלן נעמען אַזוי פיל. דער יצר-הרע איז אָבער גרויס, ער האָט זיך מתקנא געווען אין אַנטשל דעם

רויטן, וואָס האָט שטענדיק געהאט א פולע קראָם, אי מיט סחורה אי מיט קונים, און אזוי, חודש נאָך חודש, איז ער אלץ מער אריין אין חו-בות. ער האָט שוין נישט געקאָנט נאָכקומען. די רייזנדער, וואָס זענען געקומען איינמאָל און צוויי מאָל, און נישט באקומען קיין געלט, פלעגן מיט תחנונים-פנימלעך אים בעטן, אז ער זאָל אונטערשרייבן א וועקסעלע און אזוי איז עס ווייטער געגאנגען, נאָך א וועקסעלע און ווידער א וועק-סעלע, און דער קאלענדאר האָט אים געוויזן, אז יעדן טאָג האָט ער צו צאָלן. ס'איז נישט קיין געשעפט צו זיין שולדיק, צו קויפן נאָר אויף באָרג ווייל דעמלט מוז מען נעמען, וואָס יענער האָט און נישט וואָס דו באַ-דארפסט. גאנגבארע ארטיקלען, וואָס דער פויער קויפט, האָט ער שוין מער נישט באקומען, ווייל פאר אזעלכע סחורות האָט מען פארלאנגט מזומן געלט. און מזומן געלט, האָט ער פון לאנג שוין נישט געהאט. ער פלעגט ארייגקוקן אין די פּאָליצעס און ס'פלעגט אים טונקל ווערן פאר די אויגן... ער האָט געזען, אז כמעט אלץ איז „בבל"-סחורה. וואָס איז צום טאָן? — פלעגט ער זיך פלעגן — אויב עס וועט אזוי ווייטער גיין, וועט דאָס אים פירן צום אָפּגרונט. ער האָט ביי זיך געפּועלט ארייגגיין אין דער באנק און לייען א ביסל געלט; כדי ער זאָל קאָנען צושמעלצן מיט גאנגבארע ארטיקלען. דאָס איז טאקע געווען א מיטל. אָבער באלד האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דאָס איז נאָך א גרעסער אומגליק. די טערמי-נען האָבן אָנגעהויבן צו רינען און זיין קאָפּ איז אלץ אויסגעדארטער גע-וואָרן. ביז, ביז ער האָט אָנגעהויבן צו לייען גמילת-חסדים, ביי דעם, ביי יענעם, ביי וועמען נישט? אזוי אז ער האָט שוין נישט געוווסט, אויף וועמענס וועלט ער גייט ארום. און איצט וואָס? איצט וועט ער ווערן אן אָנזעצער? ניין, ער וועט קיין אָנזעצער נישט ווערן. ער וועט אָפּגעבן די סחורה און אן עק זאָל עס נעמען. ווי איז דער דין אָבער, אז סחורה איז געפאלן, אז מיט דער העלפט געלט קאָן מען פרישערע און גאנגבארע סחורה באקומען. ס'איז דאָך געקומען אזא קראך. ווער קאָן אים ביי שטיין! הכלל, וואָס זאָל ער זיך פארקלאפּן דעם קאָפּ. ער וועט סיי ווי סיי די זאך נישט קאָנען דערלייידיקן. זאָל עס זיין, ווי עס ווילט זיך. ער האָט זיך זיינס געטאָן. און וואָס עס וועט זיין, וועט שוין זיין. דער הייגטיקער טאָג אָבער, איז געווען דער ערגסטער פון זיין לעבן. יעדע פינף מינוט פון נאָך זייגער דריי האָט ער געפילט, אז דאָס חיות גייט אים אויס. ווען ער האָט געזען עמעצן פארבייגיין זיין קלייט, האָט ער געבעטן, אפשר קאָן מען אים לייען א גמילת-חסד, אויף א טאָג אָדער צוויי. כאָטש ער

האָט געוווסט. אז ס'איז א ברכה לבטלה. יעדער האָט שוין געוווסט, אז זיין סוף איז שוין געקומען. ווי זאָגט מען אָבער: „אז מ'טרענקט זיך, כאַפּט מען זיך אָן אפילו אָן א שטרוי". אלץ איז אומזיסט. אלע האָפע-נונגען זענען דורכגעפאלן און ער אויך. דאָס וועקסל האָט מען פּראָטעס-טירט. באַנקראָט! באַנקראָט!... ס'האָט אים אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן. ער האָט געזען. ווי אָט איז מען שוין געקומען און מ'האָט אלץ פארחתמעט, פארזיגלט אין קעסטלעך און ארויסגעפירט פונעם קלייטל.

נאָך עטלעכע טעג, איז געקומען וואָרגער, דער אכזר. דער דאָזיקער איז געוועזן באקאנט אין דער וועלט פון די רייזנדער ווי אויך אין דער סוחרישער וועלט ווי אן אויסוווּרף, א בלוט-צאַפּער. ער האָט זיך מיט זיין קרבן געשפּילט, ווי א קאַץ מיט א מויז. כאָטש ער האָט גאַנץ גוט געוווסט, אז אויב משה פידאלע האָט אָנגעזעצט, האָט ער שוין קיין אַנ-דערע ברירה נישט געהאַט. ווער האָט דען מערער געוווסט פון אים, אז משה פידאלע, האָט געלעבט באַשיידן, אז ער פלעגט פאָרן נאָך סחורה קיין יאַס, איז ער געפאָרן פערטע קלאַס, און אז מ'פלעג אים פאָרוואַרפן: „ס'טייטש, ס'איז נישט שיין, אז אזא סוחר ווי ער זאָל גאָר פאָרן פערטע קלאַס", פלעגט ער ענטפערן מיט א חכמהלע, — „וואָס זשע. ווען ס'זאָל זיין א פינפטע, וואָלט איך נישט געפאָרן מיט דער פינפטער?". און ווער ווייסט נאָך אזוי ווי ער, אָט דער גזלן, דער געוועזענער משרת-יונג, וואָס האָט ליב צו גלעטן דעם באַלעבאָס, אז ער, משה פידאלע, איז געקומען קיין יאַס, פלעגט ער זיך אויסזוכן די ביליקסטע אכסניה, כאָטש פאַר זיינע אויגן האָבן זיך געוואָרפן די גרויסע און די גראָמע האָטעלן, און הייגט, וויפל פארצערט ער דאָס, א גאָרנישט מיט א נישט. דער בידנעסטער אָנ-געשטעלטער האָט דאָך מערער פאַרברויכט. שוין אָפּגערעדט דערפון, אז די שטוב זיינע האָט אויסגעזען ווי א שוואַרץ-יאָר. קיינמאָל זיך גאָרנישט פארגינען. שטענדיק און תמיד, קיינמאָל נישט פארגעסן אויף א רגע, אז אלץ איז פרעמדס, פרעמד בלוט. פרעמדע האָרעוואַניע. אָט אזעלכע אינ-פאָרמאַציעס האָט דאָך וואָרגער אליין געבראַכט פאַר זיין באַלעבאָס. און ווער האָט אים, משהן, אָנגעפולט א קלייט פול מיט בבל-סחורה? נישט ער, דער פּאַסקודניאַק? ער פלעגט נאָך הנאה האָבן, אז ער האָט אָפּגעטאָן א גוט שטיקל ארבעט, אין דערמיט זיך אויסשפּיינען פאַרן באַלעבאָס: אז ער האָט די לעצטע „געגנעראַלן" געפּטרט. דאָס הייסט: אזעלכע סחורות, וואָס מ'האָט יאָרן-לאַנג פון זיי נישט געקאָנט פּטור ווערן, האָט ער זיי,

אַט דעם משהן, אריינגעשפּופּט. אַט דער דאָזיקער פּארשוין איז דער ער־שטער געקומען זיך רעכענען מיט משה פּידאלען.

אָן א גוט מאָרגן, איז ער אריין צו אים גאנץ פרי אין קלייטל.

— שיין, א לייטישער מענטש, אן ערלעכער. אָפּגענארט. אי דאָס מיר, וואָס האָב שטענדיק דיר געגעבן סחורה, די בעסטע, די שענסטע, די נאנגבארסטע. אזוי איז מען זיך נוהג מיט א גוטן ברודער? אז שעמען זאָלסטו דיך אין דיין ווייטן האלדז אריין! דו געמיינער אָנזעצער!

דערביי איז אלץ ווארגער מער און מער רויטער געוואָרן פאר רציחה און ער האָט זיך צוגעלאָזט צו דעם אויסגעדארטן יידל און אים פּשוט געוואָלט דורס זיין.

משה פּידאלעס ווייב מיט זיינע צוויי קינדער, וואָס זענען געשטאנען אין יענער זייט פונעם פענצטער און געזען די דאָזיקע סצענע, זענען דער־שראָקן געוואָרן, די קינדער האָבן געביילט די פויסטלעך און געוואָלט צושפּרינגען, זיי זאָלן זיך אָנעמען פאר זייער בידנעם פאָטער. די מוטער האָט אָבער נישט געלאָזט: נישט חלילה דערצערענען דעם גזלן, וואָרעם ס׳קאָן נאָך ערגער זיין. און זי דערמאָנט זיך, וויפל מאָל זי האָט משהן געבעטן, ער זאָל איר קויפן א פּאָר זאָקן און פאר די קינדערלעך צו פּאָר שיכעלעך. עס פלעגט זיך איר אָפּגלוסטן. ער האָט איר געגצלעך נישט געקאָנט אָפּזאָגן, פלעגט ער איר געבן געלט בלויז פאר איין זאָק, און פאר די קינדערלעך, פלעגט ער איינמאָל אין יאָר קויפן צו פּאָר שיכלעך אָבער זיי זענען געווען די ביליקסטע. וואָס נאָך צוויי וואָכן, זענען שוין ארויסגעקראָכן די פינגערלעך און האָבן אָנגעהויבן צו פרירן. ווייל די פּאָדעשוועס זענען געווען פון קארטאָן. פון זיגט זי קאָן אים, האָט ער איך געמאכט א קליידל? און א ציכל פאר א קישן האָט ער דען געלאָזט נעמען פונעם קלייטל? ניין און ניין, איז געווען זיין ענטפער. — שפּע־טער, שפּעטער, ווען מיר וועלן זיך א ביסל דעראָביען, דעמלט, דעמלט.

— דאָס איז געווען זיין ענטפער. און אים, איר מאן, וואָגט דער דאָזי־קער גזלן, אָט דער גראָבער יונג, אזוי מיאוס באליידיקן? זי קאָן דאָס מער נישט איבערטראָגן... זי לויפט ארויס מיט דער צוגעברענטער קאָט־שערע, וואָס זי האָט געהאלטן אין דער האנט. זי וועט אים אָנלערנען, דעם אויסוווּרף.

ווי א רוח, ווי א שווארץ־יאָר איז ער אויסגערונען געוואָרן. ס׳־האָט נישט געדויערט קיין פערטל שעה, און ער איז שוין דאָ מיט

פּאַרטירעל[1]. פון דעם אקטן-טאַש נעמט ער ארויס רויטן טריפּוואקס, צו-געגרייט א ליכטל מיט שוועבעלער און שטריקלעך. די קעסטלעך זענען אויסגעוואקסן ווי פון אונטער דער ערד. ער האָט פון זיך אראָפּגעוואָרפן דעם אויבערציער און אָנגעהויבן אריינוואַרפן אין די קעסטלעך די שטיק-לעך סחורה, אלע רעשטלעך.

דאָס אויסגעדארטע יידל איז געשטאַנען. די הענט האָבן ביי אים געציטערט. אין הארץ האָט ער געפילט, אז עס טריפט אין אים דאָס בלוט. בלאַס, מיט דערשראָקענע אויגן, בעט ער, מ'זאָל נישט ארויספירן די קעסטלעך. ס'איז פאר אים א ביטערע בושה. ס'האָט אים גאָרנישט געהאָלפן. דער סערזשאַנט האָט פּייגען, משה פידאלעס ווייב מיט דער קאָטשערע, ארויסגעשטופּט. ער האָט געזאָגט, אז דאָס שמעקט מיט „רע-בעליוּנגע". פייגע האָט אראָפּגעלאָזט די אויגן. אויף א ווײַלע איז איר אָפּגענומען געוואָרן דאָס לשון. באלד אָבער איז זי צו זיך געקומען און אָפּגעשפּיגן דעם רויטן מנוול, אויף אים אויסגעשיט די תוכחה און אין שטוב איז זי אריין מיט א געוויין, גלייך ווי נאָך א טויטן.

— איך וועל דיך נאָך איינזעצן! — דאָס איז געווען דער א „גוטן טאָג" וואָס דער משומד האָט געזאָגט.

ער האָט דעם פּאַרטירעל און דעם סערזשאַנט אריינגעשטופּט דעם נעהעריקן „באקשיש", זיך אריינגעזעצט אין דער דראָשקע און גיך אהיים געקומען, צום באַלעבאָס, און אים איבערגעגעבן דעם ראפּאָרט מיט אלע איינצלהייטן, כדי אים צום דריטן מאָל ווייזן, וואָס פארא מענטש ער איז און, אז ער, דער באַלעבאָס, האָט זיך אויף וועמען צו פארלאָזן.

— ווי איר זעט, באַלעבאָס-לעבן, האָב איך מיינס געטאָן... צוגע-גרייט דעם באָדן פאר די אינלענדישע און אויסלענדישע קרעדיטאָרן. איצט בלייבט, אז איר זאָלט אייערס טאָן און...

— וואָס באַלעבעטשעסטו דאָרטן, וואָס? האָט זיך דער באַלעבאָס צעבייזערט.

— כ'וויל זאָגן, אז מיט די עטלעכע סעקוועסטערס און עטלעכע פּראָטעסטירטע וועקסלען און מיט דער הילף פון אייער געניטן בוכהאל-טער קענט איר איצט מאָנען א „מאָראטאָריו" און צאָלן נישט מער ווי צוואנציק ביז פינף און צוואנציק פּראָצענט. נישקשה זיי וועלן זיין צופרידן!

---

[1] פּאַרטירעל — פּאָרשטייער פון דער יוסטיץ.

— וואָס „מאָראַטאָריו“, ווער „מאָראַטאָריו“? ווער מאָנט ביי דיר עצות? פון וועז אָן זאָרגסטו זיך פאַר מיינע געשעפטן?

— ניין, באַלעבאָס-לעבן. דאָ האָט איר אַ טעות. ס'גייט מיר נישט אַזוי אין אייערע געשעפטן, ווי אין מיינע פּערזענלעכע. נישט מער, ס'איז דאָ צווישן זיי אַ התקרבות. איך וויל זאָגן, אַז נאָכן אויסגלייכן זיך מיט אייערע קרעדיטאָרן, וועט אייך בלייבן יענע מנה־יפה...

— נו, איז וואָס?

— האָב איך ביי מיר געטראַכט, אַז נאָך דעם, וואָס איר וועט אַרויס צופרידן, דאַרף איך אויך אַרויס צופרידן, וואָסזשע כ'האָב מיר נישט פאַרדינט? ווייניק צרות זיך אויסגעשטאַנען אין די קליינע שטעט־לעך?! מ'האָט דאָך מיך געוואָלט צערייסן ווי אַ פיש! און מיט רעכט. וואָרעם וואָס זענען זיי שולדיק, אַז מיר האָבן זיי כמעט מיט געוואַלד, אַריינגערוקט בבל־סחורות, ס'הייסט אי טייערע, אי מיתה־משונה קאָלירן און זיי אַזוי אַרום פשוט דערשטיקט! איך ווייס, אַז איך האָב געהאַנדלט ווי אַ גזלן, נאָר וואָס טוט מען נישט צוליב פרנסה?!

דעם באַלעבאָס זענען גאָרנישט ניחאָ געווען דעם רייזענדערס רייד. ער האָט אָבער געזען, אַז דער רייזענדער האָט געטראָפן אין פּינטל; ער האָט דערזען, אַז ער וויל מאָנען מאָראַטאָריו, חוץ דעם האָט ער נאָך אַ טראַכט געטון, אַז אים דעם רייזענדער זענען אויך נישט פרעמד די סו־דות פון זיינע געשעפטן, האָט ער זאָג געטאָן:

— נו, מילאָ, כ'וועל פאַרזאָרגן דיין שוועסטער, איר געבן נדן און אַ חתן, עפּעס מיין ווייבס אַ ווייטער קרוב, און דיר וועל געבן אַ שטובל דאָ אויפן הויף, אַז אויף די עלטערע יאָרן זאָלסטו האָבן, וווּ דעם קאָפּ אַנידערצולייגן. אַ חוץ דעם, וועסטו זיין מיין פּראָקוריסט, נאָך אויף פינף יאָר, איז גוט? נאָר מיט אַ תנאי, נישט רעדן ווי אַ שייגעץ. פאַר־שטאַנען?

— יאָ, רב שמחה, אָבער אַ ביסל מזומן. דערצו האָט איר גאָר־נישט געקלערט? איר זענט דאָך אַ פּראַקטישער מענטש!

— דו האָסט דאָך געלערנט אַמאָל אין חדר... „מרבה דברים, מרבה שטות“. פאַרלאָז דיך אויף מיר. דו וועסט שוין נישט פאַרפאַלן ווערן. נאָר ווי געזאָגט: דרך־ארץ. דו גיי, נעם דיך ווייטער צו דער אַרבעט און רעד ווייניקער. און דער עיקר, מיט איבערגעגעבנקייט.

— באלעבאָס לעבן, כ'מו אָנערקענען, אז כ'האָב נישט מיט אייך גערעדט, ווי עס דארף צו זיין, כ'האָב איבערגעכאפט די מאָס, זייט מיר מוחל.

— זיי נישט קיין נאר, גיי צום קאסירער און זאָג אים, אז כ'האָב געהייסן דיר געבן א טויזנטער.

— א שיינעם דאנק! א גוטן טאָג!

# קאפיטל XXII

משהלע איז ארום געגאנגען א פארטרודטער, א פארקלערטער, מיט א צייטונג, א בוך, אָדער א בראָשור, אין וועלכע ער האָט זיך אינגאנצן ארייננעלאָזט. גייענדיק אזוי אויף דער גרויסער גאס, שטעלט אים אָפּ סרול, שמעונס ברודער.

— וואָס ביסטו אזוי פארטראָגן, און פארוואָס זעט מען דיך נישט? מיר האָבן זיך פארזאמלט שוין עטלעכע מאָל מיט חברים וואָס זענען געקומען פון יאס, פון אנדערע שטעט. מ'האָט געפרעגט אויף דיר און קיינער האָט נישט געוווסט צו געבן א קלאָרן ענטפער.

— וואָס האָבן זיי געוואָלט? נאָך א מאָל א שטרייק, אזעלכן וואָס וועט ברענגען א פרישן חורבן צווישן די ארבעטער? דאָס זענען דאָך אומפאראנטוואָרטלעכע מענטשן. ער האָט פארמאכט דאָס ביכל, ארייננפירנדיק די צענעמענע פינגער אין זיינע צעשויבערטע האָר וואָס האָט געהייסן, אז ער גרייט זיך, צו א גרעסערער דרשה. סרול האָט דאָס שוין געוווסט און אים אויפמערקזאם געמאכט, אז דאָ איז נישט דאָס פלאץ צו דרשענען. אויב ער וויל וועט ער צונויפרופן די עטלעכע באן-ארבעטער אין דאָרף, ביי פעטראקען. ס'קאָן זיין, אז ס'זאָל אויך קומען דער יאסער שליח. ער וואָלט זייער געוואָלט מיט דיר זיך אויסטענהן. אויב ס'אינטערעסירט דיך אזא צוזאמענשמועס, זאָג, וועל איך דאָס איינאָרדענען. משהלע האָט א ווייַלע א טראכט געטאָן און געענטפערט:

— נו, גוט, גרייט צו א צוזאמענשמועס.

ער האָט ווידער געעפנט דאָס ביכל און ווייטער געלייענט. יאָ, איז ער מיט זיך נאָכאמאָל מסכים געווען. אוודאי בין איך גערעכט געווען.

כ'דערמאָן זיך, אַז כ'האָב ערגעץ געלייענט אין א ביכל, ווי ראָזא לוקסעמ-בורג, האָט זיך ארויסגעזאָגט איר מיינונג וועגן גענעראַל-שטרייק. זי האָט געזאָגט, אַז א נישט גוט צוגעגרייטער און אָרגאַניזירטער גענעראל-שטרייק איז גלייך, ווי איינער גרייט זיך צו קאַנאָנען, אָן קוילן. און דאָ, ביי אונדז, איז דאָס זעלבע געשען, נאָר נאָך מיט א שמיץ. די אָנפירונג האָט מודיע געווען, אַז זי וועט פאַראָרדענען, אַז ס'זאָל זיין שא, שטיל! די ארבעטער האָבן א באַפעל, זיך נישט צו רירן פון דער היים, זיין לייטישע, געהאָרכ-זאַמע. דאָס ביכל האָט ער שוין לאַנג פארמאכט און די געדאַנקען אין אים האָבן זיך געשלאָגן איינער מיטן אנדערן. גוט, גוט, האָט ער זיך געקלערט. די ארבעטער האָבן דאָך נישט אלע געפאָלגט דעם באַפעל, און האָבן זיך יאָ אַגיטירט. וואָס זשע האָבן זיי אויפגעטאָן? מ'האָט זיי גע-בונדן ווי די לעמער, פארמאכט די קלובן, אָפּגעשטעלט די צייטונג. נו, וואָס קען מען דערויף ענטפערן? לאָז עס גיין. כ'האָב נישט איינמאָל מיך געפרעגט און בין צו קיין קלאָרן ענטפער נישט געקומען. כ'וועל שוין די פראגע ארומרעדן מיט די חברים. ס'איז נישט מעגלעך, ס'זאָל נישט זיין קיין קלאָרער ענטפער. און אויב מ'וועט נישט קאָנען ענטפערן אויפן אָרט וועט דאָס ווייטער בלייבן שטיין אויפן סדר-היום, ביז ס'וועט אנטגילטיק פארענטפערט ווערן.

גייענדיק און קלערנדיק איז ער דורשטיק געוואָרן, זיך אָפּגעשטעלט ביים ברונעם, געבעטן טינקאַן, זי זאָל אים געבן א טרינק. ער וויל איר ארויסנעמען דאָס ראָד פון דער האנט, וואָס זי האָט געדרייט. זי האָט אים אָבער נישט געלאָזט.

— וואָס מיינסטו, אַז מיר איז שווער? דאָס איז ביי מיר א שפּיל-עכל. האָרעווען זאָלסטו מיך זען ביים קאָנו מילוצע. דאָרט האָב איך נישט קיין צייט זיך לייטיש אָפּוואשן. קוק נישט אויף מיר, וואָס כ'בין דאָ און דאָרט פארשמירט. זונטיק זאָלסטו מיך אָנקוקן.

— איך האָב דיך נישט איינמאָל אָנגעקוקט און נישט איינמאָל באַ-דויערט, וואָס אזא געראָטן מיידל ווי דו, דאַרף זיך פארשפּילן דאָס לעבן ביי יענער גרעפין, וואָס יאָגט דיך און פּלאָגט דיך. דו ווייסט נישט אפילו, ווען דיינע יאָרן זענען פארפלויגן. אזוי אָן א פארוואָס און אָן א פארווען.

— כ'האָב גאָרנישט געוואוסט, אַז אזעלכע בחורים ווי דו, זאָלן קלערן וועגן א תכלית פון א פשוט דינסט-מיידל. כ'ווייס, אַז אייך איז בכלל פאַר-זאָגט צו קלערן וועגן מיידלעך. וואָס אינטערעסירט דיך א פּויעריש מיידל, וואָס שטאַמט פון דאָרף און ווערט אויסגעריסן אין שטאָט?

— דערלאַנג מיר דאָס קענדל, כ'האָב גאָר פאַרגעסן צו טרינקען.

נאָכדעם וואָס ער האָט אָפּגעטרונקען און זיך אָפּגעווישט די ליפּן, האָט ער איר געזאָגט:

— כ'האָב מיט דיר א קליינע דאגה. קאָסטיקע, גייט אויס נאָך דיר. ער פאַרגעסט קיינמאָל נישט צו פרעגן אויף דיר. ער גרייט צו א היים און ווען דו וועסט אפילו נישט קלערן, וועט ער דיך קומען נעמען, און אויב וועסט וועלן, וועט איר חתונה האָבן.

זי האָט אראָפּגעלאָזט די אויגן, א פאַרשעמטע, די אונטערשטע ווײַנשל־ליפּ האָט אראָפּגעקוקט צום פאַרטוכל, וואָס איז געהאָנגען אויף אירע אקסל, און געשוויגן.

משהלע האָט זיך דערמאָנט, וואָס דער אלטער טאָדאָר האָט אים געזאָגט, דעמלט ווען ער האָט זי געבראכט אין שטאָט אריין, און אים איז פאָרגעקומען, אז דאָס, וואָס דער אלטער האָט מורא געהאט ס'זאָל נישט פּאסירן... האָט פּאסירט.

ער האָט זי גלייך געפרעגט:

— האָט זיך אוירעל, דער בלינדער, נישט געטשעפּעט צו דיר?

טינקאס ברוסט האָט זיך צו ביסלעך אָנגעהויבן צו הויבן.

פאַר משהלען איז שוין אלץ קלאָר געוואָרן. ער האָט א שטילן זיפץ געטאָן און געקלערט ווייטער, ווי זיין שטייגער איז געווען, וועגן דער מאָ־ראלאָזיקייט פון דער פאַרשאָלטענער אָרדנונג און געזאָגט:-„דאָס בעסטע עפּעלע פרעסט אויף דער חזיר!“ זי האָט נישט געהערט, וואָס ער האָט גע־זאָגט און אים געבעטן איבערצוחזרן, ער אָבער, האָט איר געזאָגט: — לאָז אָפּ, גאָרנישט, און איז ווייטער אוועק.

צווישן דעם פעלד און וואלד איז געשטאַנען א באַנק. דערזעענדיק זי, האָט ער זיך אנידערגעזעצט. ווידער געעפנט דאָס ביכל. וויל לייענען, ס'גייט אָבער נישט. ס'קומט אים פאָר מערי, מיטן געלאָקטן קאָפּ, מיט איר ענערגיש פּנים, מיט אירע טיפע אויגן, אין וועלכע די בענקעניש האָט געפונען דאָס בעסטע פּלאַץ. וואָס איז דאָס בענקעניש? האָט אים ווידע־ראמאָל, ווי זיין שטייגער איז געווען, געבויערט אין מוח. ער וויל נישט און אפשר טאקע קאָן ער נישט אריינדרינגען אין דעם דאָזיקן סוד, וואָס נישט נאָר איינמאָל האָט ער זיך געפּרווט דערקלערן. די שלאַנקע פיגור, די גראציעזע מאָדולאציע פון איר גאנג האָבן אים אויסגעוויזן, גלייך ווי אן אינערלעכע מעלאָדיע פירט זי אָן און ער, נישט נאָר ער, ער אפשר מער פון אן אנדערן, איז א מבין אויף דעם, וואָס פּאָלקאָמענע הארמאָנישע ליניעס און גייסטיקע דערהויבנקייט האָבן זיך ווי צונויפגעמישט און גע־

שאפן דאָס געשטאַלט — מערי. איבערראשט האָט אים, וואָס אירע געדאַנקען און אירע געפילן זענען געווען אויך צוגעפאסט צו איר פערפעקטן גוף. דאָס ארט רעדן, די דיקציע, וואָס איז ארויסגעקומען פון איר מויל וואָס איז געווען באצירט מיט פערלדיקע ציין, האָט דאָך פארכשופט! וויפל, מאָל איז ער, און א סך אנדערע, נישט געבליבן זיצן אזוי, און פארגעסן פון אלעמען פון דער וועלט, ארייגעפאלן אין התפעלות, נישט גלויבנדיק, אז זיי האָבן פאר זיך א לעבעדיקן מענטשן, וואָס פארמאָגט אזוי פיל שיינקייט. איז דאָס נישט קיין חלום? אפשר איז דאָס א רעפלעקס פון די בילדער, וואָס גרויסע שרייבער און מאָלער האָבן דאָס געשילדערט, געמאָלט? ווי גליקלעך וואָלט ער געווען, ווען ער האָט זי איצט דאָ און טיילט זיך מיט זיינע ווייטיקן, מיט זיינע זוכענישן. זי האָט דאָך געהאט אזא כוח, אויפצוכאפן און איבערגעבן געדאנקען אזוי קלאָר און איבערצייגנד. וווּ זאָל זי איצט זיין? ער פילט, אז זי וואָלט געווען א באלזאם פאר זיין גוף, וואָס איז פול מיט ביילן, און פאר זיין נשמה, ווו ס'האָט אָנגעהויבן ארייצופליסן ספקות, אומעט. פארוואָס איז דאָס געשען? ער פלעגט דאָך שטענדיק נישט אָפּטרעטן, ביז וואנען ער פלעגט נישט דערגרונטעווען די פראָבלעמען, וועלכע האָבן זיך אים געשטעלט. אמת, נישט שטענדיק האָט זיך ארויסגעוויזן, אז זיינע מסקנות זענען געווען די ריכטיקע, אָבער ביז ער האָט זיך איבערצייגט, אז ער האָט געגרייזט איז ער געווען א נאָרמאלער מענטש, אלץ האָט געקלאפּט, זיין געזונט לאכן, זיין אויפירונג. און איצט וואָס? דער געהער איז קיין געהער נישט דאָס אויפכאפן פון א נייעם געדאנק איז אים שווערלעך. זיין לוכטיקייט, וואָס האָט געאָטעמט מיט אלע רמ״ח אברים, איז ווי אָפּגעמעקט געוואָרן. אפשר, דאכט זיך אים אוים — האָט ער ווייטער געקלערט — אפשר איז זיין צערייצטע שטימונג די סבה פון זיין איצטיקן צושטאנד? אפשר איז דאָס בלויז מידקייט, פון אזוי פיל איבערלעבענישן אין די לעצטע אָנגעלאָדענע וואָכן?

ביסלעכווייז האָט אים דער שלאָף גובר געווען, ער האָט אָנגעהויבן צו דרימלען אויף דער באנק — — — — צו חלומען...

... די דורכזיכטיקע כמארעלעך, צווישן וועלכע ס'האָבן זיך באוויזן גאנצע שטיקער בלויער הימל, זענען געלאָפן גלייך זיי וואָלטן זיך געוואָלט איבעריאָגן, ערגעץ פריער אָנקומען. זיי האָבן זיך אָבער איינס ס'אנדערע איינגעשלונגען. און פון הינטן קומען נאָך א סך, זייער א סך, יאָגן און יאָגן. בלויע גרויסע פלאכן ווערן אלץ קלענער. דער הימל איז אלץ מער פארדעקטער, גרויער. ס'איז עמעצער געקומען און אים ארײַן

געוואָרפן אין אזא רייטוואָגן, וואָס האָט אים אויפגעהויבן, דורכגעזעצט די כמארעס און דאָרט אויבן, אים אנידערגעזעצט לעבן אן אומענדלעכן טיש, ארום וועלכן ס'זענען געזעסן מענטשן מיט פרייל עכע פנימער, צופרידענע; א קליינער טייל האָט געהאט צווישן די באהאלטענע קנייטשן פון זייערע צורות, סמנים פון אמאָליקן טרויער. און טישן זענען געגרייט, ווי אין א קעניגרייך, פול מיט בלומען, אלערליי קאָלירן. פון זייערע סאַמעטענע בלעטעלעך לאָזן זיך פילן געשמאקע הימלישע ריחות, געדוכן פון פיינע ווייגען אין זילבערנע און גאָלדענע בעכער פולן אָן דעם ארום. און זיצן, זיצן דאָרט, פאָרלעכווייז, אלטע, יינגערע און גאָר יינגע. אויף איין פלאץ נאָר שטייט איין שטול, א ליידיקע. פאר וועמען איז זי אָנגעגרייט? און ווער איז נישט געקומען? אפשר האָט זיך געטראָפן אן אומגליק? האָבן אלע זיך געפרעגט און ער אוודאי.

... ס'הייבט זיך אויף א גרייז-גרויער, מיט אן אָפענער האנט אין דער לופטן. די שטילקייט האָט זיך נאָך מער איינגעגעסן אין דעם ארום. אלע האָבן געווענדט זייערע פנימער צו אים. נאָך א ווײַלע, עפנט ער אויף דאָס מויל און ווי א דונער הילכן זיינע ווערטער, וועמענס ווידער-קול קאָלערט זיך, צעררייסט די כמארעס, מיט זיין פינגער ווייזט ער אראָפ... אָט די רשעים ליגן דאָרט אונטן אין זייערע אייגענע זינד. מיר דאָ בעטן, בעטן דעם אויבערשטן, ער זאָל אונדז שענקען כוח, אז מיר זאָלן קאָנען איינזאפן אין זיך די ריחות, וואָס זענען דער סאמע סענץ, כדי אונדזערע נשמות זאָלן אויסגעלייטערט ווערן בתכלית הנקיה. און זיי דאָרטן פילן נישט די פאַרדאָרבענע ריחות פונעם טיפן זומפ, אין וועלכן זיי זענען פארזונקען. מיר, די אויסגעוויילטע, מיר, וואָס האָבן זיך מקריב געווען פאר זיין הייליקן וואָרט, מיר, האָבן איצט די זכיה צו גענים פון זיין הערלעכקייט, זיין גרויסקייט און זיין גענאָד. לאָמיר אלע זינגען שירה צו אים, דעם אלמעכטיקן, וואָס פירט אָן אלע וועלטן.

... אויף די פנימער פון די פארצרחטע האָט זיך אויסגעגאָסן א צאָרן. איינער, מיט א דאר פנים און מיט א דארער ביינערדיקער האנט האָט געגעבן א זעץ אין טיש, אז אלע בעכער האָבן זיך אזש אָנגעשלאָגן איינס אין אנדערן. דער טייערער ווײַן איז אויסגעגאָסן געוואָרן, באפלעקט אלע ווייסע טישטעכער, וואָס האָבן געפעכלט פאר זויבערקייט. דער רויטער ווײַן האָט זיך צעגאָסן אויף די פיינע, טייערע, מלבושים פון די געסט. און דער דארער האָט אָנגעהויבן רעדן. זיינע רייד זענען גישט גאָר אראָפ אין די

טיפע אָפּגרונטן, נאָר האָבן אויך צעריסן די בלויקייטן פון אלע הימלען. זיין קול האָט מען געהערט אין אלע עקן וועלט:

— רייסט אָפּ די קייטן פון די אלע געבונדענע! נעמט אראָפּ די לאַפּעס, וואָס פארשמעלן דאָס מויל פון די אָרעמע קינדער. וואָס לעכצן נאָך א לעפל מילך, נאָך א פיצל ברויט; צערייסט דעם שלייער, וואָס איז דורך אייך, גאָטס סטראַפּטשעס, געוועבט געוואָרן אין משך פון דורות כדי צו פארהוילן אלעם גוטס פון יענער וועלט און נישט קוקן אין אייערע זויל-וסובאשע אויגן, וואָס האָבן זיך געזעטיקט נישט נאָר מיט אלעם גוטן פון יענער וועלט, נאָר איר האָט דאָ פארכאַפּט אויך די וועלט. זאָל דער צאָרן, וואָס האָט זיך דאָ אין די שווארצע כמארעס אָנגעזאמלט, זייט די וועלט שטייט, אייך דערטרענקען, אז ס'זאָל קיין שריד ופליט נישט בלייבן פון אייער געביין...

— ער איז אראָפּ פון זינען! ער איז משוגע געוואָרן, ער וועט אריין אין כף הקלע — האָבן זיך געהערט שטימען.

... מיט אמאָל איז דערשינען זי, מערי, אָנגעטאָן אין ארבעטער-קליידער. פון אירע אויגן האָט זיך געשיט פייער. מיטן האמער האָט זי גענעבן א קלאַפּ אין טיש, וואָס איז צעשפּאָלטן און צעפאלן געוואָרן; מיטן סערפּ האָט זי צעריסן דעם גרויסן לאָגל, וואָס האָט אין זיך אָנגעזאמלט דעם גאנצן פיין פון דער גאנצער וועלט. אלע זענען דערטרונקען געוואָרן אינעם פיין. זיין שטול און דער לייריקער שטול, אויף וועלכן מערי איז געזעסן, זענען צווישן דעם פולן און לידיקן אוויר אראָפּגעקומען און... זיצן ביידע אויפ׳דער באנק, חדושנדיק זיך, וואָס איז דאָ עפּעס אזוי הארט און קאלט...

דאָס געפיל, אז דער צוזאמענטרעף וועט זיך נישט צו לאנג פארשלעפּן און, אז דאָרט וועט באלויכטן ווערן די הויפּט-פּראָבלעם „דער שטרייק“, און דער עיקר וואָס מ'וועט פון דעם אָפּלערנען, האָט משהלען בארויקט אויף א געוויסן אופן. ער ווייסט, אז אמתע חברים אָנערקענען פעלער, קעמפן, אז אזעלכע זאָל זיך מער נישט איבערחזרן. ער איז זייער נייגעריק געווען, וויאזוי מ'וועט אוועקשטעלן די פּראָבלעמען. וואָס האָט סרול געזאָגט? אז מ'וויל זיך מיט אים אויסטענהן? וואָס פארא טענות קאָן מען האָבן צו אים? א דאגה — טענות קאָנען זיין א סך. א סוף, זאָלן זיין טענות, אבי צו קומען צו א ריכטיקן באשלוס, האָט ער ביי זיך געטראכט.

פרייטיק איז ער גערופן געוואָרן אין דאָרף אריין, צו פעטראקען. דער נאָמען איז אים ליב בכלל, ובפרט, אז ער דערמאָנט זיך אין פעטראקעס פשוטע מיינונגען, זיין ארויסזאָגן זיך קלאָר, אָן דריידלעך און אָן אונטער-שיסעלער. דאָס, וואָס ער מיינט, זאָגט ער, אזוי אז דו ווייסט, מיט וועמען

דו האָסט צו טאָן. וויפל מאָל האָט ער נישט געהאט די געלעגנהייט צו הערן אגיטאטאָרן, גרויסע רעדנער. האָסט געמיינט, אז אלץ וואָס זיי זאָגן איז כשר וישר, און ווען דו קוקסט זיך צו, צו זייערע שפּעטערדיקע מעשים, לאָזט זיך אויס א בוידעם.

דער וועג, אויף וועלכן ער איז געגאנגען, איז געווען פול מיט הרודעס, א לײמיקער אויסגעטרוקנטער וועג, וואָס איז באשיט געווען, דאָ און דאָרט, מיט נישט קיין גלייכע שטיינער. ווען ער האָט געדארפט אריבערגיין א בריקל, האָט ער געמוזט גוט אכטונג געבן, ער זאָל נישט אריינפאלן, ווייל מערערע ברעטער זענען געווען פארפוילטע, אָדער האָבן אינגאנצן געפעלט. דאָס דאָרף זעט זיך שוין אָן. פון דער ווייטנס דאכט זיך אים אויס, אז דאָס איז א פּשוט פעלד, אויף וועלכן ס'זענען אָנגעוואָרפן, אָן א סדר, סטויגן שטרוי, וואָס שטייען אויף א ווייסלעכן געשטעל, קומענדיק גענטער האָט ער דערזען, די גוט באקאנטע כאטעס, נידעריקע, צוגעדעקטע מיט שטרוי, וואָס אינעווייניק טוט זיך, האָט ער נישט איינמאָל געזען: א ני-דעריק טישל מיט א פּאָר בענקלעך, וואָס שטייען לעבן פּענצטערל, וואָס איז גרויס ווי א גענעץ. א פּויערים-בעטל אָדער צוויי, אויף וועלכע ס'איז אויסגעשפּרייט א קאָבערעץ פון שמאטעס. עטלעכע קישן, אן איקאָנע און עטלעכע כלים, טעלער, ערדענע קריגלעך, אויף וועלכע ס'זענען אויסגעמאָלט אויף א פּרימיטיוון אופן, בלומען, ביימלעך. ער איז זייער נייגעריק צו וויסן ווער זאָל דאָס זיין דער, וואָס וויל זיך מיט אים אויסטענהן.

אריינקומענדיק, שוין אויף דער שוועל, האָט ער דערזען זייער א באקאנט פּנים. ער וואָלט געקאָנט שווערן. אז דאָס איז שמעון, שמעון איז אָבער געווען א פעסטער יונג, מיט א פול פּנים, מיט ברענענדיקע אויגן. די אויגן זענען טאקע זיינע, אָבער דער אויסזע איז געווען גאנץ אנדערש, — א מידער, א געפּייניקטער. נאָך א ווײלע, פאלן זיי זיך איינער אויפן אנדערן, קושן זיך און האלדזן זיך. וואָס טוסטו, שמעון? און דו, משה? מ'קוקט זיך גלייך אין די אויגן און מ'האָט זיך פארשטאנען. שמעון האָט נישט געדארפט דערציילן, וואָס ס'האָט מיט אים פּאסירט, מ'האָט שוין געזען. איצט איז נישט קיין צייט דערפאר. לעבן אים, איז געזעסן אן ארבעטער, א ברייט-פּלייציקער. ווען ער האָט משהלען אויסגעשטרעקט זיין הייגט, האָט ער געפילט א האנט, א פעסטע, נישט קיין פּוכיקע, א הארטע און ברייטע. יאָ, האָט משהלע זיך דערמאָנט. דאָס איז דאָנארו, וועלכן ער האָט געזען אין יאס, אָנפירנדיק און פארטײלנדיק מאניפעסטן.

ס'זענען געווען דאָרט נאָך אייניקע באקאנטע ארבעטער. ס'האָט לאַנג נישט געדויערט און מ'איז אריבער צום סדר-היום:

א) דער שטרייק;

ב) וואָס דארפן מיר אָפּלערנען?.

צום ערשטן האָט גענומען דאָס וואָרט דער יאסער גאסט.

— כ'בין געקומען אהער, אייך אינפאָרמירן און זיך דורכשמועסן וועגן דעם שטרייק וואָס איז פאָרגעקומען:

— ס'איז שוין א שטיק צייט אוועק, זייט דער שטאָטישער ארבעטער-קלאס, האָט געהאט דעם מוט צו עפענען דעם קאמף קעגן אונדזער שטענדיקן שונא, קעגן דעם קאפיטאליסטישן קלאס, קעגן דער בורזשואזיע פונעם לאנד.

— די גרויסע נויטן האָבן אונדז געטריבן, און באוווסטזיניקע, האָבן מיר דערקלערט דעם אלגעמיינעם שטרייק. דער שרעקלעכסטער טעראָר איז אויסגענוצט געוואָרן דורך דעם גענעראל אווערעסקו.

די ארבעטער פונעם מיליטער-ארסענאל, פּיראָטעכניע, קאָנפעקציע, טאבאק און שוועבעלער־איגדוסטריע, אייזנבאנען און פון אנדערע אטעליערן, זענען ארויסגעוואָרפן געוואָרן, זיי הונגערן, און פרירן. מ'האָט אויפגעצווונגען נייע ארבעטס-רעגולאמענטן, די ארבעטער-ראטן זענען אָפּגעשאפט געוואָרן, די אקאָרד-ארבעט, וואָס שוואכט אָפּ דעם כוח פון די ארבעטער און פארגרעסערט די רווחים פון די באלעבאטים, איז ווידער איינגעפירט געוואָרן. זיי האָבן פיקסירט, אז דער ארבעט-טאָג זאָל זיין, מינדענסטנס, 10 שעה. איבער צוויי טויזנט ארבעטער פונעם לאנד זענען ארעסטירט, געשלאָגן און צעמיימיסט געוואָרן. די ארבעטן האָבן געפילט אויף זייער אייגענער הויט „די נאציאָנאלע ליבשאפט" פון אונדזערע באלעבאטים. כמעט אלע אונדזערע לאָקאלן זענען צעשטערט געוואָרן, דאָס געלט און מעבל צוגערויבט געוואָרן, די ביבליאָטעקן פארברענט געוואָרן. דאָס איז נאָך נישט אלץ.

— די קריגס-געריכטן, וואָס זענען ספּעציעל געשאפן געוואָרן, און די ציוויל-טריבונאלן, האָבן, לויטן באפעל, פארמשפּט אונדזערע חברים אויף צענער יאָרן שווערע תפיסה. די צענזור פארניכטעט די סאָציאַליסטישע פּרעסע. פאר די ארבעטער איז פארבאָטן געוואָרן דאָס רעכט זיך צונויפצוקומען. די בורזשואזיע-דיקטאטור און דער טעראָר הערשט אויף דער גאנצער ליניע. די באפרייונג פונעם ארבעטער-קלאס קאָן אנדערש נישט קומען, ווי נאָר דורך אן אנטשלאָסענעם און אומאויפהערלעכן קאמף קעגן דעם

קאפּיטאַליסטישן קלאַס פון אייגענעם לאַנד; דורכן באַזיגן און פאַרטרייבן די בורזשואַזיע פון דער אָנפירונג פון דער מלוכה; דורך דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, דורך דער הערשאַפט פונעם אַרבעטער-קלאַס, מיט דער הילף פון די ראַטן פון אַרבעטער, פּויערים און סאָלדאַטן; דורך דער סאָציאַליזירונג פון אַלע פּראָדוקציע-מיטלען; דורך דער ערד-קאָנפיסקאַציע און זי איבערגעבן, די פּויערים, זיי זאָלן זי אײַנײַנעם באַאַרבעטן. פון די פעלער, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן, דאַרפן מיר לערנען, אַז אין דער צוקונפט זאָל זיך אַזעלעכס נישט איבערחזרן. אונדזער קאַמף האָט זיך נישט געענדיקט. די שוואַכע פּאָזיציע דאַרף פאַרשטאַרקט ווערן און די קאַמפסמיטלען דאַרפן פאַרבעסערט ווערן. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי דאַרף פאַרוואַנדלט ווערן אין א שטאַרקע פּאָליטישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי,

די גאַנצע צייט, וואָס דער אַרבעטער האָט גערעדט, האָבן די צוהערער נישט אַראָפּגעלאָזט זייערע אויגן פון דעם רעפערענט, וואָס האָט אַרויסגעזאָגט מיט אַזוי פיל פעסטקייט און עקשנות די ווײַטערדיקע אָנגעוויזענע וועגן פון קאַמף. בשעת ער האָט אויסגערעכנט די אַלע אומגליקן, וואָס דער טעראָר האָט אָנגעאַרבעט, האָבן זייערע הערצער האַסטיקער געקלאַפּט, אין זייערע אויגן האָט זיך אָנגעצונדן דאָס פײַער, וואָס איז גרייט צו פאַרברענען אַלץ, וואָס שטעלט זיך אַקעגן זייער טײַערסטן אידעאַל — באַפרײַען דעם אַרבעטער-קלאַס און איבערנעמען די מאַכט אין אייגענע הענט.

שמעון האָט זיך אויפגעשטעלט און געפרעגט, אויב עמעצער וויל נעמען דאָס וואָרט. — זענט איר אַלע מסכים מיט די אויספירונגען? קענט איר אונדז נאָך עפּעס מודיע-זײַן בנוגע דעם פאַרגאַנגענעם שטרייק? האָט עמעצער עפּעס צו זאָגן, וועגן זײַן פּערזענלעכער האַלטונג אין דער צייט פונעם שטרייק?

— מיר בעטן די חברים זאָלן זײַן קורץ און אינהאַלטלעך, נישט איבערחזרן דאָס, וואָס איז שוין געזאָגט געוואָרן. ווײַל אונדזער צייט איז באַגרענעצט, און חוץ דעם דאַרפן מיר אין זינען האָבן אונדזערע חברים, וואָס שטייען אויף דער וואַך אין דער קעלער, אונדז צו וויסן צו טון, אויב עס־קומען נישט אָן די „אמתע לײַט“.

פּעטראַקע, האָט נישט נעקאָנט אײַנזיצן אויפן אָרט. ער האָט זיך געקווענקלט... זאָל ער נעמען, אָדער נישט נעמען דאָס וואָרט? ס'האָט איבערגעוויגן דער ווילן, זיך אַרויסצוזאָגן זײַן מיינונג לגבי דעם שטרייק ווי אויך לגבי דעם, וואָס איז געזאָגט געוואָרן. ער האָט אויפגעהויבן די האַנט:

— זאָג! האָט אים שמעון דערמוטיקט.

פעטראקע האָט זיך אויסגעהוסט, א ביסל רויטלער געוואָרן און געזאָגט:

— איך, מיט מיין אלטן טאַטן, האָבן געזען ווי די ארבעטער זענען געפּייניקט געוואָרן אינעם וואלד און אויף די וועגן. אונדז פּויערים, האָט קיינער נישט געזאָגט אויף אן אָרגאַניזירטן אופן, אז ס'וועט אויסברעכן א שטרייק. מיר האָבן נאָר געהערט אזוי, צופעליק. וואָס מיינט איר, אז ביי די פּויערים זענען נישט פאראן אזעלכע, וואָס דער דלות פרעסט זיי אויף! זיי ווייסן נישט, ווער ס'זענען זייערע שונאים? זיי ווייסן גאנץ גוט. זיי זענען שטארקע, אָבער אָנמעכטיקע. די פינצטערניש באהערשט זיי, קיינער האָט זיי נישט אין זינען. חוץ פונעם קלויסטער און די דרשות פונעם גלח, ווייסן זיי פון גאָרנישט. כאָטש אין אויפרוף צום שטרייק זענען די פּויערים נישט דערמאָנט געוואָרן, פונדעסטוועגן זענען געווען א סך פון אונדז, וואָס האָבן געהאָלפן די שטרייקער, זיי האָבן גאנץ גוט געוווּסט, מיט וואָס דאָס שמעקט. זיי האָבן געפילט, אז דאָס איז א גערעכטע זאך און נישט געקלערט דערצו, אז ס'קען זיי אויספאלן קאַפּויער. כ'מיין, אז די חברים זאָלן זיך פארנאָטירן, אז ס'איז געווען א פעלער, וואָס מ'האָט נישט אויך אונדז, פּויערים, צוגעצויגן אָדער לכל הפּחות דערנענטערט, אינפאָרמירט וועגן דעם שטרייק.

— דערלויבט — האָט צאליק אויפגעהויבן די האנט — דער חבר פּעטראקע, צוזאמען מיט זיין אלטן פאָטער, האָבן לויט אונדזער פארלאַנג זיך איינגעשטעלט דאָס לעבן און געבראכט הילף די געפּייניקטע ארבעטער אין וואלד.

— איך מיין, — האָט פּעטראקע ווידער אָנגעהויבן רעדן — אז אין דער ווייטערדיקער ארבעט וועט איר אויך אונדז פּויערים צו ציען. זעלבסטפארשטענדלעך, נאָכדעם וואָס איר וועט זיך פריער איבערצייגן, אז די מענטשן זענען פּאסיק צו אזא שווערער און פאראנטוואָרטלעכער ארבעט.

דער ארבעטער מיט דער ברייטער פּלייצע, איליע דאָגארו, האָט מיט אויפמערקזאמקייט אויסגעהערט פּעטראקעס רייד און מערערע מאָל צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

דער צווייטער האָט גערעדט צאליק. ער האָט געזאָגט, אז ער איז מסכים מיט פּעטראקען, ער וויל נאָר צוגעבן, איז אין א קאמף ווען באפרייען דאָס פאָלק פון די קאפּיטאליסטישע און באָיארישע הענט, דארפן צוגעצויגן ווערן די פאָלקסמאסן, פארלאנגען זייער הילף. אָט ביי דעם שטרייק, האָט מען די פאָלקסמאסן נישט דערמאָנט, נאָר דעם ארבעטער-קלאס. דער ארבעטער-קלאס קעמפט, נישט נאָר, כדי ער אליין זאָל באפרייט ווערן פונעם קא-

פיטאליסטישן יאָך, נאָר צוזאמען מיט אים, דאָס גאנצע ארבעטנדיקע פאָלק פון די שטעט און דערפער. דער פעלער האָט זיך ארויסגעוויזן אין משך פונעם שטרייק. כאָטש די רעגירונג מיט אירע מיטלען, האָט פארשפרייט קלאנגען, אז מ׳וויל אויסהונגערן דאָס פאָלק, אז מ׳וויל עס פארניכטן, פונדעסטוועגן האָבן זיך זייער א סך מענטשן פון דער קליינער בורזשואזיע נישט צוגעהערט צו די פיינטלעכע קלאנגען און האָבן געהאָלפן די שטרייקער. דאָס לאָזט אונדז צו הערן, אז ס׳זענען פאראן א סך ערלעכע מענטשן, וואָס דארפן צוגעצויגן ווערן צו אונדזערע ווייטערדיקע קאמפן. ב׳דארף דאָ נישט דערמאָנען, אז מ׳דארף זיין מיט אָפענע אויגן, מיט וועמען מיר גייען.

— אין תוך ביסטו גערעכט, נאָר ס׳ווייזט, אויס, אז דו האָסט זיך נישט צוגעהערט, ווי ס׳געהער צו זיין, איך האָב געזאָגט בפירוש, אז די הערשאפט פונעם ארבעטער-קלאס דארף זיך שטיצן אויף די ארבעטער-ראַטן, אויף אָרעמע פויערים און סאָלדאטן. אזוי אז דער פעלער איז אָנערקענט-געוואָרן פון אונדזערע חברים. די גאנצע צייט איז משהלע געווען מויל און אויערן. ער האָט יעדע שורה, יעדעם וואָרט איבערגעקייעט. בשעת ער האָט דעם גרוס פון די קאָמוניסטישע גרופירונגען געלייענט. האָט ער פאר זיך א גאנץ בילד געזען, און האָט דאָרט געפונען א נענויעם ענטפער אויף די פראגן, וואָס האָבן אים געמוטשעט, און שוין מער נישט געהאט קיין טענות, נישט צו זיך, און נישט צו זיינע חברים. אים האָט אָבער נישט געלאָזט רוען, וואָס ס׳איז גאָרנישט דערמאָנט געוואָרן די קליינע בורזשואזיע, וואָס איז א מאסע וואָס ווערט גרינג באיינפלוסט, וואָס איז נישט אהין, נישט אהער... מ׳דארף זיי אויפקלערן, אז זייערע אינטערעסן פאלן זיך צונויף מיט די אינטערעסן פונעם ארבעטער-קלאס; פאר דעמאָקראטיע, פרייהייט און שלום. אָט די נאציאָנאליסטן, יידישע אָדער נישט יידישע, לאָזן נישט אראָפ דאָס אויג פון אָט דער מאסע. זיי פארוויגן זי מיט פארשידענע צוזאָגעכצער. און ס׳איז נישט פאראן קיין קלאָרער שטאנד-פונקט, וועלכער זאָל איר ווייזן דעם אמתן וועג, א וועג, וואָס זאָל זי אויך זי פירן אהין, ווו זי זאָל געפונען א זיכער אָרט אין איר פארוואָגלט לעבן, צום לעבן, פון סאָציאלן יושר, וואָס ווערט אָנגעפירט פונעם פראָלעטאריאט, וואָס זיין ציל איז באפרייען אלע אויסגענוצטע מענטשן און אלע פעלקער. און אפילו, אז ס׳זענען נאָך נישט פאראן קיין כוחות, זיי זאָלן זי קענען געווינען, זי זאָל גיין אין שפאן, איז זאָל זי כאָטש זיין נייטראל! ער האָט אלץ געקלערט און האָט אָבער גאָרנישט געזאָגט. ער האָט זיך געקלערט, וואָס זאָל ער פארלאנגען פון די חברים,

וואָס זענען פאַרשיט מיט אַרבעט, מיט פּראָבלעמען, און, אַז אפילו אין היינטיקן מאַגיפּעסט איז נישט אָנגעריכט געוואָרן דאָס פּראָבלעם, וועט מען עס מיט אַן אַנדערער געלעגנהייט באַטראַכטן און אויספירלעך אָנווייזן דעם אופן ווי עס צו לייזן.

— און דו, משה, האָסט שוין גאָרנישט וואָס צו זאָגן, דו, וועלכער ביסט שטענדיק אַזוי באַריידעוודיק און נישט קיין צופרידענער, דו וואָס ווילסט אַלץ מיט אַ מאָל, האָסט היינט גאָרנישט צו זאָגן? מיר ווייסן, אַז ביסט אַרומגעגאַנגען און גייסט נאָך היינט אויך אַרום מיט ספקות. זאָג זיי אַרויס, און זאָלן זיי דיך נישט מער מוטשען — האָט שמעון אים אויפגעפאָדערט.

— איך פיל איצט, נאָכדעם וואָס כ׳האָב געהערט דאָ, אַ באַרויקונג אין מיין זעל. אמת, איך בין אַרומגעגאַנגען ווי נישט קיין היגער. איך האָב געוואָלט אַרויסזויגן פונעם פינגער ענטפערן אויף מיינע גריבלענישן. איך בין זיכער, אַז אין די קומענדיקע דאָקומענטן וועלן מיר געפינען אויך ענטפערס אויף די פּראָבלעמען וואָס זענען אונדז היינט צו טאָג נישט קלאָר. דאָס הייסט נישט, אַז מ׳דאַרף שטיין אין דער זייט. פאַרקערט, מ׳דאַרף מיט דער גאַנצער ענערגיע, פּאָזיטיוויקייט און קרבנות גרייטקייט קעמפן צוזאַמען מיט אַלע באַרויבטע, געפּלאָגטע, רעכטלאָזע אַרבעטער, פּויערים, באַלמעלאָכעס, און סתם ערלעכע מענטשן, וואָס טרוימען וועגן אַ בעסער לעבן, ווו צו דער עקספּלואַטאַציע האָט געגומען אַן עק.

דער אייזנבאַנער יאָאַקים האָט אויפגעהויבן די האַנט, זיך באַלד אויפגעשטעלט און מיט אַ קול, וואָס איז אַלץ פעסטער געוואָרן, געזאָגט:

— ביי אונדז איז קיין שום אַרבעטער נישט געקומען צו דער אַרבעט. ווען ס׳זענען געקומען די זשאַנדאַרן זוכן די לאָקאָמאָטיוו-פירער — ווייל אויף זיי איז געשטאַנען די אמתדיקע יאַגד — האָבן זיי קיינעם נישט געפונען אינדערהיים, ווייל אַלע זענען שוין לאַנג אַוועק, אַ טייל האָבן זיך געלאָזט אין קלוב אַריין און אַ טייל אין דער שכנות פון די אַטעליערן. ס׳האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט און דער קלוב איז אַרומ-גערינגלט געוואָרן פון זשאַנדאַרן. די אַרבעטער האָבן פּראָטעסטירט, זיך אַקעגנגעשטעלט דער ברוטאַלער האַלטונג, און קעגן די ווילדע קאָמאַנדעס פון די אָפיצירן. דער ווידערשטאַנד האָט לאַנג נישט געדויערט, מחמת דער פּראָקוראָר האָט געגעבן באַפעלן, אַז מען זאָל קיין סך נישט פּאַרלאַ-מענטירן און נעמען די לאָקאָמאָטיוו-פירער אונטער אַ שטרענגער וואַך און זיי פירן צו דער באַן סטאַציע. יעדער לאָקאָמאָטיוו-פירער זאָל באַגלייט ווערן פון אַ באַוואָפנטן זשאַנדאַר און מיט געוואַלד אַרויפגעזעצט ווערן

אויפן לאָקאָמאָטיוו און אזוי ארום זיי צווינגען, צו פירן די באַנען. בליץ-שנעל איז פארשפרייט געוואָרן די ידיעה, אז די זשאַנדארמעריע און דאָס מיליטער נוצט אויס דעם גרעסטן טעראָר. ס'האָט לאַנג נישט געדויערט און א מאסע ארבעטער-פרויען און עלטערע לייט האָבן געבראַכט צו טראָגן שפייז פאר די ארעסטירטע. אויפן וועג, נישט ווייט פון די אטעליערן, איז די צאָל אלץ מער געוואַקסן. די אויפגערייצטע מאסע איז אָבער באלד אָפּגעשטויסן און פארטריבן געוואָרן פונעם מיליטער.

דער קלוב אין פארחתמעט געוואָרן, אונדזערע בעסטע חברים שמאַכטן איצט אין די תפיסות. ס'איז נישטאָ ווער ס'זאָל אויפקלערן די מאסע ארבעטער, פארוואָס דער גענעראַל-שטרייק איז דערשטיקט געוואָרן. מיר באַקומען נישט קיין שום פרעסע, פון וועלכער מיר וואָלטן געהאט א סך צו לערנען. די מאסע ארבעטער און זייער פיל ערלעכע מענטשן וואָס האָבן אָנטייל גענומען און דעם גרויסן געשעעניש, האָבן געפילט, אז ס'פעלט עפּעס אויס... וואָס אייגנטלעך, האָבן זיי נישט געוווסט. זיי האָבן נישט פארשטאַנען פארוואָס דער שטרייק איז נישט געלונגען.

— דער היינטיקער מאניפעסט, וואָס איז דאָ געלייענט געוואָרן, דאַרף פארשפרייט ווערן צווישן דער מאסע ארבעטער. ער וועט באַלויכטן דעם גאַנצן ענין. ער וועט אויף קלאָר אָנווייזן, ווער ס'זענען די שולדיקע אינעם דורכפאַל פונעם גרעסטן פּאָליטישן געשעעניש ביי אונדז אין לאַנד. די מאסע וועט פאראורטיילן די פירער, וואָס האָבן פארשפּרייט די לאָזונג: נישט בונטעווען זיך, זיצן ווי לייטישע מענטשן אין די היימען, נישט מאַכן קיין שום מאניפעסטאציעס, אָפּהיטן די אָרדנונג, מ'זאָל חלילה נישט דערצערענען די באהערדן.

דער באַשלוס צו שאפן א קאָמוניסטישע פארטיי אין רומעניע, וואָס זאָל אָנפירן דעם ארבעטער-קלאַס פון גאַנצן לאַנד איז, לויט מיין מיינונג, די וויכטיקסטע אויפגאבע. מיר דאַרפן אָנשטרענגען אַלע אונדזערע כוחות, אַלע ערלעכע עלעמענטן, פאר זיי קלאָר מאַכן, אז די סיבה פונעם דורכפאַל פונעם גענעראַל-שטרייק איז געווען דאָס פעלן פון אן אָרגאַניזירטן כוח, וואָס זאָל געווען אָנפירן אויף א דיסציפּלינירטן אופן דעם געוואַלדיקן אויפברויז צום ציל פונעם ארבעטער-קלאַס: איבערנעמען די מאַכט, פּטור ווערן פון עקספּלואטאציע, זיך פאראייניקן מיט די פּראָלעטאריער פון דער גאַנצער וועלט, און דער עיקר, נישט לאָזן, אז די רומענישע אָליגארכיע וואָס ווערט אויסגענוצט פון די מערב-כוחות מיטן ציל אָנצופאַלן אויף סאָוועט-

רוסלאנד, ווו די מאכט געהערט דעם פאָלק און ווו דער ארבעטער-קלאַס פירט דאָס גאנצע פאָלק צו פרייהייט, צו וווילזיין, צו שלום.

— איך נעם אויף זיך די התחיבות, דורכפירן אלץ וואָס ס'וועט מיר אָנפארטרויט ווערן, זיין א דיסציפּלינירטער סאָלדאט אין דער גרויסער ארמיי פון גערעכטיקייט פאר אלע אונטערדריקטע פון די אויסניצעריש קאפּיטאליסטן.

— זאָל לעבן די קאָמוניסטישע פארטיי פון רומעניע!"

ס'האָבן אויך אנדערע גענומען דאָס וואָרט און נאָך א שעה צייט האָט גענומען א סוף צו דעם צוזאמענטרעף, וואָס איז אזוי נוצלעך געווען. יעדער האָט אויף זיך גענומען די התחיבות, אז ער וועט שטרעבן דורכפירן אין לעבן די אָנגעוויזענע וועגן.

— כ'האָב נישט געוואָלט אויפהייבן דאָס שווער־ע פּראָבלעם וואָס מוטשעט מיך, האָט משה געזאָגט שמייכלענדיק, ווען זיי האָבן זיך באַגעגנט אויפן וועג אהיים. ס'איז ביי מיר קלאָר, אז די אלע אָנגעוויטיקטע פּראָבלעמען, וואָס זענען נוגע דער אָרעמער יידישער באפעלקערונג, וועלן געלייזט ווערן איינגאנצן מיט דער סאָציאלער און פּאָליטישער פרייהייט. מיר דארפן אָבער — האָט משה מיט פארזשמורעטע אויגן ווייטער גערעדט מיט הארץ — אויסנוצן אָט די אלע אומגערעכטיקייטן, כדי אָנצוווייזן הן די יידישע, הן די נישט יידישע פאָלקס מענטשן, אז ס'איז פאראן נאָר איין וועג, אויף וועלכן ס'שפאנען און קעמפן אלע נאציאָנאליטעטן, פאר פראָגרעס און פרייהייט. וויאזוי וועט מען דיר נישט נאָכגעבן, אז דו ביסט גערעכט; ווען דו געמסט זיך אָן די קריוודע פון די יידישע אויסגעדינטע זעלנער וואָס זענען פארנומען געוואָרן און אריינגעוואָרפן געוואָרן אין די וויסטע תפיסות; זעלנער וואָס זענען געגאנגען מיט לייב און לעבן צו פארטיידיקן דאָס היימלאנד. יאָ! — האָט ווייטער גערעדט משה — ווען מ'וואָלט געווען גענוג געארבעט מיט די אוועקגעריסענע פון זייערע היימען, ווען מ'וואָלט זיי געווען געעפנט די מוחות און אָנגעוויזן, אז די מלחמה, אין וועלכער זיי האָבן פארגאָסן בלוט פרעמדס און אייגנס, איז גאָר געווען א שענדלעכע, א פארבאפערישע, א מלחמה, וואָס האָט געאָרנישט געהאט צו טון מיט די אינטערעסן פון די שפּלדיקע, פון די אינטערדריקטע; פארקערט, זי האָט געזוכט נאָך מער צו פארשטארקן דעם כוח פון די גיריקע הערשער, וואָס האָבן און וועלן נישט אויסמיידן קיין שום וועג, מעג ער זיין דער שרעקלעכסטער, כדי צו פארגרעסערן זייערע פארמעגנס און הערשאפט. כ'זאָג עס נישט כדי כ'זאָל ארויסווייזן נאָר די פעלער. מיין, מיין, איז נאָר דער, אז איצט איז נישט

שווער, פארקערט, א סך גרינגער, ווייל איצט שטייען נאָך פאר אונדזערע אויגן די פאָלגן פון דער מלחמה: די קריגס-געשעדיקטע, די אלמנות און די יתומים, די חרובע הייזער, דער עקאָנאָמישער כאָאָס, דער דלות; און א חוץ-קאמפּאניעס, מיט וועלכע ס'איז פול די רעאקציאָנערע פרעסע, ווערט אויך געפירט אן אָרגאניזירטער קאמף קעגן די אלע וואָס די גאקעטע וויר-קלעכקייט האָט אויפגעריסן די אויגן און וואָס ווילן זיי פארפירן העט ווייט, אין דעם טיפן מיטלאלטער. די רעליגיע פראָפאגירט, אז גאָט פירט די וועלט לויט זיין ווילן און לויט די לייטישע אויפירעכצן פון די גלויביקע.

— היץ דיך נישט אזוי און רעד שטילער, האָט שמעון אים אויפ-מערקזאם געמאכט. אין דעם פריינטלעכן שמייכל וואָס איז געווען אויס-געצויגן אויף שמעונס צארט פנים, האָט משה געזען, אז שמעונען זענען דווקא געפעלן זיינע רייד, נאָר דאָס, וואָס ער רעדט צו הויך איז אים נישט געפעלן. האָט ער טאקע ווייטער גערעדט שטילער, אָבער מיט נאָך מער אינערלעכן ברען:

— מיר דארפן נישט ארויסלאָזן פונעם אויג און פונעם געדאנק דאָס טאָג-טעגלעכע. מיר דארפן אָנווייזן די אלע אומגערעכטיקייטן. וויאזוי קאָן מען שווייגן, ווען מ'זעט אז די יידישע זעלנער וואָס האָבן דערפולט זייער פליכט אין דער מלחמה, זאָל מען אָן קיין שום געריכט האלטן אין די תפיסות און אז ס'האָט זיך יאָ געמאכט, נאָך חדשים און יאָרן, א געריכט, אין וועלכן די רומענישע קאמאראדן האָבן עדות געזאָגט, אז די יידן האָבן זיך אויפגעפירט ווי העלדן אין דער צייט פון דער מלחמה, מחמת זיי, די רומענישע סאָלדאטן, זענען געווען טאָג-טעגלעך מיט זיי אינאיינעם און גוט געקענט זייערע אויפירונגען—וואָסזשע איז געשען? די מיליטערישע געריכטן האָבן זיי פארמשפּט צו יאָרן תפיסה און זייערע ווייבער און קינדער לעבצן נאָך היינט צו טאָג, אזויפיל צייט נאָך דער מלחמה, צו זייערע ליבע און טייערע. צי קאָן מען משיג זיין, אז נאָכדעם ווי מ'האָט אינטערגעשריבן אינטערנאציאָנאלע אָפּמאכן וועגן גלייכבארעכ-טיקונג פון אלע איינוווינער פונעם לאנד, זאָל מען הערן ווי מ'ווארפט ארויס יידן פון די הייזער. אָט דאָס איז דאָ נישט לאנג געשען אין טערגו מורעש, ווו ס'האָבן געמוזט אָפּטרעטן זייערע דירות 25 פאמיליעס. די אומגערעכטיקייטן האָבן גאָר קיין גרענעץ נישט. ערשט זייט עטלעכע וואָכן האָב איך אליין געהערט, ווי א שליח פון דער מלוכה האָט געהאלטן א דרשה: — היות אז ס'איז נאָך דער מלחמה און אונדזער פאָטערלאנד איז גרויס געוואָרן, אזוי אז אלע, אן אונטערשייד פון גלויבן און ראסע,

האָבן גלייכע רעכט. און אָט לייענען מיר אין די צייטונגען וועגן דעם סטודענטן־קאָנגרעס פון גרויס־רומעניע, וואָס איז פאָרגעקומען אין פארנאנגענעם דעצעמבער, אין וועלכן מ'האָט דעבאטירט נאציאָנאלע פראגן. צו דעם קאָנגרעס זענען נישט צוגעלאָזט געוואָרן קיין יידישע סטודענטן. דאָס אַלץ איז צוגעשטעלט געוואָרן מיט א שטארקע אַטיסעמיטישע מאניפעסטאציע. א חוץ דעם האָט זיך לעצטנס באוויזן א ידיעה אין די צייטונגען, אז אלע פרעמדע, וואָס זענען געקומען און האָבן זיך באזעצט אין בוקאָווינע נאָכן ערשטן אויגוסט 1914, דארפן פארלאָזן דאָס לאנד. דאָס הייסט, נאָך 7 יאָר וווינען אויף א פלאץ, דארף מען עס פארלאָזן, אזוי פשוט. און אנדערע ידיעה לויטעט, אז ס'האָט זיך געשאפן אין זיבנבירגן אן אזוי גערופענע „ליגע פון קאָנסומאטאָרן" וואָס קומען אריין אין יידישע קלייטן און אויף א ווילקירלעכן אופן, טוען זיי דאָרטן אָן גרויסע צרות. כ'זע ווי די אנטיסעמיטישע כוואליע האלט זיך אין איין פארגרעסערן. אָט למשל, טאקע דאָ, ביי אונדז אין שטעטל, האָט דער בלינדער אוירעל, וואָס האָט זיך ערשט געדרייט צווישן יידן, געוואָלט אויסנעמען ביי זיי, זיך גענומען צו דער ארבעט. ער שטייט און אגיטירט, טיילט מאניפעסטן, זשורנאלן, וואָס זענען אָנגעפיקעוועט מיט אנטיסעמיטישן סם; ער פארשפרייט זיי אומעטום. איבערהויפט וויל ער צוציען די לערערס און די גלחים פון וועלכע א טייל זענען שוין אלטע אגענטן פון בארבארישע און אנטיסעמיטישע טעאָריעס.

— די נאציאָנאלע פראָבלעם איז איינע פון די וויכטיקסטע פראָבלעמען. אונדזער קאָמוניסטישע פארטיי וועט זי לייזן אויף דעם בעסטן אופן. דער בורזשואז־גוטבאזיצרישער רעזשים, וואָס אונטערדריקט די מאסן פון די נאציאָנאלע מינדערהייטן, דארף געשטעמפלט ווערן. די בורזשואזע פאָליטיק, וועלכע פרוווט צו קאנאליזירן די אומצופרידנקייט פון די מאסן העצנדיק שאָוויניזם און אנטיסעמיטיזם, דארף דעמאסקירט ווערן. די נאציאָנאלע שׂנאָה דארף באקעמפט ווערן. עס איז קיין שום ספק נישט, אז די נאציאָנאלע מינדערהייטן שטעלן מיט זיך פאָר א רעוואָלוציאָנערע קראפט, וואָס איז בכוח צו זיין א פארבינדעטע אינעם פראָלעטארישן קאמף פאר דער באפרייונג פון דעם בורזשואז־עקספלואטאָרישן יאָך, אָן אונטערשייד פון נאציאָנאליטעט. ס'דארף באזונדערס אונטערגעשטראָכן ווערן די קאָמפלעט גלייכע רעכט פון די נאציאָנאלע מינדערהייטן און מ'דארף ענערגיש באקעמפן די עקאָנאָמישע און קולטורעלע באַרענעצונגען פון די נאציאָנאלע מינדערהייטן.

— די אינטערעסן פונעם ארבעטער-קלאס פארלאנגען, אז אלע ארבעטער פון אלע נאציאָנאליטעטן זאָלן זיך פארייניקן אין איינהייטלעכע פּראָלעטארישע אָרגאניזאציעס. נאָר די פארייניקטע ארבעטער פון די פארשיידענע נאציאָנאליטעטן אין איינהייטלעכע אָרגאניזאציעס וועלן געבן דעם פּראָלעטאריאט די מעגלעכקייט, ער זאָל פירן א רומפולן קאמף קעגן דעם עקספּלואטאטאָרישן רעזשים און קעגן דעם בורזשואזן נאציאָנאליזם. מיר דארפן זיין וואך און נישט ארייַנפאלן אין דער נעץ פון דער בורזשואזיע פון די נאציאָנאלע מינדערהייטן, וועלכע ווילן צעטיילן די ארבעטסמענטשן דער צוועק זייערער איז, אָפּצושוואכן דעם אלגעמיינעם קאמף פונעם פּראָלעטאריאט אין רומעניע. די נאציאָנאלע באפרייאונג איז מעגלעך נאָר דעמלט, ווען דער קאפּיטאליסטישער רעזשים וועט צעשמעטערט ווערן און עס וועלן איבערגעמען די מאכט די ארבעטער און פּויערים.

— דער יסוד פונעם מארקסיזם אין דער נאציאָנאלע פראגע איז: „א פאָלק וואָס אונטערדריקט אנדערע פעלקער, קאָן אליין נישט זיין פריי“.

— אויך ביי אונדז האָבן די קאָמוניסטן, וואָס זענען באגייסטערט מיט שטארקע פּאטריאָטישע געפילן, באקעמפט און דעמאסקירט דעם פּראט פון דער בורזשואזיע און באַיארנטעם, וואָס האָבן געשטעלט די רייכטימער פונעם לאנד צו דער פארפיגונג פון די פרעמדע טרעסטן. די קאָמוניסטן האָבן דעמאסקירט און באקעמפט די בורזשואז-באָיארישע פּאָליטיק פון אויפרייצן איין באפעלקערונג קעגן דער צווייטער; זיי האָבן געקעמפט און דארפן ווייטער קעמפן קעגן דער ווילדער אונטערדריקונג פון די נאציאָנאליטעטן; זיי האָבן שטענדיק אָנגעוויזן, אז דאָס איז א פיינטלעכע פּאָליטיק לגבי דעם ארבעטער-קלאס; זיי האָבן געקעמפט און וועלן דערגרייכן, גלייכע עקאָנאָמישע, פּאָליטישע, קולטורעלע רעכט, גלייך מיט אלע בירגער פון פארשיידענע שפּראכן; זיי האָבן געקעמפט און וועלן קעמפן צו שאפן א געמיינזאמען פראָנט קעגן די געמיינזאמע שונאים, די אויסנוצערס און די אונטערדריקערס, נישט קיין חילוק צו וועלכער נאציאָנאליטעט זיי געהערן; זיי האָבן געקעמפט און וועלן ווייטער אנטשלאָסן קעמפן, אינעם גייסט פונעם פּראָלעטארישן אינטערנאציאָנאליזם, וועגן דער פריינטשאפט פונעם רומענישן פאָלק מיט די מיטלעבנדיקע באפעלקערונגען.

די גאנצע צייט האָט משהלע געשוויגן. ער האָט באנומען יעדעס וואָרט. ס'האָט אים געחידושט, פון וואנען האָט שמעון באקומען אזויפיל ידיעות בנוגע דער נאציאָנאלער פראגע? ער האָט זיין חבר געפרעגט: — פון וואנען קומט צו דיר אזא בקיאות אין דער נאציאָנאלער פראגע?

שמעון האָט אים חבריש געקלאַפּט אויף דער פּלייצע, געקוקט גלייך אין די אויגן. געוואָלט דאַרט זען, צי ס'איז אים שוין קלאָר, צי חקרנט ער זיך ווייטער. דאָס אַלץ האָב איך געלערנט ביי די קלאַסיקער פונעם מאַרקסיזם, וואָס האָבן באַהאַנדלט די דאָזיקע פראַגע, האָט ער צוגעגעבן.

— כ'וועל דיר צושיקן מאַטעריאַלן, וועלכע דו וועסט דורכשטודירן און דעמלט וועסטו פאַרשטיין, אַז מאַרקסיזם איז נישט סתם „לייענעכץ“, נאָר דאָס איז אַ פּאָזיטיווע וויסנשאַפט, וועלכע מ'דאַרף שטודירן מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט און מיט דעם גרעסטן ערנסט.

— איך האָב דאָ אָנגעוואָרפן, אין עטלעכע אַלגעמיינע שטריכן, דאָס אָנגעווייטיקטע פּראָבלעם. מ'דאַרף זיין ערלעך און זייער אויפמערקזאַם, מ'זאָל נישט געשטרויכלט ווערן. דאָס זאָגט דיר דיין יונגנט-חבר, שמעון. זיי אויפמערקזאַם! גיב אַכטונג!

# קאַפּיטל XXIII

גאַנץ פרי איז משהלעס מוטער שוין געשטאַנען אויף די פיס, זיך געאײַלט אַרויסלויפן עפּעס קויפן פאַר דער שווערער משפחה, ס'זאָל קאָסטן וואָס ביליקער. עפּעס אײַנשפּאָרן. איידער זי האָט זיך אײַנגעהילט אין שאַל איז זי שטיל צוגעקומען צו משהלעס געלעגער און זיך אײַנגעקוקט אין זײַן אומרויִק פּנים. זי האָט פאַרגעסן, אַז ס'וואַרט אויף איר אַ באַרג מיט אַרבעט. וואָס וואָלט זי נישט געטון זי זאָל געוווּ וויסן, ווי ער ווערט פאַרפאַלן גאַנצע טעג, קומט אַהיים שפּעט אין דער זינקענדיקער נאַכט? קיינער ווייסט נישט און פילט נישט איר האַרץ. שווערער פון אַלעמען איז איר איבערצוטראָגן דאָס אויקען זײַנס — דעם מאַנס. יעדער קוק זײַנער נעמט זי דורך ווי אַ שפּיז. דאָס איז בײַטאָג; בײַנאַכט, ווער שמועסט נאָך, אַז ס'איז שוין פאַריבער די האַלבע נאַכט און דער זייגער האָט אויסגעקלונגען איינס, און צומאָל צוויי, אָדער נאָך שפּעטער, פלעגט זיך אָנהויבן די פאָלגענדיקע סצענע: צום ערשטן האָט זיך אָנגעהויבן אַ הוסט, אַ שפּיציקער, אַ שאַרפער; נאָך עטלעכע ווײַלעס, ווי ס'האָט אים אָפּגעלאָזט, פלעגט זי זען, ווי זײַן נאָז איז אויסגעצויגענער און שפּיציקער געוואָרן; זײַן מאָגער פּנים האָט אויסגעזען ווי קאַלעך, בײַ דער שײַן פון דער לבנה, וואָס האָט אַרײַנגעקוקט דורך דעם אויבערשטן פענצטערל; די אויגן זײַנע, שוואַרצע ווי קויל, זענען טיפער געוואָרן ווי דער ברונעם; דאָס קאָפּל פלעגט אים אַראָפּפאַלן פון זײַן אומרויִקן קאָפּ, די מאָגערע בײנערדיקע, ציטערדיקע לינקע האַנט פלעגט עס צוהאַלטן — אויף וועלכער די אָדערן זענען אַלץ בולטער געוואָרן; די צונג האָט ווי נישט געוואָלט פאָלגן און אויספירן איר פליכט, זי זאָל זאָגן,

אויסשיטן די גאנצע תוכחה אויף דעם זונאָק, אויף דעם וואָס איז ארויס לתרבות-רעה, דער וואָס גייט אויף די וועגן פון די מורדים, די מורדי במלכות. ער האָט אָבער דאָס נישט געקאָנט ארויס זאָגן, מ'האָט נאָר געהערט: טא, טאטאטא, און נאָך א מאָל טאטאטא, ביז ער האָט אָנגעהויבן רערן:

— כ'האָב מיר קיינמאָל נישט געקאָנט אויסמאָלן, אז פון יוצאי־חלצי זאָל ארויסקומען אזא אויסוורף. ער איז דאָך א פשוטער כופר בעיקר! ווי קומט אזעלעכס צו מיר? באלד קומען אים פאָר די תעניתים און סיגופים, און דער עיקר, דאָס לערנען זיינס, דאָס דאווגען זיינס, אין וועלכן ער האָט אריינגעלייגט אזויפיל כוונה. וואָס האָט ער געזינדיקט, אז אזעלעכס זאָל זיך צו אים נעמען?

מיטאמאָל ווערט זיין קול שטארקער, ווילדער. די הינער, פונעם הויף, האָבן זיך אויפגעכאפט, דערשראָקענע, געמיינט מן הסתם, אז דער שכויר איז זיי ווידער געקומען אָפדרייען די קעפּלעך.

— דו ביסט די איינציקע שולדיקע! דו האָסט אריינגעבראכט דעם פושע-ישראל, דעם לערער. ער האָט דאָס זיי אומגליקלעך געמאכט. די קינדער מיינע, ער האָט זיי אראָפּגעפירט פונעם גלייכן וועג. זאָלסט אים זאָגן, דעם זון דיינעם, אז כ'וויל שוין זיין טרפהנעם פרצוף נישט אָנקוקן! זאָל ער גיין צו אלדי גוטע יאָר! (געמיינט: „שווארצע").

און איר פלעגט דעמלט טריפן בלוט פונעם הארץ. די הויט פונעם וואקסענעם פנים פלעגט איר מער אויסגעצויגן ווערן, די אויגן פארלירן דעם גלאנץ, ווערן מוטנע. איר גאנצער גוף מאכטלאָז. זיצדיק אָבער צו-קאָפּנס פון איר זון, פלעגט זי צוביסלעך קומען צו זיך; ווען ער האָט אויפגעמאכט די אויגן, און באגעגנט אירע, איז זי געוואָרן פרייליכער, דער פריערדיקער אומעט פלעגט פארשווינדן און געמאכט פלאץ פאר אויפרישנדע האָפענונגען, וואָס זי האָט געזוכט אין משהלעס פארחלומטע, פארכישופטע אויגן. אזוי פלעגט זי קוקן און קוקן... ביז זי האָט נישט גע-זען זיינע ליכטיקע אויגן, האָט זי נישט אָפּגעטראָטן, נישט געהאט קיין כוח. ווי שטארק איז זי אָבער געוואָרן, ווען זי האָט זיי געזען! פייל-אויסן בויגן איז זי געלאָפן, אָפּגעטון אנדערע ארבעטן, ווי ס'פאסט פאר אן אשת חיל. און אויף אים, אויף איר מאן, פלעגט זי קוקן מיט רוגז, שפּאָט, רחמנות און גלייכגילטיקייט. ווייל זי איז דאָך באמת געווען אומשולדיק, ריין ווי א טויב. און דער עיקר, גוט — אָן א ברעג,

ענדע פון ערשטן טייל

לעקטאָר: איזאָ שאפּירא
טעכנישער רעדאקטאָר: שט. לעפּאיעוו

פאָרמאט 86×61/16. זייטן 196, דערשינען 1975
געבונדן 1/1 טיראזש: 65 + 400
פּאפּיר: טיפּ A 80גר. 1 פּאָרטרעט. פארלאגס־
בויגן 9,77. דרוק־בויגן 12,25 A 2136.

פּאָליגראפישע אונטערנעמונג דער 13 טער
דעצעמבער 1918. בוקארעשט. סאָציאליסטישע
רעפּובליק רומעניע.